פ. דאָסטאָיעווסקי

# ערנידעריגטע
## און
# באַליידיגטע

ראָמאַן אין 4 טיילען און 2 בענדער.

---

איבערזעצט פון
מארק שווייד.

---

באנד II.




ארויסגעגעבען פון
MAX JANKOVITZ
179 E. BROADWAY, N. Y.

# דריטער טייל.

## ערשטער קאפיטעל.

דער פארנאכט איז שוין לאנג צוגעפאלען, עס איז שוין געווארען אווענד, און נאר דאמאלסט ערשט האב איך ערוואכט פונ'ם שרעקליכען קאשמאר און האב מיך דערמאנט אן דער געגענוואַרט.

— נעלי, — האב איך געזאגט: — אט ביזטו איצטער קראנק, אויפגערעגט, און איך מוז דיך איבערלאזען אליין, אנ'אויפגערעגטע און אין טרערען. מיין פריינד! זיי מיר מוחל און וויים, אז דא איז אויך דא א ליעב בעשעפעניש, וועלכען מען איז ניט מוחל, א בעשעפעניש וואס איז אומגליקליך, באליידיגט, פארלאזט. זי ווארט אויף מיר, און מיך אליין ציהט עס איצטער נאך דיין ערצעהלונג אזוי, אז איך וועל עס, דאכט זיך, ניט איבערטראגען, ווען איך וועל זי ניט זעהען באלד, די מינוט...

איך וויים ניט, צי נעלי האט פארשטאנען אלץ, וואס איך האב איהר געזאגט. איך בין געווען אויפגערעגט אי פון דער ערצעהלונג, אי פון דעם וואס איך בין ניט לאנג צוריק קראנק געווען; נאר איך האב מיך א ווארף געטהאן צו נאטאשא'ן. עס איז שוין געווען שפעט, א זייגער ניין, ווען איך בין אריין צו איהר.

נאך אויף דער גאס, ביים טויער פון הויז, אין וועלכען נאטאשא האט געוואוינט, האב איך בעמערקט א קליינע אפענע קארעטע, און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס איז דעם קניאז'ס קארעטע. דער אריינגאנג צו נאטאשא'ן איז געווען פונ'ם הויף. אזוי ווי איך האב נאר גענומען ארויפגעהן אויף די שטיעגען, האב איך דערהערט פאר מיר, מיט א האלבען שטאק העכער, א מענש, וואס איז ארויפגעגאנגען פאמעליך, פארזיכטיג, הפנים, ער איז ניט באקענט געווען מיט דעם ארט. מיר איז פארגעקומען, אז דאס מוז זיין דער קניאז; נאר אין גיכען האב איך גענומען גלויבען, אז דאס איז ניט ער. דער אומבאקאנטער האט, ארויפגעהענדיג, געווארטשעט און געשאלטען דעם וועג, און

וואס העכער ער איז ארויפגעגאנגען, אלץ שטארקער און ענערגישער האט ער געשאלטען. פארשטעהט זיך, די שטיעגען זיינען געווען שמאל, שמוציג, געדרעהט, קיינמאל ניט בעלויכטען; נאר אזעלכע זיעדלע־רייען, ווי די וואס האבען זיך אנגעהויבען אויפ'ן דריטען שטאק, וואלט איך אויף קיין פאל ניט געקענט צושרייבען דעם קניאז: דער מענש, וואס איז ארויפגעגאנגען אויף די שטיעגען, האט זיך געזיעדעלט, ווי א פוהרמאן. נאר אויפ'ן דריטען שטאק איז שוין געווען ליכטיג; ביי נאטאשא'ס טהיר האט געברענט א קליין לעמפעלע. ביי דער סאמע טהיר האב איך דעריאגט מיין אומבעקאנטען, און ווי גרויס איז געווען מיין ערשטוינונג, ווען איך האב אין איהם דערקענט דעם קניאז. דאכט זיך, איהם איז געווען שרעקליך אונאנגענעהם זיך אזוי פלוצלונג צו בעגעגענען מיט מיר. דעם ערשטען אויגענבליק האט ער מיך ניט דער־קענט; נאר פלוצלונג האט זיך דאס גאנצע פנים זיינס פארענדערט. זיין ערשטער, בייזער בליק אויף מיר פול מיט האס, איז פלוצלונג גע־ווארען העפליך און פרעהליך, און ער האט מיט עפעס אנ'אומגעווהנ־ליכער פרייד מיר אויסגעשטרעקט ביידע הענט.

— אך, דאס זענט איהר! און איך האב מיך נארוואס געוואלט אוועקשטעלען אויף די קניה און בעטען ביי גאט ער זאל מיר ראטעווען דאס לעבען. איהר האט געהערט, ווי איך האב מיך געזיעדעלט?

און ער האט זיך אויף א גאנץ פשוט'ן אופן שטארק צולאכט. נאר פלוצלונג האט זיין פנים אנגענומען אנ'ערנסטען און פארזארגטען אויסדרוק.

— און אליאשא האט עס געקענט אריינזעצען נאטאליא ניקא־לאיעווגא'ן אין אזא דירה! — האט ער זיך אנגערופען, שאקלענדיג מיט'ן קאפ. — אט א די אזוי גערופענע קלייניגקייטען בעדייטען דעם מענש. איך שרעק מיך פאר איהם. ער איז גוט, ער האט אנ'איי־דעל הארץ, נאר אט האט איהר א ביישפיעל: האט ליעב אהן א זין, און זעצט אריין די וועלכע ער האט ליעב, אין אזא לאך. איך האב אפילו געהערט, אז טיילמאל איז קיין ברויט ניט געווען, — האט ער צוגעגעבען שעפטשענדיג, זוכענדיג דאס הענטיל פונ'ם גלעקיל. — דער קאפ פלאצט מיר, ווען איך גיב א טראכט וועגען זיין צוקונפט, און דערהויפט וועגען אננא ניקאלאיעווגא'ס צוקונפט, ווען זי וועט זיין זיין פרוי...

ער האָט א טעות געהאט אין דעם נאָמען און האָט דאָס ניט בע־מערקט, מיט אָפענעם צאָרן ניט געפינענדיג דאָס גלעקעל. נאָר קיין גלעקעל איז טאקע ניט געוועזען. איך האָב א דריק געטהאָן די קליאמ־קע און מאוורא האָט אונז גלייך געעפענט און אונז ריהרעוודיג בע־געגענט. אין קיך, וועלכע האָט זיך אָבגעטהיילט פון דעם קליינטשיגען פאָדערצימער מיט א הילצערן ווענטיל, האָט מען דורך דער אָפענער טהיר בעמערקט געוויסע פארברייטונגען; אלץ איז געוועזען עפּעס ניט אזוי ווי שטענדיג, אויסגעשייערט און אויסגערייניגט; אין אויווען האָט געברענט פייער; אויפ׳ן טיש איז געשטאנען עפּעס א נייע כלי. מען האָט געזעהען, אז מען האָט געוואַרט אויף אונז. מאוורא האָט גע־שווינד געגומען אונז אויסטהאָן די מאַנטלען.

— אליאַשאַ איז דאָ? — האָב איך זי געפרעגט.

— ער איז ניט געוועזען, — האָט זי מיר איינגערוימט אזוי ווי א סוד.

מיר זיינען אריין צו נאַטאַשאַ׳ן, אין איהר צימער זיינען ניט גע־וועזען קיין בעזונדערע פאָרברייטונגען; אלץ איז געווען ווי פריהער. איבריגענס, ביי איהר איז שטענדיג געווען אלץ אזוי ריין און פיין, אז עס איז ניט געוועזען וואס צוצורוימען. נאַטאַשאַ האָט אונז בעגעגענט, שטעהענדיג ביי דער טהיר. איך בין איבעראשט געווען פון איהר קרענקליכער דארקייט און אויסערגעוועהנליכער בלייכקייט פון איהר פּנים, כאָטש א רויטקייט האָט א בליץ געטהאָן אויף א רגע אויף איהרן טויט־בלייכע באקען. די אויגען זיינען געוועזען ווי אין פיעבער. זי האָט שווייגענדיג און שנעל אויסגעשטרעקט דעם קניאז די האַנט, און מען האָט געקענט בעמערקען, אז זי פארלירט זיך. אויף מיר האָט זי אפילו ניט א קוק געטהאָן. איך בין געשטאַנען און שווייגענדיג געוואַרט.

— און אָט בין איך אויך דאָ! — האָט דער קניאז פריינדליך און פרעהליך א זאָג געטהאָן: — עס איז ערשט עטליכע שעה ווי איך האָב מיך אומגעקעהרט. די גאנצע צייט זענט איהר מיר ניט ארוים פון געדאַנק (ער האָט צאַרט א קוש געטהאָן איהר האַנט); — און וויפיעל, וויפיעל האָב איך עס איבערגעטראַכט וועגען אייך! וויפיעל איך האָב עס אויסגעטראַכט אייך צו דערצעהלען, איבערגעבען... נו,

מיר וועלען זיך שוין אויסרעדען! ערשטענס, מיין ארומלויפער, וועל־כער איז נאך דא נישטא, ווי איך זעה...

— ערלויבט מיר, קניאז, — האט איהם נאטאשא איבערגעשלא־גען, און איז געוואָרען רויט און צוטומעלט: — איך דארף איוואן פיעטראָוויטש'ן זאגען צוויי ווערטער. וואניא, קום נאר... צוויי ווער־טער...

זי האט מיך אנגעכאפט ביי דער האנט און מיך צוגעפיהרט היג־טער'ן ווענטיל.

— וואניא, — האט זי שטיל געזאגט, אריינפיהרענדיג מיך אין טונקעלסטען ווינקעל: — וועסטו מיר מוחל זיין צי ניט?

— נאטאשא, גענוג, וואס רעדסטו?

— ניין, ניין, וואניא, דו האסט מיר צו אפט און צופיעל מוחל געווען, אבער יעדעס געדולד האט דאך א סוף. דו וועסט מיך קיינ־מאל ניט אויפהערען ליעב צו האבען, איך וויים, נאר דו וועסט מיך רופען ניט דאנקבארער מענש, און איך בין נעכטען און אייערנעכטען געווען פאר דיר ניט דאנקבאר, עגאאיסטיש, גרויזאם...

זי האט זיך פלוצלונג בעגאסען מיט טרערען און זיך צוגעדריקט מיט'ן פנים צו מיין פלייצע.

— גענוג, נאטאשא, — האב איך צו איהר גערעדט. — איך בין דאך זעהר קראנק געווען א גאנצע נאכט: אפילו איצטער שטעה איך דאך נאך קוים אויף די פיס, און דערפאר בין איך ניט אריינגעקומען נעכטען אוועגד, ניט היינט, און דו מיינסט, אז איך בין ברוגז גע־וואָרען. טייערע מיינע, צי וויים איך דען ניט, וואס עס קומט איצטער פאר אין דיין נשמה?

— נו גוט... הייסט עס, האסט מיר מוחל געווען ווי שטענדיג, — האט זי געזאגט, שמייכלענדיג דורך טרערען און דריקענדיג מיין האנט ביז וועהטאג. — דאס איבריגע שפעטער. איך האב דיר א סך צו זא־גען, וואניא, און איצטער צו איהם...

— שנעלער, נאטאשא; מיר האבען איהם אזוי פלוצלונג איבער־געלאזט...

— אט וועסטו זעהען, וועסט זעהען, וואס עס וועט זיין, — האט זי מיר שנעל איינגערוימט. — איך וויים איצטער אלץ; איך האב אלץ

געטראָפען. שולדיג איז אלעם איז ע ר. דער הייגטיגער אָווענד וועט א סך בעשליסען. קום!

איך האָב ניט פארשטאַנען, נאָר עס איז ניט געווען קיין צייט צו פרעגען. נאַטאַשאַ איז ארויס צום קניאז מיט א ליכטיג פנים. ער איז נאָך אלץ געשטאַנען מיט'ן הוט אין דער האנט. זי האָט זיך פאר איהם לוסטיג ענטשולדיגט, האָט ביי איהם גענומען דעם הוט, האָט איהם אליין צוגערוקט א שטוהל, און מיר האָבען זיך אלע דריי אוועק־געזעצט ארום דעם טישעל.

— איך האָב אָנגעהויבען וועגען מיין ארומלויפער, — האָט ווייטער געדעדט דער קניאז. — איך האָב איהם געזעהען נאָר איין מינוט, און דאָס אויף דער גאַס, ווען ער האָט זיך געזעצט אוועקפאָהרען צו דער גרעפין זינאַאידא פיאָדאָראָוונא. ער האָט זיך שרעקליך געאיילט, און שטעלט אייך פאָר, ער האָט אפילו ניט געוואָלט אויפשטעהן אריינצוגעהן מיט מיר אין הויז, נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך פיער טעג ניט געזעהען. און מיר דאכט זיך, נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונא, אז איך בין שולדיג אין דעם, וואָס ער איז איצטער ניט ביי אייך און וואָס מיר זיינען געקומען פאר איהם; איך האָב אויסגענוצט די געלעגענהייט, און אזוי ווי איך האָב היינט אליין ניט געקענט זיין ביי דער גרעפין, האָב איך איהם איבערגעגעבען אויסצופיהרען א קלייניגקייט, אבער די מינוט וועט ער דאָ זיין.

— ער האָט אייך מסתמא צוגעזאָגט צו קומען היינט? — האָט נאַטאַשאַ געפרעגט, קוקענדיג גאַנץ גלייכגילטיג אויף'ן קניאז.

— אַך, גאָט מייגער, ער זאָל נאָך ניט קומען; וואָס הייסט איהר פרעגט נאָך? — האָט ער אויסגערופען, קוקענדיג אויף איהר מיט פאַרוואונדערונג. — איבריגענס, איך פארשטעה, איהר זענט אויף איהם ברוגז. ס'איז ווירקליך ניט אזוי פיין פון זיין זייט צו קומען שפּעטער פון אלע. נאָר איך זאָג דיר נאָכאמאָל, שולדיג אין דעם בין איך. זייט אויף איהם ניט ברוגז. ער איז לייכטזיניג, אנ'ארומפליהער; איך פארטיידיג איהם ניט, נאָר געוויסע בעזונדערע אומשטענדען פאָדערען, אז ער זאָל איצטער ניט נאָר ניט פארלאָזען דער גרעפינ'ס הויז און געוויסע אנדערע פארבינדונגען, נאָר פאַרקערט, ער זאָל זיך וואָס עפטער ווייזען דאָרט. נו, און אזוי ווי ער טרעט איצטער וואַרשיינליך ניט אָפּ פון אייך און האָט פארגעסען אלץ אין דער וועלט, זאָלט איהר

דערפאַר ניט ברוגז זיין, ווען איך וועל איהם טיילמאָל אָוועקנעמען אויף אַ שעה־צוויי ניט מעהר וועגען מיינע אַנגעלעגענהייטען. איך בין זיכער, אַז ער איז נאָך קיין איינציג מאָל ניט געוועזען ביי דער גרעפין ק. פון יענעם אָוונד אַן, און עס פאַרדריסט מיך אַזוי, אַז איך האָב איהם נאָך גאָרנישט געפרעגט וועגען דעם!...

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף נאַטאַשאַ'ן. זי האָט אויסגעהערט דעם קניאַז מיט אַ לייכטען, האַלב־חוזק'דיגען שמייכעל. נאָר ער האָט גערעדט אַזוי גלייך, אַזוי נאַטירליך. דאַכט זיך, עס איז קיין מעג־ליכקייט ניט געווען איהם אין וואָס עס איז צו פאַרדעכטיגען.

— האָט איהר ווירקליך ניט געוואוסט, אַז ער איז ביי מיר די גאַנצע צייט קיין איינציג מאָל ניט געוועזען? — האָט נאַטאַשאַ גע־פרעגט מיט אַ שטילער רוהיגער שטים, גלייך זי וואָלט גערעדט וועגען דער געוועהנליכסטער זאַך אין דער וועלט.

— וואָס! קיין מאָל ניט געווען? ערלויבט נאָר, וואָס רעדט איהר! — האָט דער קניאַז געזאָגט מיט אַ פּנים פון גרויסער פאַר־וואונדערונג.

— איהר זענט געווען ביי מיר דיענסטאַג, שפּעט אין אָוונד; צו־מאָרגענס אין דער פריה איז ער אריין צו מיר אויף אַ האַלבע שעה, און פון דאַמאָלס אַן האָב איך איהם קיין איינציג מאָל גיט געזעהען.

— אָבער דאָס איז דאָך אונגלויבליך! (ער איז אַלץ מעהר און מעהר ערשטוינט געוואָרען). איך האָב דאָך געמיינט, אַז ער געהט גאָרנישט ארויס פון אייער הויז. ענטשולדיגט, דאָס איז אַזוי מאָדנע... איינפאַך אונגלויבליך...

— נאָר דאָך איז עס אמת, און עס טהוט מיר זעהר לייד: איך האָב אומיסטען געוואַרט אויף אייך, איך האָב געדענקט טאַקע פון אייך געוואָר צו ווערען וואו ער געפינט זיך?

— אַך, גאָט מיינער! ער וועט דאָך דאַ באַלד זיין! נאָר דאָס וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, האָט מיך אַזוי איבעראַשט, אַז איך... בין אייך מודה, אַז איך האָב פון איהם אַלץ ערוואַרט, נאָר דאָס... דאָס!

— ווי ערשטוינט איהר זענט! און איך האָב געמיינט, אַז איהר וועט גאָרנישט ערשטוינט ווערען, נאָר פאַרקערט, אַז איהר האָט אפילו פריהער געוואוסט, אַז אַזוי וועט זיין.

— געוואוסט! איך? אבער איך פארזיכער אייך, נאטאליא ניקאָלאַיעווגא, אז איך האָב איהם היינט נאָר איין מינוט געזעהען און מעהר האָב איך קיינעם וועגען איהם ניט געפרעגט; און מיר קומט פאַר מאָדנע, וואָס איהר בעציהט זיך אזוי, גלייך ווי איהר וואָלט מיר נישט געגלויבט, — האָט ער ווייטער גערעדט, קוקענדיג אויף אונז ביידע.

— זאָל גאָט היטען, — האָט נאטאשא אונטערגעכאַפּט: — איך בין פאַלשטענדיג איבערצייגט, אז איהר האָט געזאָגט דעם אמת.

און זי האָט זיך ווידער צולאכט, דעם קניאז גלייך אין די אויגען אריין, אזוי, אז עס האָט איהם אזוי ווי דורכגעשטאָכען.

— ערקלערט וואָס איהר מיינט, — האָט ער א צוטומעלטער געזאָגט.

— דאָ איז נישטאָ וואָס צו ערקלערען, איך רעד גאנץ פשוט. איהר ווייסט דאָך, ווי גרינג ער איז, ווי לייכט ער פארגעסט. נו, איצטער אזוי ווי מען האָט איהם געגעבען פאָלשטענדיגע פרייהייט, האָט ער זיך פארגעסען.

— אָבער אזוי זיך פארגעסען איז דאָך אונמעגליך, דאָ איז עפּעס יאָ פארהאַן, און אזוי גיך ווי ער וועט קומען וועל איך איהם צווינגען קלאָר צו מאכען די זאַך. נאָר מעהר פון אלץ וואונדערט מיך, וואָס איהר בעציהט זיך אזוי, גלייך איהר וואָלט מיך אויך אין עפּעס פאַרדעכטיגט, אין דער צייט, ווען איך בין דאָ אפילו ניט געוועזען. און איבריגענס, נאטאליא ניקאָלאַיעווגא, איך זעה, איהר זענט אויף איהם זעהר בייז, — און דאָס איז פארשטענדליך! איהר האָט אויף דעם אלע רעכט, און... און... פארשטעהט זיך, איך בין דער ערשטער שולדיג, נו כאָטש דערפאַר אליין, וואָס איך האָב מיך דער ערשטער אונטערגערוקט; ניט אמת? — האָט ער ווייטער גערעדט, זיך ווענדענדיג צו מיר מיט א גערייצטען שמייכעל.

נאטאשא האָט אויפגעפלאַמט.

— ערלויבט נאטאליא ניקאָלאַיעווגא, — האָט ער ווייטער גערעדט מיט ווירדינקייט: — איך בין איינשטימיג, אז איך בין שולדיג, אבער נאָר אין דעם, וואָס איך בין אויפ'ן צווייטען טאָג פון אונזער בעקאַנטשאַפט אוועקגעפאָהרען, אזוי אז איהר האָט ביי א געוויסער צווייפעלדיגקייט, וואָס איך בעמערק אין אייער כאַראַקטער, שוין צייט

געהאט צו ענדערען אייער מיינונג וועגען מיר, און נאך מעהר דערפאר, ווייל די אומשטענדען האבען דערצו געהאלפען. וואלט איך ניט אוועק־געפאהרען, וואלט איהר מיך בעסער דערקענט, און אליאשא וואלט זיך ניט אזוי אויפגעפיהרט אונטער מיין אויפזיכט. איהר וועט היינט אליין הערען, וואס איך וועל איהם דא אגרעדען.

— דאס הייסט איהר וועט מאכען אזוי, אז איך זאל איהם ווערען א לאסט. עס איז ניט מעגליך, אז איהר זאלט ביי אייער פערשטאנד מיינען, אז אזא מיטעל וועט מיר העלפען.

— צי ווילט איהר מיר נישט אמאל געבען אנ׳אנצוהערעניש, אז איך וויל אומיסטען מאכען אזוי, אז איהר זאלט איהם ווערען א לאסט? איהר באליידיגט מיך, נאטאליא ניקאלאיעוונא.

— איך באמיה מיך וואס ווייניגער צו באנוצען אנצוהערענישען, מיט וועמען איך זאל ניט רעדען, — האט נאטאשא געענטפערט; — פארקערט, איך בעמיה מיך שטענדיג צו רעדען וואס מעגליך אפענער. און איהר וועט אייך, קען זיין, היינט נאך איבערצייגען אין דעם. באליידיגען וויל איך אייך ניט, און עס לוינט ניט, כאטש דערפאר אליין שוין, וואס איהר וועט אייך פון מיינע ווערטער ניט באליידיגען, וואס איך זאל אייך ניט זאגען. אין דעם בין איך פאלשטענדיג איבערצייגט, דערפאר ווייל איך פארשטעה אויסגעצייכענט אונזערע געגענזייטיגע באציהונגען: איהר קענט דאך זיי ניט באטראכטען ערנסט, ניט אזוי? נאר אויב איך האב אייך ווירקליך באליידיגט, דאן בין איך בערייט צו בעטען ענטשולדיגונג, צו ערפילען געגען אייך אלע פליכטען פון... גאסטפריינדשאפט.

ניט קוקענדיג אויף דעם לייכטען און זאגאר שפאסיגען טאן, מיט וועלכען נאטאשא האט ארויסגעבראכט די גאנצע פראזע, מיט א נע־לעכטער אויף די ליפען, האב איך זי נאך קיינמאל ניט געזעהען אזוי ווייט אויפגערעגט. ערשט איצטער האב איך פארשטאנען, ווי ווייט דאס הארץ איז איהר געוועזען אנגעוועהטאגט אין די דריי טעג. איהרע רעטזעלהאפטע ווערטער: אז זי ווייסט שוין אלץ און האט זיך שוין וועגען אלעם אנגעשטויסען, האבען מיך דערשראקען; זיי האבען געהערט גלייך צום קניאז. זי האט געענדערט איהר מיינונג וועגען איהם און האט געקוקט אויף איהם, ווי אויף איהרען א שונא, — דאס האט מען געזעהען. אלץ וואס האט זיך איהר ניט איינגעגעבען מיט

אליאשא'ן האט זי וויזט אוים צוגעשריבען צו זיין איינפלוס, און זי האט אפשר געהאט אורזאכען דערצו. איך האב מורא געהאט פאר א פלוצלינגער סצענע צווישען זיי. איהר שפאסיגער טאן איז געווען צו אפען, צו ניט פארדעקט. נאר איהרע לעצטע ווערטער צום קניאז וועגען דעם, אז ער קען ניט בעטראכטען זייערע בעציהונגען ערנסט, די פראַזע וועגען ענטשולדיגונג אלס א פליכט פון גאסטפריינדשאפט; איהר צוזאג, אין דער פארם פון א דראהונג, צו באווייזען איהם נאך הייני טיגען אווענד, אז זי קען רעדען אפען, — דאס אלץ איז געווען אויף אזוי ווייט גיפטיג און ניט מאסקירט, אז עס איז ניט געווען קיין מעגליכקייט, אז דער קניאז זאל דאס אלץ ניט פארשטעהן. ער האט גלייך געמאכט א פנים, אז ער האט ניט באמערקט די ווערטער, האט ניט פארשטאנען זייער אמת'ן זין און, פארשטעהט זיך, ער האט זיך ארויסגעדרעהט מיט א שפאס.

— זאל מיך גאט אבהיטען צו פאדערען אנ'ענטשולדיגונג! — האט ער אונטערגעכאפט, לאכענדיג. — ניט דאס האב איך גאר געוואלט, און עס איז ניט מיין נאטור צו פאדערען ענטשולדיגונג פון א פרוי. נאך דאמאלס ווען מיר האבען זיך צום ערשטען מאל געזעהען, האב איך אייך טיילוויין געווארענט וועגען מיין כאראקטער און דערפאר וועט איהר, ווארשיינליך, ניט ברוגז זיין אויף מיר פאר איין באַמערקונג, דערצו נאך, ווייל עס וועט זיין אין אלגעמיין וועגען אלע פרויען; איהר וועט ווארשיינליך, אויך זיין איינשטימיג מיט דער בעמערקונג, — האט ער ווייטער גערעדט, מיט העפליכקייט זיך ווענדענדיג צו מיר. — נעמליך, איך האב בעמערקט — אין דער פרוי'ס כאראקטער איז פאראן אזא שטריך, אז אויב, צום ביישפיעל, א פרוי איז אין עפעס שולדיג, וועט זי גיכער איינשטימען שפעטער, נאכדעם, צו פארגלעטען איהר שולד מיט טויזענד צערטליכקייטען, איידער אין דער מינוט, אין דער צייט ווען מען זעהט איהר פעהלער, זיך מודה זיין אין צו בעטען ענטשולדיגונג. און דערפאר, ווען מען זאל איצטער צוגעבען, אז איהר האט מיך באליידיגט, וויל איך איצטער, אין דער מינוט אומיסטען ניט, אז איהר זאלט ביי מיר בעטען ענטשולדיגונג; מיר וועט באקוועמער זיין שפעטער, ווען איהר וועט איינזעהען אייער פעהלער און איהר וועט איהם ווען פארגלעטען פאר מיר... מיט טויזענדער צערטליכקייטען. און איהר זענט אזוי גוט, אזוי ריין,

פריש, אזוי אפען, אז די מינוט ווען איהר וועט חרטה האבען, פיהל איך פריהער, וועט זיין וואונדערבאר. און שטאט אנ'ענטשולדיגונג, זאגט מיר בעסער איצטער, צי וואלט איך ניט געקענט היינט נאך, אייך בעווייזען מיט וואס עס איז, אז איך בעגעה מיך מיט אייך א סך אפענ־הערציגער און גראדער, ווי איהר דענקט וועגען מיר?

נאטאשא איז רויט געווארען. מיר האט זיך אויך אויסגעוויזען, אז אין דעם קניאז'ס ענטפער האט זיך געהערט שוין עפעס א צו לייכ־טער, זאגאר א נאכלעסיגער טאן, עפעס א ניט בעשיידענע שפאסיגקייט.

— איהר ווילט מיר בעווייזען, אז איהר זענט מיט מיר גראד און אפענהערציג? — האט נאטאשא געפרעגט, קוקענדיג אויף איהם מיט אנ'ארויסרופענדיגען בליק.

— יא.

— אויב אזוי, טהוט מיר וואס איך בעט אייך.

— איך גיב אייך פריהער מיין ווארט.

— אט וואס איך בעט אייך: איהר זאלט מיט קיין איינציג ווארט, מיט קיין איינציגען אנצוהערעניש וועגען מיר ניט בעאונרוהיגען אליאשא'ן ניט היינט, ניט מארגען. קיין איינציגען פארוואורף דער־פאר, וואס ער האט מיך פארגעסען; קיין איין פרעטענציע; איך וויל איהם געמליך בעגעגנען אזוי, גלייך עס וואלט צווישען אונז גארנישט געוועזען, אז ער זאל אפילו גארנישט קענען בעמערקען. איך דארף אזוי. וועט איהר מיר געבען אזא ווארט?

— מיט'ן גרעסטען פארגניגען, — האט דער קניאז געענטפערט:

— און ערלויבט מיר צוצוגעבען פון גאנצען הארצען, אז איך האב זעלטען אין אימעצען בעגעגענט א קלוגערען און העלערען בליק אויף אזעלכע זאכען... אבער אט, דאכט זיך, איז טאקע אליאשא.

ווירקליך אין פאדערצימער האט זיך דערהערט א גערויש. נאטא־שא האט א ציטער געטהאן און האט זיך אזוי ווי צו עפעס צוגעגרייט. דער קניאז איז געזעסען מיט אנ'ערנסטער מינע און אבגעווארט וואס דא וועט זיין; ער האט אויפמערקזאם נאכגעקוקט נאטאשא'ן. נאר די טהיר האט זיך געעפענט און אליאשא איז אריינגעפלויגען צו אונז.

---

## צווייטער קאפיטעל.

אריינגעפלויגען איז ער מיט עפעס א שיינענדיג פנים, פול מיט פרייד און פרעהליך. מען האט געזעהען, אז ער האט פרעהליך און גליקליך פארבראכט די פיער טעג. אויף איהם איז געווען אזוי ווי אויפגעשריבען, אז ער האט אונז געוואלט עפעס דערצעהלען.

— און אט בין איך! — האט ער אויסגערופען איבער'ן גאנצען צימער. — דער, וואס וואלט בעדארפט זיין פריהער פון אלע. — אבער איהר וועט באלד געוואר ווערען אלץ, אלץ, אלץ! ערשט, פאפא, האבען מיר ניט קיין צייט געהאט, קיין צוויי ווערטער איבערצוזאגען צווישען זיך, און איך האב דיר א סך צו זאגען. דאס ערלויבט ער מיר נאר אין די גוטע מינוטען זיינע צו זאגען איהם: ד ו, — האט ער איבערגעריסען, זיך ווענדענדיג צו מיר; — אויף מיין ווארט, טייל־מאל פארביעט ער עס מיר! און וואס פאר א טאקט עס בעווייזט זיך צו איהם באלד: ער הייבט מיר אליין אן צו זאגען: א י ה ר. אבער פון היינט אן וויל איך, אז עס זאל ביי איהם שטענדיג זיין א גוטע מי־נוט, און איך וועל עס טהאן! אין אלגעמיין האב איך מיך אינגאנצען געענדערט אין די פיער טעג, אינגאנצען, אינגאנצען געענדערט און איך וועל אייך אלץ דערצעהלען. אבער דאס קומט נאך. און די הויפט־זאך איז איצטער: אט איז זי! אט איז זי! ווידער! נאטאשא, טיי־בעלע, וואס מאכסטו, מלאך מיינער! — האט ער געזעצט, זעצענדיג זיך נעבען איהר און האט דורשטיג געקושט איהר האנט, — אוי, ווי איך האב געבענקט נאך דיר די פאר טעג! אבער וואס ווילסטו! — איך האב ניט געקענט! ניט געקענט מיר קיין עצה געבען. טייערע מיינע. דו ביזט אזוי ווי דארער געווארען אביסעל, עפעס א בלאס־סינקע ביזטו געווארען...

ער האט א בעגייסטערטער בעדעקט איהרע הענט מיט קושען, האט גיעריג געקוקט אויף איהר מיט זיינע וואונדערשעהנע אויגען, ווי ער וואלט זיך ניט געקאנט זאט קוקען. איך האב א קוק געטהאן אויף נאטאשא'ן און האב לויט איהר פנים געטראפען, אז מיר האבען גע־האט די אייגענע געדאנקען; ער איז געווען אינגאנצען אומשולדיג. און ווען האט דען דער א ו מ ש ו ל ד י ג ע ר געקענט ווערען שולדיג?

א ליכטיגע רויטקייט האט פלוצלונג פארגאסען נאטאשא'ס בלייכע באקען, גלייך דאס גאנצע בלוט, וואס האט זיך אנגעזאמעלט אין איהר הארץ, וואלט זיך א גאס געטהאן צום קאפ. איהרע אויגען האבען אויפגעבליצט און זי האט שטאלץ א קוק געטהאן אויף'ן קניאז.

— אבער וואו... ביזטו געווען... אזוי פיעל טעג? — האט זי ארויסגערעדט מיט א צוריקגעהאלטענער שטים, וואס האט זיך איבערגעריסען אין מיטען. זי האט שווער און ניט רעגעלמעסיג געאטהעמט. גאט מיינער, ווי ליעב זי האט איהם געהאט!

— אט דאס איז עס, וואס איך בין טאקע אזוי ווי שולדיג אנטקעגען דיר; אבער וואס: א ז ו י ו ו י שולדיג! פארשטעהסט זיך, איך בין שולדיג, און איך ווייס עס אליין, און איך בין געקומען צו פאהרען דערמיט וואס איך ווייס. קאטיא האט מיר געזאגט נעכטען און היינט, אז א פרוי קען ניט מוחל זיין אזא נאכלעסיגקייט (זי ווייסט דאך אלץ, וואס דא איז געווען ביי אונז דיענסטאג. איך האב עס איהר באלד צומארגענס דערצעהלט). איך האב מיך געקריעגט מיט איהר, איהר בעוויזען, געזאגט, אז די פרוי הייסט נאטאשא, און אז אין דער גאנצער וועלט, קען זיין, איז דא איין איינציגע, וואס קען זיך צו איהר פארגלייכען: און דאס איז קאטיא; און איך בין געקומען צופאהרען, פארשטעהסט זיך, ווי סענדיג, אז איך האב געוואונען דעם קריעג. קען דען אזא מלאך, ווי דו, ניט מוחל זיין? „ער איז ניט געווען, — האט איהם זיכער עפעס געשטערט, אבער עס איז ניט דערפאר, וואס ער האט אויפגעהערט ליעב צו האבען", — אט ווי מיין נאטאשא טראכט! און ווי אזוי קען מען דיך אויפהערען ליעב צו האבען? איז דאס דען מעגליך? דאס הארץ טהוט מיר אזוי וועה אויף דיר. נאר דאך בין איך שולדיג! און ווען דו וועסט אלץ געוואר ווערען, וועסטו מיך די ערשטע גערעכט מאכען! באלד וועל איך אלץ דערצעהלען, איך מוז אויסגיסען די נשמה פאר אייך אלע; מיט דעם בין איך געקומען צופאהרען. איך האב געוואלט היינט (איך האב געהאט א האלבע מינוט א פרייע) אריינפליהען צו דיר, דיר א קוש צו טהאן אויף'ן וועג, נאר דאס האט זיך מיר אויך ניט איינגעגעבען: קאטיא האט פארלאנגט איך זאל גלייך קומען צו'ן איהר צוליעב זעהר וויכטיגע זאכען. דאס איז געווען נאך איידער איך בין געזעסען אויף דער דראשקע און דו, פאפא, האסט מיך געזעהן; דאס בין איך שוין דאמאלס צום צווייטען מאל אויף'ן

צווייטען צעטעלע, געפּאָהערן צו קאַטיאַ'ן. ביי אונז לויפען דאָך איצטער גאַנצע טעג מענשען מיט צעטעלעך פון איין הויז אין אַנדערען אריין. איוואן פּיעטראָוויטש, אייער צעטעלע האָב איך ערשט נעכטען ביי־נאכט צייט געהאט איבערצולעזען, און איהר זענט פאַלשטענדיג גע־רעכט אין אַלעם, וואָס איהר האָט דאָרט אָנגעשריבען. אבער וואָס קען מען טהאָן: א פיזישע אומעגליכקייט! האָב איך א טראכט גע־טהאָן: מאָרגען אָוועגד וועל איך מיך שוין פאר אלץ פאַרענטפערען: דערפאר ווייל היינט אָוועגד איז מיר שוין געוועזען אוממעגליך ניט צו קומען צו דיר, נאַטאַשאַ.

— וואָס איז דאָס פאר א צעטעלע? — האָט נאַטאַשאַ גע־פרעגט.

— ער איז ביי מיר געווען, האָט מיך ניט געטראָפען, פארשטעהט זיך, און האָט מיך גוט אויסגעזידעלט אין א בריעף, וואָס ער האָט מיר איבערגעלאָזט, דערפאר וואָס איך קום ניט צו דיר. און ער איז פאַל־שטענדיג גערעכט. דאָס איז געווען נעכטען.

נאַטאַשאַ האָט א קוק געטהאָן אויף מיר.

— אָבער אויב דו האָסט געהאט גענוג צייט צו זיין פון דער פריה ביז ביינאכט ביי קאַטערינא פיאָדאָראָוונא'ן... — האָט דער קניאז גע־האט אָנגעהויבען.

— איך ווייס, איך ווייס וואָס דו וועסט זאָגען, — האָט אַליאַשאַ איבערגעשלאָגען. — „אויב דו האָסט געקענט זיין ביי קאַטיאַ'ן, האָסטו געהאט טאָפּעלטע אורזאכען צו זיין דאָ“. איך בין אינגאנצען איינ־שטימיג מיט דיר, און איך וועל נאָך אליין צוגעבען: ניט טאָפּעלטע אורזאכען, נאָר א מיליאָן מעהר אורזאכען. אבער, ערשטענס, זיינען דאָך פאַרהאַן מאָדנע, אונערוואַרטעטע געשעהענישען אין לעבען, וואָס מישען אלץ איבער און שטעלען עס אַוועק מיט די פיס ארויף. נו, זיי־נען מיט מיר אויך געשעהען אזעלכע זאכען. איך זאָג דאָך אייך, אז איך האָב מיך אין די טעג אינגאנצען געענדערט, אינגאַנצען ביז'ן שפּיץ נאָגעל: איז דאָך הפּנים, אז עס זיינען געווען וויכטיגע אומשטענדען!

— אַך, גאָט, וואָס זשע איז מיט דיר געוועזען! פייניג נישט, איך בעט דיך! — האָט נאַטאַשאַ א געשריי געטהאָן, שמייכלענדיג איבער אַליאַשאַ'ס היציגקייט.

אין דער אמת'ן איז ער געווען אביסעל לעכערליך: ער האָט זיך

נעאיילט, די ווערטער זיינען ביי איהם ארויסגעפלויגען שנעל, אפט, אהן ארדנונג, ווי זיי וואלטען געקלאפט אויף עפעס. ער האט אלץ גע־וואלט רעדען, רעדען, דערצעהלען. נאר דערצעהלענדיג האט ער אלץ גיט אבגעלאזט נאטאשא'ס האנט און האט זי אהן אן אויפהער צוגע־טראגען צו די ליפען, ווי ער וואלט זיך ניט געקענט זאט קושען.

— אט אין דעם געהט עס טאקע, וואס איז מיט מיר געוועזען,— האט אליאשא ווייטער גערעדט. — אך, פריינד מיינע! וואס האב איך געזעהען, וואס האב איך געטהאן, מיט וואס פאר א מענשען איך האב מיך בעקענט! ערשטענס, קאטיא: דאס איז די פאלקאמענהייט אליין! איך האב זי גאר גאר נישט געקענט ביז איצטער! און דאמאלס, דיענס־טאג, ווען איך האב דיר דערצעהלט וועגען איהר, נאטאשא, — גע־דענקסט, איך האב נאך מיט אזא בעגייסטערונג גערעדט, נו, אפילו דאמאלס האב איך זי כמעט אינגאנצען ניט געקענט. זי האט זיך אליין אויסבעהאלטען פון מיר אט ביז איצטער. נאר איצטער האבען מיר זיך פאלשטענדיג בעקענט איינער מיט'ן אנדערען. מיר זיינען שוין איצטער אויף ד ו. אבער איך וועל אנהייבען פון אנהייב: ערש־טענס, נאטאשא, ווען דו וואלסט געקענט כאטש הערען, וואס זי האט גערעדט וועגען דיר, ווען איך האב צומארגענס, מיטוואך, איהר דער־צעהלט, וואס דא איז צווישען אונז געוועזען... יא: און איך דערמאן מיך דערוויילי, וואס פאר א נאר איך בין געווען אנטקעגען דיר, ווען איך בין געקומען צופאהרען צו דיר אין דער פריה, מיטוואך! דו האסט מיך באגעגענט אנ'ענטציקטע, דו ביזט אינגאנצען דורכגעדרונגען מיט אונזער נייער לאגע; דו ווילסט מיט מיר רעדען וועגען דעם אלעם; דו ביזט אומעטיג און אין דער אייגענער צייט שטיפסטו און שפיעלסט דיך מיט מיר; און איך — איך פרווו צו מאכען פון מיר אזא אנשטענדיגען מענש! אוי, נאר! נאר! אויף מיין ווארט, אז מיר האט זיך דאך נאר געוואלט מאכען אזא פנים, איך האב געוואלט ווייזען, אז איך וועל אין גיכען זיין א פארהייראטער מאן, א סאלידער מענש, און האב געפונען פאר וועמען ארויסצעווייזען זיך, — פאר דיר! אוי, ווי דו האסט עס דאמאלס געמוזט לאכען איבער מיר, און ווי איך בין עס ווערט געווען דיין געלעכטער איבער מיר!

דער קניאז איז געזעסען שווייגענדיג און מיט עפעס א פייערליך־איראנישען שמייכעל געקוקט אויף אליאשא'ן. גלייך עס וואלט איהם

געפרעהט, וואָס דער זוהן ווייזט זיך ארויס פון אזא לייכטזיניגען און זאָגאר לעכערליכען פונקט. יענעם גאנצען אווענד האָב איך איהם אויפ־מערקזאם בעטראכט און האָב מיך פאָלשטענדיג איבערצייגט, אז ער האָט אבסאָלוט ניט ליעב דעם זוהן, כאָטש מען האָט גערעדט וועגען זיין צו הייסער פאטערליכער ליעבע.

— נאָך דיר בין איך געפאָהרען צו קאטיא'ן, — האָט אליאָשא געשיט זיין ערצעהלונג. — איך האָב שוין געזאָגט, אז נאָר יענעם פריה־מאָרגען האָבען מיר זיך בעקענט איינער מיט'ן אנדערען, און מאָדנע ווי דאָס איז עפּעס פארגעקומען... איך געדענק אפילו נישט... עטליכע הייסע ווערטער, עטליכע געפיהלען, געדאנקען גלייך ארויסגעזאָגטע, און מיר האָבען זיך — דערנעהנטערט אויף אייביג. דו מוזט, מוזט דיך באקענען מיט איהר, נאטאשא! ווי שעהן זי האָט דערצעהלט, ווי שעהן זי האָט מיר געגעבען צו פארשטעהן וואָס דו ביזט! ווי זי האָט מיר ערקלערט, וואָס פאר אנ'אוצר דו ביזט פאר מיר! בּיסלעכווייז האָט זי מיר ערקלערט אלע איהרע אידעען און איהר בליק אויפ'ן לע־בען; דאָס איז דאָך אזא ערנסט מיידעל, אזא בעגייסטערטע! זי האָט גערעדט וועגען פליכט, וועגען אונזער צוועק, וועגען דעם, אז מיר דאַר־פען אלע דיענען דער מענשהייט, און אזוי ווי מיר זיינען זיך איינגאנ־צען צונויפגעגאנגען אין א שמועס פון א פינף זעקס שעה, האָבען מיר געענדיגט דערמיט, וואָס מיר האָבען געשוואוירען איינער דעם אנדערען אייביגע פריינדשאפט און אז מיר וועלען דאָס גאנצע לעבען ארבייטען צוזאמען!

— וואָס ארבייטען? — האָט מיט פארוואונדערונג געפרעגט דער קניאז.

— איך האָב מיך אזוי געענדערט, פאפא, אז דאָס אלץ, פער־שטעהט זיך, דאַרף דיך וואונדערען; איך פיהל אפילו פריהער, ווי דו וועסט דיך אנטקעגען שטעלען געגען געוויסע זאכען, — האָט אליאָשא פייערליך געענטפערט. — איהר זענט אלע פראקטישע מענשען, איהר האָט אייך שוין אייערע ערנסטע, שטרענגע געזעצען; אויף אלץ וואָס איז ניי, אויף אלץ, וואָס איז יונג, פריש, קוקט איהר מיט אונגלויבען, פיינדליך, מיט חוזק. אבער איצטער בין איך שוין ניט דער, וועלכען דו האָסט געקענט מיט א פּאָר טעג צוריק. איך בין אנ'אנדערער! איך קוק דרייסט אין די אויגען אריין אלץ און אלעמען אויף דער וועלט.

ווען איך ווייס, אז מיין איבערצייגונג איז גערעכט, וועל איך זי פאר־פאלגען ביז צום אויסערסטען; און אויב איך וועל מיך ניט אראב־שלאגען פון וועג, בין איך אנ׳עהרליכער מענש. דאס איז פון מיין זייט געגוג. רעדט נאך דעם, וואס איהר ווילט, איך גלויב אין מיר.

— אהא! — האט זיך דער קניאז אנגערופען מיט א שמייכעל פון חוזק.

נאטאשא האט אונז אונרוהיג בעטראכט. זי האט זיך געשראקען פאר אליאשא׳ן. עס האט זיך איהם אפט געטראפען, אז עס איז איהם אליין געווארען זעהר אונבעקוועם דערפון וואס ער האט זיך צופיעל פאררעדט, און זי האט דאס געוואוסט. זי האט ניט געוואלט, אז אליא־שא זאל זיך ארויסווייזען פון א לעבערליכער זייט פאר אונז און בע־זונדערס פאר׳ן פאטער.

— וואס רעדסטו, אליאשא! דאס איז דאך שוין עפעס א מין פי־לאזאפיע, — האט זי געזאגט, — דאס האט דיך מסתמא אימיצער אויסגעלערנט... דו וואלסט עס בעסער דערצעהלט.

— נו, איך דערצעהל דאך! — האט אליאשא א געשריי גע־טהאן. — אט זעהסטו: קאטיא האט צוויי ווייטע קרובים, עפעס צוויי שוועסטערקינדער, לעווינקא און בארינקא, איינער א סטודענט, און דער אנדערער גלאט אזוי א יונגערמאן. זי האט מיט זיי בעציהונגען. און יענע — זיינען פשוט אומגעוועהנליכע מענשען! צו דער גרעפין געהען זיי כמעט ניט, לויט א פרינציפ. ווען איך האב גערעדט מיט קאטיא׳ן וועגען דעם צוועק פון א מענשען, וועגען זיין בעשטימונג און וועגען די אלע זאכען, האט זי מיר אנגעוויזען אויף זיי און האט מיר גלייך געגעבען א צעטעלע צו זיי; און איך בין גלייך אוועקגעלאפען זיך בעקענען מיט זיי. באלד יענעם אוונד זיינען מיר געווארען ווי צוגעקלעבט איינער צום אנדערען. דארט זיינען געוועזן אנ׳ערך צוועלף מאן, פארשיעדענע מענשען, — סטודענטען, אפיצירען, קינסטלער; ס׳איז געוועזן איין שרייבער... זיי קענען אייך אלע, איוואן פיעטרא־וויטש, דאס הייסט זיי האבען געלעזען אייערע שריפטען און זיי ער־ווארטען פון אייך א סך אין דער צוקונפט. אזוי האבען זיי מיר אליין געזאגט. איך האב זיי געזאגט, אז איך קען מיך מיט אייך, און האב זיי צוגעזאגט אייך צו בעקענען מיט זיי. אלע האבען זיי מיך אויפגענו־מען ברידערליך, מיט אפענע ארעמס. און איך האב זיי גלייך פון אנ־

הויב געזאָגט, אז איך וועל אין גיכען זיין א פארהייראטער מאן; האָ־
בען זיי מיך גלייך אויפגענומען פאר א מענש וואָס האָט שוין חתונה
געהאט. וואוינען — וואוינען זיי אויפ'ן פינפטען שטאָק, אונטער'ן
דאך; קלויבען זיך צונויף וואָס עפטער, נאָר מעהרסטענס יעדען מיט־
וואָך, ביי לעווינקע'ן און באָרינקען. דאָס איז אלץ פרישע יוגענד;
אלע האָבען זיי א פלאמענדיגע ליעבע צו דער גאנצער מענשהייט;
אלע האָבען מיר גערעדט וועגען אונזער געגענוואַרט, צוקונפט, וועגען
וויסענשאפטען, וועגען ליטעראטור, און האָבען גערעדט אזוי גוט, אזוי
גלייך און פשוט... עס קומט אויך אהין דאָרט א גימנאזיסט. ווי זיי
געהען אום צווישען זיך, ווי איידעל זיי זיינען! איך האָב נאָך ביז
איצטער ניט געזעהען אזעלכע מענשען! וואו פלעג איך קומען ביז
איצטער? וואָס האָב איך געזעהען? אויף וואָס בין איך אויפגעוואַק־
סען? נאָר דו איינע, נאטאשא, האָסט מיר געזאָגט זאכען פון דעם מין.
אי, נאטאשא, דו ווערסט דיך אומבעדינגט מוזען בעקענען מיט זיי;
קאטיא איז שוין בעקענט. זיי רעדען וועגען איהר שיער ניט מיט פאר־
געטערונג, און קאטיא האָט שוין געזאָגט לעווינקע'ן מיט באָרינקע'ן,
אז ווען זי וועט בעקומען דאָס רעכט איבער איהר פארמעגען, וועט זי
אומבעדינגט גלייך אוועקגעבען א מיליאָן פאר אלגעמיינע נוצען.

— און די בעלי בתים פון דעם מיליאָן וועלען מסתמא זיין לע־
ווינקא און באָרינקא און זייער גאנצע קאָמפּאניע? — האָט דער קניאז
געפרעגט.

— ניט אמת, ניט אמת; ס'איז א חרפה, טאטע, אזוי צו רעדען!
— האָט אליאָשא מיט היץ א געשריי געטהאָן, — איך פארדעכטיג
דיין געדאנק! און וועגען דעם מיליאָן איז ביי אונז ווירקליך געווען
א רייד און מיר האָבען לאנג געטראכט ווי אזוי איהם צו בענוצען. צום
סוף האָבען מיר בעשלאָסען, אז פריהער פון אלץ זאָל מען איהם בענו־
צען אויף אלגעמיינער בילדונג...

— יא, איך האָב ווירקליך ביז איצטער ניט אינגאנצען געקענט
קאטערינא פיאָדאָראָוונא'ן — האָט דער קניאז בעמערקט, אזוי פאר
זיך, אלץ מיט דעם אייגענעם חוזק'דיגען שמייכעל. — איך האָב, איב־
ריגענס, א סך פון איהר ערוואַרט, אבער דאָס...

— וואָס דאָס! — האָט אליאָשא איבערגעריסען, — וואָס קומט
דיר פאָר אזוי מאָדנע? וואָס די זאך געהט אביסעל ארוים פון אייער

אָרדנונג? וואָס קיינער האָט ביז איצטער ניט מקריב געווען קיין מיליאָן און זי איז מקריב? דאָס איז עס, וואָס? אָבער וואָס איז, אז זי וויל ניט לעבען אויף קיין פרעמדען חשבון; דערפאר ווייל לעבען מיט דעם מיליאָן הייסט לעבען אויף א פרעמדען חשבון (ערשט איצ־טער ביז איך וועגען דעם געוואָר געוואָרען). זי וויל זיין נוצליך דעם פאטער און אלעמען און וויל ברענגען פאר א קרבן איהר מיליאָן. און אויף וואָס האלט זיך דען אונזער גאנצע בעריהמטע חכמה, אין וועלכער איך האָב געלויבט אזוי! וואָס קוקסטו אזוי אויף מיר, פּאַפּאַ? גלייך דו וואָלסט פאר דיר געזעהען א ליץ, א נאר! נו איז וואָס זשע, אז א נאר! ווען נאטאשא וואָלט געהערט, וואָס קאטיא האָט גערעדט וועגען דעם: „ניט דער שכל איז די הויפּטזאַך, נאר דאָס וואָס פיהרט איהם, — די נאטור, דאָס הארץ, איידעלע אייגענשאפטען, ענטוויק־לונג.“ אָבער, די הויפּטזאַך, עס איז דאָ וועגען דעם בעזמיגין'ס א גע־ניאלער אויסדרוק. בעזמיגין — דאָס איז לעווינקא'ס און באַרינקא'ס א בעקענטער, און צווישען אונז גערעדט, איז דאָס א קאָפּ און טאקע א גניאלער קאָפּ! ערשט נעכטען האָט ער געגעבען א זאָג: דער נאר, וואָס איז זיך מודה, אז ער איז א נאר, איז שוין ניט קיין נאר! וויפיעל אמת! אזעלכע ווערטלעך זאָגט ער יעדע מינוט. ער שיט מיט אמת'ען.

— ווירקליך גניאל! — האָט דער קניאז בעמערקט.

— דו לאכסט אלץ. אבער איך האָב דאָך פון דיר קיינמאָל אזא זאַך ניט געהערט; און פון אייער גאנצער געזעלשאפט האָב איך עס קיינמאָל ניט געהערט. ביי אייך איז פארקערט, מען בעהאלט דאָס אלץ, אלץ וואָלט מען געמאכט נידריגער צו דער ערד, אז אלע געוויקסען, אלע נעזער זאָלען אויסקומען אומבעדינגט גלייך, לויט עפּעס א געוויסער מאָס, לויט געוויסע געזעצען, גלייך דאָס וואָלט מעגליך געווען! גלייך דאָס וואָלט ניט געווען טויזענט מאָל אומגליקליכער, איידער דאָס, וועגען וואָס מיר רעדען און וואָס מיר טראכטען. און מען רופט אונז נאָך אוטאָפּיסטען! וואָלסט בעדאַרפט הערען, ווי אזוי זיי האָבען נעכטען צו מיר גערעדט...

— אָבער וואָס, וועגען וואָס רעדט איהר, וועגען וואָס טראכט איהר? דערצעהל, אליאָשא, איך פארשטעה נאָך עפּעס ביז איצטער ניט, — האָט נאטאשא געזאָגט.

— אין אלגעמיין רעדען מיר וועגען אלץ, וואָס פיהרט צו פּראָג־

רעם, צו הומאניטעט, צו ליעבע; דאָס אַלץ רעדט מען צוליעב פּראַגען פון דער איצטיגער צייט. מיר רעדען וועגען נייע רעפאָרמען, וועגען ליעבע צו דער מענשהייט, וועגען היינטיגע טהוערם; מיר בעטראַכטען זיי, מיר לעזען. נאָר די הויפּטזאַך איז, וואָס מיר האָבען זיך גע־געבען דאָס וואָרט איינער דעם אנדערען צו זיין פאַלשטענדיג אָפענהערציג צווישען זיך און גלייך דערצעהלען אַלץ איי־נער דעם אנדערען וועגען זיך אַליין, אָהן שום אָבהאַלט. נאָר אָפענהערציגקייט, נאָר גלייכקייט קענען דערגרייכען דעם ציעל. וועגען דעם בעמיהט זיך עס בעזונדערס בעזמיגין. איך האָב וועגען דעם דערצעהלט קאַטיאַ'ן און זי פיהלט פאָלשטענדיג מיט מיט בעזמיגינ'ען. און דערפאַר לאָזען מיר זיך אַלע פיהרען פון בעזמיגינען און מיר האָבען זיך געגעבען דאָס וואָרט צו אַרבייטען עהרליך און אַנ־שטענדיג דאָס גאַנצע לעבען, און וואָס מען זאָל ניט רעדען וועגען אונז, און ווי מען זאָל אונז ניט משפּט'ן, — וועלען מיר זיך פאַר קיין זאַך ניט אָבשטעלען, מיר וועלען זיך ניט שעהמען מיט אונזער בעגייסטערונג און אפילו מיט אונזערע פעהלערען און מיר וועלען געהן גלייך אַזוי ווי שטענדיג. אויב דו ווילסט, אַז מען זאָל פאַר דיר האָבען דרך ארץ איז פריהער פון אַלץ האָב דרך ארץ פאַר זיך אַליין; נאָר מיט דעם, נאָר דערמיט וואָס דו וועסט דיך אַליין רעספּעקטירען וועסטו אויך צווינגען אנדערע דיך צו רעספּעקטירען. דאָס זאָגט בעזמיגין און קאַטיאַ איז מיט איהם פאָלשטענדיג איינשטימיג. אין אַלגעמיין רעדען מיר זיך איצטער צונויף וועגען אונזערע איבערצייגונגען און מיר האָ־בען בעשלאָסען זיך אַליין אויסצושטודירען יעדער בעזונדער און איי־נער דעם אנדערען...

— וואָס פאַר אַ שטודירען! — האָט דער קניאַז אַ געשריי גע־טהאָן אַנ'אונרוהיגער, — און ווער איז דער בעזמיגין? ניין, דאָס קען מען אַזוי ניט איבערלאָזען...

— וואָס קען מען ניט איבערלאָזען? — האָט אַליאָשאַ אונטער־געכאַפּט, — הער, פּאַפּאַ, פאַרוואָס רעד איך דאָס אַלץ איצטער, פאַר דיר? דערפאַר ווייל איך וויל און איך האָף דיך אַריינצופיהרען אין אונזער קרייז. איך האָב שוין דאָרט געגעבען מיין וואָרט פאַר דיר. דו לאַכסט, נו, איך האָב פריהער געוואוסט, אַז דו וועסט לאַכען! אָבער הער אויס! דו ביזט אַ גוטער, איידעלער מענש; דו וועסט פאַר־

שטעהן! דו ווייסט דאך ניט, דו האסט די מענשען קיינמאל ניט געזעהען, האסט זיי אליין ניט געהערט. לאמיר אפילו זאגען, אז דו האסט וועגען דעם אלעם געהערט, אלץ אויסגעשטודירט, דו ביזט שרעקליך געבילדעט; אבער זיי אליין האסטו דאך ניט געזעהען, ביזט ביי זיי ניט געוועזען, און דערפאר ווי אזוי קענסטו ארויסגעבען א ריכטיגע מיינונג וועגען זיי! דו שטעלסט דיר נאר פאר, אז דו ווייסט. ניין, דו קום נאר אהין צו זיי, הער זיי אויס און דאמאלס, — און דאמאלס גיב איך מיין ווארט פאר דיר, אז דו וועסט זיין אונזערער! און די הויפטזאך, איך וויל בענוצען אלע מיטלען, דיך צו ראטעווען פון אונטערגאנג אין דיין געזעלשאפט, צו וועלכער דו האסט דיך אזוי צוגעקלעבט, און פון דיינע איבערצייגונגען.

דער קניאז האט שמייכלענדיג און מיט דעם גיפטיגסטען שמייכעלע אויסגעהערט די רייד; דער כעס איז איהם געלעגען אויף'ן פנים. נאטאשא האט איהם נאכגעקוקט מיט א ניט־בעהאלטענעם עקעל. ער האט דאס געזעהען, נאר ער האט זיך געמאכט, אז ער בעמערקט דאס ניט. נאר גלייך ווי אליאשא האט געענדיגט, האט דער קניאז פלוצלונג אויסגעשאסען מיט א געלעכטער. ער איז אפילו צוריקגעפאלען אויפ'ן אנלעהן פון דער שטוהל, גלייך ער וואלט ניט געהאט קיין כח זיך איינצוהאלטען. אבער דאס געלעכטער איז געווען אבסאלוט פאלש. מען האט צו לייכט געקענט בעמערקען, אז ער האט געלאכט נאר צוליעב דעם, אז ער זאל וואס שטארקער באליידיגען און דערנידריגען זיין זוהן. אליאשא האט זיך טאקע געפיהלט געקרענקט; דאס גאנצע פנים זיינס האט אויסגעדריקט אן אונגעוועהנליכען טרויער. נאר ער האט געדולדיג איבערגעווארט ביז דעם פאטער'ס פרעהליכקייט וועט זיך ענדיגען.

— פאפא, — האט ער אנגעהויבען אן אנ'אומעטיגען טאן, — פארוואס לאכסטו פון מיר? איך בין געגאנגען צו דיר גלייך און אפענהערציג. אויב איך רעד, לויט דיין מיינונג, נארישקייטען, טא מאך מיך קלוג, און ניט לאך איבער מיר. און איבער וואס איז דא פארהאן צו לאכען? איבער דעם, וואס פאר מיר איז איצטער הייליג, איידעל? נו, זאל זיין, אז איך בלאנדזשע, זאל זיין, אז דאס איז אלץ ניט ריכטיג, אז דאס איז א פעהלער, זאל זיין, אז איך בין א נאר, אזוי ווי דו האסט מיך שוין עטליכע מאל אנגערופען; אבער אויב אפילו איך

וועל פארבלאָנדזשעט ווערען, איז עס אויפריכטיג, עהרליך; איך האָב מיין איידעלקייט ניט פארלוירען. איך בין בעגייסטערט פון הויכע אידעען. זאָל זיין, אז איך האָב א טעות אין זיי, אבער דער גרונד זייערער איז הייליג. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז דו און אלע דיינע האָבען מיר נאָך גאָרנישט געזאָגט אזוינס, וואס זאָל מיך פיהרען ערגיץ, וואס זאָל מיך מיטשלעפען מיט זיך. לייקען זיי אָב, זאָג מיר עפּעס וואס איז בעסער פון זייערס, און איך וועל געהן מיט דיר, נאָר לאָך ניט פון מיר, ווייל דאָס פארדריסט מיך זעהר.

אליאָשא האָט דאָס ארויסגעבראכט זעהר איידעל און מיט א מין שטרענגער ווירדיגקייט. נאטאשא האָט איהם מיט געפיהל נאָכגעקוקט. דער קניאז האָט זאָגאר מיט פארוואונדערונג אויסגעהערט זיין זוהן און האָט גלייך געענדערט זיין טאָן.

— איך האָב דיך גאָר ניט געמיינט צו באליידיגען, מיין טייערער, האָט ער געענטפערט, — פארקערט, עס איז מיר א רחמנות אויף דיר. דו גרייטסט דיך צו צו אזא שריט אין לעבען, ביי וועלכען עס איז שוין צייט אויפצוהערען צו זיין אזא לייכטזיניג אינגעל. אָט דאָס איז מיין געדאנק. איך האָב געלאכט ניט ווילענדיג און האָב גאָר ניט געמיינט דיך צו באליידיגען.

— פארוואָסזשע האָט זיך מיר אזוי אויסגעוויזען? — האָט אליאָשא ווייטער גערעדט מיט א ביטערען געפיהל. — און פארוואָס ווייזט זיך מיר שוין פון לאַנג אויס, אז דו קוקסט אויף מיר פיינדליך, מיט קאַלטען חוזק, און ניט ווי א פאָטער אויף א זוהן? פארוואָס ווייזט זיך מיר אויס, אז ווען איך וואָלט געווען אויף דיין אָרט, וואָלט איך ניט אזוי באליידיגט מיין זוהן מיט א געלעכטער, אזוי ווי דו מיך איצטער. הער: לאָמיר זיך אָפענהערציג צונויפרעדען, גלייך, אויף שטענדיג, אזוי אז עס זאָלען שוין ניט בלייבען מעהר קיין מיספארשטענדענישען. און... איך וויל זאָגען דעם גאנצען אמת: ווען איך בין אריינגעקומען אהער, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז דאָ איז אויך פאָרגעקומען א מיספערשטענדניש; עפּעס ניט אזוי האָב איך ערוואַרט אייך דאָ צו טרעפען צוזאמען. יאָ צי ניין? אויב יאָ צי איז ניט בעסער, אז יעדער זאָל ארויסזאָגען זיינע געפיהלען? וויפיעל שלעכטס קען מען בעזייטיגען דורך אָפענהערציגקייט!

— רעד, רעד, אליאָשא! — האָט דער קניאז געזאָגט. — דאָס

וואָס דו לעגסט אונז פאַר איז זעהר קלוג. קען זיין, אַז פון דעם האָט מען אפשר בעדאַרפט אָנהויבען, — האָט ער צוגעגעבען, אַ קוק טהו'ענ־דיג אויף נאַטאַשאַ'ן.

— ווער זשע ניט בייז פאַר מיין אָפענהערציגקייט, — האָט אַליאָשאַ אָנגעהויבען, — דו ווילסט עס אַליין, רופסטו עס אַליין אַרויס. הער. דו האָסט איינגעשטימט אויף מיין שידוך מיט נאַטאַשאַ'ן; דו האָסט אונז געגעבען דאָס גליק און האָסט צוליעב דעם דיך אַליין בעזיעגט. דו ביזט געווען גרויסהערציג, און מיר האָבען אַלע אָבגעשעצט דיין איידעלען שריט. אָבער פאַרוואָס גיסטו מיר איצטער כסדר אָנ'אָנצוהערעניש מיט עפּעס אַ פריידי, אַז איך בין נאָך אַ לעכערליך אינגעל און טויג גאַרניט צו זיין קיין מאַן; נאָך וועניג דאָס. ווילסטו מיך נאָך אויסלאַכען, דערנידריגען, אפילו אַזוי ווי פאַרשוואַר־צען מיך אין נאַטאַשאַ'ס אויגען. דו פרעהסט דיך שטענדיג, ווען דו קענסט מיך כאָטש מיט עפּעס אַרויסווייזען פון אַ לעכערליכער זייט; דאָס האָב איך בעמערקט ניט איצטער, נאָר שוין לאַנג. גלייך דו וואָלסט דיך בעמיהט צוליעב עפּעס אונז צו בעווייזען, אַז אונזער שידוך איז לעכערליך, אומגעלומפּערט און אַז מיר זיינען ניט קיין פּאָר. ווירקליך, גלייך דו וואָלסט אַליין ניט געגלויבט אין דעם, וואָס דו צייכענסט אָן פאַר אונז; אַזוי ווי דו וואָלסט געקוקט אויף דעם אַלעם ווי אויף אַ שפּאַס, עפּעס אַ שפּיעלעוודיגע זאַך, אַ לעכערליכע קאָמעדיע... איך נעם דאָך דאָס אַרויס ניט נאָר פון די היינטיגע ווערטער דיינע. איך האָב נאָך יענעם אָווענט, באַלד דיענסטאַג, ווען איך בין צוריקגעקומען צו דיר פון דאַנען, האָב איך געהערט פון דיר עטליכע מאָדנע אויס־דרוקען, וואָס האָבען מיך ערשטוינט און זאָגאָר פאַרביטערט. און מיט־וואָך, ווען דו ביזט אַוועקגעפאָהרען, האָסטו אויך געמאַכט עטליכע אַזעלכע אָנצוהערענישען אויף אונזער איצטיגער לאַגע, האָסט וועגען איהר אויך געזאָגט — ניט קיין באַליידיגונג, פאַרקערט, נאָר עפּעס ניט אַזוי, ווי איך וואָלט געוואָלט הערען פון דיר, עפּעס צו לייכט, עפּעס אָהן ליעבע, אָהן אַזאַ אַכטונג צו איהר... דאָס איז שווער צו דערצעה־לען, נאָר דער טאָן איז קלאָר; דאָס האַרץ הערט. זאָג זשע מיר, אַז איך האָב אַ טעות. ענטוויש מיך, גיב מיר צו מוטה און... און איהר אויך, דערפאַר ווייל דו האָסט איהר אויך קרענקונג פאַרשאַפט. איך האָב דאָס געטראָפען פון ערשטען בליק אָן, ווי איך בין אריין אַהער...

אליאשא האָט דאָס ארויסגעזאָגט מיט פייער און מיט פעסט־קייט. נאטאשא האָט איהם מיט א מאָדנע פייערליכקייט אויסגעהערט, און אנ׳אויפגערעגטע מיט א פלאַמענדיג פּנים, האָט זי אמאָל צוויי ארויסגערעדט פאר זיך, אין פארלויף פון זיין רעדע: „יאָ, יאָ, אזוי איז עס!“ דער קניאז איז זעהר טרויריג געוואָרען.

— פריינד מיינער, — האָט ער געענטפערט, — איך, פאר־שטעהט זיך, קען מיך ניט דערמאָנען אלץ, וואס איך האָב דיר גע־זאָגט: נאָר עס איז זעהר מאָדנע, וואס דו האסט גענומען מיינע ווערטער אויף אזא מין אופן. איך בין גרייט דיר צו בעווייזען מיט אלעם וואס איך קען, אז עס איז ניט אזוי. אויב איך האָב איצטער גע־לאכט, איז דאָס אויך פארשטענדליך. איך וועל דיר זאָגען, אז מיט מיין געלעכטער האָב איך אפילו געוואָלט פארדעקען מיין ביטער גע־פיהל. ווען איך גיב איצטער א טראכט, אז דו דארפסט אין קורצען ווערען א מאַן, ווייזט עס זיך מיר איצטער אויס, ווי א זאך וואס קען גאָרנישט זיין, אומגעלומפּערט און, זיי מיר מוחל, אפילו לעכערליך. דו ווארפסט מיר פאר מיין געלעכטער און איך זאָג דיר, אז דאָס אלץ איז דורך דיר. איך בעשולדיג מיך אליין אויך: קען זיין, איך האָב דיר ווייניג נאָכגעקוקט פאר דער לעצטער צייט און דערפאר בין איך ערשט איצטער, היינטיגען אָוונד, געוואָר געוואָרען, אויף וואס דו קענסט זיין פעהיג. איצטער ציטער איך שוין, ווען איך גיב א טראכט וועגען דיין צוקונפט מיט נאטאליא ניקאָלאיעוונא׳ן: איך האָב מיך צוגעאיילט; איך זעה, אז איהר קומט אייך זעהר ניט צונויף צווי־שען זיך. יעדע ליעבע פארגעהט, אבער דאָס ניט צונויפקומען זיך בלייבט אויף אייביג. איך רעד שוין ניט וועגען דיין מזל, אבער בע־טראכט נאָר, אויב דו האָסט נאָר אן עהרליכען מיין, אז צוזאמען מיט דיר ברענגסטו דאך אום אויך נאטאליא ניקאָלאיעוונא׳ן, איינפאך דו ברענגסטו זי אום! אט האָסטו איצטער גערעדט א גאנצע שעה וועגען ליעבע צו דער מענשהייט, וועגען דער פיינקייט פון איבערצייגונגען, וועגען איידעלע מענשען, מיט וועלכע דו האָסט דיך בעקענט; און פרעג איוואן פּיעטראָוויטש׳ן, וואס איך האָב ניט לאנג צוריק געזאָגט, ווען מיר זיינען ארויפגעגאנגען אויפ׳ן פערטען שטאָק, איבער די פאַסקודנע שטיגען און מיר זיינען געבליבען שטעהן ביי דער טהיר דאָ, דאנקענדיג גאָט, וואס ער׳האָט געראטעוועט אונזערע לעבענס און אונ־

זערע פים? ווייסטו וואס פאר א געדאנק עס איז מיר דאמאלס ניט וויד־לענדיג גלייך געקומען אין קאפ אריין? איך האב מיך געוואונדערט, ווי אזוי האסטו געקענט, ביי אזא ליעבע צו נאטאליא ניקאלאיעוונא'ן, פארליידען, אז זי זאל וואוינען אין אזא דירה. ווי אזוי איז דיר ניט איינגעפאלען, אז אויב דו האסט ניט קיין מיטלען, אויב דו האסט ניט קיין מעגליכקייטען צו ערפילען דיינע פליכטען, האסטו אויך ניט קיין רעכט צו זיין א מאן, האסטו ניט קיין רעכט צו נעמען אויף זיך די פליכטען. בלויז ליעבע איז ווייניג; ליעבע בעווייזט מען מיט טהא־טען; און דו טראכסט דיר אזוי: „כאטש לייד מיט מיר, אבי לעב מיט מיר", — דאס איז דאך ניט מענשליך, ניט איידעל! רעדען וועגען אלגעמיינער ליעבע, זיין בעגייסטערט פון אלגעמיין־מענשליכע פראגען און אין דער אייגענער צייט בעגעהן פארברעכענס געגען דער ליעבע און ניט בעמערקען זיי, — דאס איז אונפארשטענדליך! שלאגט מיר ניט איבער, נאטאליא ניקאלאיעוונא, לאזט מיך ענדיגען; מיר איז צו ביטער, און איך מוז אלץ ארויסזאגען. דו האסט געזאגט, אליאשא, אז דו האסט דיך די טעג אבגעגעבען מיט אלץ, וואס איז איידעל, שעהן, עהרליך, און האסט מיר פארגעווארפען, אז אין אונזער געזעלשאפט איז ניט פארהאן קיין איינציגע זאך, וואס זאל קענען מיטרייסען. נאר אלץ טרוקענע איבערלעבונג. גיב זשע א קוק: פארנעמען זיך מיט הויכע און שעהנע זאכען און, נאכדעם, וואס דא איז פארגעקומען דיענסטאג, פארנאכלעסיגען פיער טעג, די וועלכע וואלט דאכט זיך, בעדארפט זיין פאר דיר די טייערסטע אין דער וועלט! דו האסט דיך אפילו מודה געווען אין דיין קריעגעריי מיט קאטערינא פידאראוונא'ן. אז נאטאליא ניקאלאיעוונא האט דיך אזוי ליעב, אז זי איז אזוי ברייטהארציג, אז זי וועט דיר מוחל זיין דיין שריט. אבער וואס פאר א רעכט האסטו צו האפען, אז זי וועט דיר מוחל זיין און זיך נאך וועטען וועגען דעם? און האסטו ווירקליך קיין איינציג מאל ניט א טראכט געטהאן, וויפיעל ליידען, וויפיעל ביטערע געדאנקען, פארדאכטען דו האסט אין די טעג פארשאפט נאטאליא ניקאלאיעוונא'ן? צו דערפאר וויל דו האסט דיך דארט פארנומען מיט נייע אידעען, האסטו געהאט א רעכט צו פארנאכלעסיגען דיין סאמע ערשטע פליכט? ענטשולדיגט מיר, נאטאליא ניקאלאיעוונא, וואס איך האב ניט געהאלטען מיין ווארט. אבער די איצטיגע זאך איז ערנסטער פונ'ם ווארט: איהר

וועט דאָס אליין פארשטעהן... ווייסטו, אליאָשא, אז איך האָב געטראָ־פען נאטאליא ניקאָלאַיעוונא'ן אין אזעלכע ליידען, אז עס איז פאר־שטענדליך, אויף וואָס פאר א גהינום דו האָסט איהר פארביטען די פיער טעג, וועלכע האָבען, פארקערט, בעדאַרפט זיין די בעסטע טעג פון איהר לעבען: אזעלכע טהאטען פון איין זייט און — ווערטער, ווערטער און ווערטער פון דער אנדערער... צי האָב איך ניט רעכט! און דו קענסט מיך נאָך דעם בעשולדיגען, ווען דו ביזט אליין אזוי פיעל שולדיג?

דער קניאז האָט געענדיגט. איהם איז אפילו געפעלען דאָס שעהנע רעדען זיינס און ער האָט ניט געקענט בעהאלטען פון אונז זיין גרויסע צופריעדענקייט. ווען אליאָשא האָט דערהערט וועגען נאטאשא'ס ליידען, האָט ער מיט קרענקליכער בענקשאפט א קוק געטהאָן אויף איהר, אָבער נאטאשא האָט זיך שוין ענטשלאָסען:

— גענוג, אליאָשא, זאָל דיך ניט פארדריסען, — האָט זי געזאָגט, — אנדערע זיינען שולדיגער פון דיר. זעץ דיך און הער אויס, וואָס איך וועל באלד זאָגען דיין פאָטער. עס איז צייט צו פארענדיגען!

— רעדט קלאָר, נאטאליא ניקאָלאַיעוונא, — האָט דער קניאז אונטערגעכאפט, — איך בעט אייך דאָס זעהר! שוין צוויי שעה הער איך רעטענישען וועגען דעם. דאָס ווערט אונערטרעגליך, און איך בין אייך מודה, אז ניט אזא בעגעגעניש האָב איך ערוואַרט.

— קען זיין; דערפאר ווייל איהר האָט געדענקט אונז צו בע־צויבערען מיט ווערטער, אזוי אז מיר וועלען גאָר נישט בעמערקען אייערע בעהאלטענע כונות. וואָס זאָל איך אייך קלאָר מאכען! איהר ווייסט אליין אלץ און פארשטעהט אלץ. אליאָשא איז גערעכט. דער סאמע ערשטער פארלאנג אייערער איז — צו שיידען אונז. איהר האָט פון פריהער, כמעט פון אויסענווענינג געוואוסט אלץ, וואָס דא וועט זיך טרעפען, נאָך יענעם אָוונד, דיענסטאג, און איהר האָט אלץ אויס־גערעכענט אזוי ווי אויף די פינגער. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז איהר קוקט אי אויף מיר אי אויף דעם שידוך, וואָס איהר האָט אליין צונויפגעפיהרט, ניט ערנסט. איהר מאכט שפאַס מיט אונז; איהר שפיעלט, און איהר האָט אייך אייער בעוואוסטען צוועק. אייער שפיעל איז ריכטיג. אליאָשא איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אייך פארגע־וואָרפען, אז איהר קוקט אויף דעם אלעם ווי אויף א קאָמעדיע. איהר

וואלט, פארקערט, בעדארפט זיין צופריעדען, און ניט פארוואָרפען אליאָשאַ'ן, דערפאַר ווייל ער האָט ניט וויסענדיג קיין זאַך געטהאָן אלץ, וואָס איהר האָט פון איהם ערוואַרט; קען זיין, זאָגאַר מעהר.

איך בין פארגליווערט געוואָרען פון ערשטוינונג. איך האָב ער־וואַרט, אז יענעם אָוועגד וועט געשעהען עפּעס אַ קאַטאַסטראָפע. נאָר נאַטאַשאַ'ס צו שאַרפע אויפריכטיגקייט און דער נישט־בעהאַלטענער פאַרעכטליכער טאָן פון איהרע ווערטער האָבען מיך געוואַלדיג ער־שטוינט. הפנים, אז זי האָט ווירקליך עפּעס געוואוסט, האָב איך גע־טראַכט, און זי האָט זיך גלייך ענטשלאָסען איבערצורייסען. אפשר האָט זי נאָך גאָר מיט אומגעדולד געוואַרט אויף'ן קניאַז, אז זי זאָל איהם גלייך מיט איינמאָל אַלץ אַרויסזאָגען אין די אויגען אַריין. דער קניאַז איז אַביסעל בלאַס געוואָרען. אליאָשאַ'ס פּנים האָט אויסגע־דריקט נאַאיווען שרעק און ערוואַרטונג, וואָס מאַכט אַ מענשען מיעד.

— בעטראַכט נאָר אין וואָס איהר האָט מיך נאַרוואָס בעשול־דיגט, — האָט דער קניאַז אַ געשריי געטהאָן, — און כאָטש אַביסעל בעטראַכט אייערע ווערטער... איך פאַרשטעה קיין זאַך ניט.

— אַ! דאָן ווילט איהר ניט פאַרשטעהן פון צוויי ווערטער, — האָט געזאָגט נאַטאַשאַ, — אפילו ער, אפילו אָט אליאָשאַ האָט אייך פאַרשטאַנען פּונקט אַזוי ווי איך, מיר האָבען זיך ניט צונויפגערעדט, מיר האָבען זיך אפילו ניט געזעהען! און איהם האָט זיך אויך אויסגע־וויזען, אז איהר שפּיעלט מיט אונז אַ מיאוסע, באליידיגענדע שפּיעל, און ער האָט אייך ליעב און גלויבט אין אייך, ווי אין אַ גאָט. איהר האָט ניט געהאַלטען פאַר נויטיג צו זיין מיט איהם פאָרזיכטיגער, כיט־רער; איהר האָט גערעכענט, אז ער וועט זיך ניט אָנשטויסען. אָבער ער האָט אַ האַרץ מיט געפיהל, אַ צערטליך האַרץ, און אייערע ווערטער, אייער ט אָ ן, ווי ער זאָגט, זיינען איהם געבליבען אין האַרץ...

— גאַרנישט, איך פאַרשטעה גאַרנישט! — האָט דער קניאַז איבערגע'חזר'ט, זיך ווענדענדיג צו מיר מיט אַ פּנים פון גרעסטער ערשטוינונג, גלייך ער וואָלט מיך גענומען פאַר אַנ'עדות. ער איז געוועזן אויפגערעגט און האָט זיך צוהיצט. — איהר זענט אַ מענש וואָס טרויט ניט קיינעם, איהר זענט אויפגערעגט, — האָט ער ווייַ־טער גערעדט זיך ווענדענדיג צו איהר, — איהר זענט גאַנץ איינפאַך אייפערזיכטיג אויף קאַטערינאַ פיאָדאָראָווּנאַ'ן, און דערפאַר זענט איהר

גרייט צו בעשולדיגען די גאנצע וועלט און מיך דעם ערשטען און... און ערלויבט מיר שוין אלץ ארויסצוזאָגען: א מאָדנע מיינונג קען מען בעקומען פון אייער כאראקטער... איך בין ניט געוואוינט צו אזעלכע סצענעס; איך וואָלט דאָ קיין איין מינוט ניט געבליבען נאָך דעם, ווען ניט די אינטערעסען פון מיין זוהן... איך וואַרט נאָך אלץ, צי וועט איהר ניט אזוי גוט זיין און רעדען קלאָר?

— זענט איהר נאָך אלץ איינגעשפּאַרט און איהר ווילט ניט פארשטעהן פון צוויי ווערטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איהר ווייסט דאָס אלץ פון אויסענווייניג? איהר ווילט אומבעדינגט, אז איך זאָל אייך אלץ גלייך ארויסזאָגען?

— נאָר דאָס וויל איך.

— נו, גוט, טאָ הערט זשע, — האָט נאַטאַשאַ א געשריי געטהאָן, פינקלענדיג מיט די אויגען פון צאָרן, — איך וועל ארויסזאָגען אלץ, אלץ.

---

## דריטער קאַפּיטעל.

זי איז אויפגעשטאנען און האָט אָנגעהויבען צו רעדען שטעהענדיגערהייט, ניט בעמערקענדיג דאָס פון אויפרעגונג. דער קניאז האָט געהערט, געהערט און איז אויך אויפגעשטאנען פון זיין אָרט. די גאנצע סצענע איז געוואָרען צו פייערליך.

— דערמאָנט אייך אליין אייערע ווערטער דיענסטאג, — האָט נאַטאַשאַ אָנגעהויבען. — איהר האָט געזאָגט: איך דאַרף געלט, געפּלאסטערטע וועגען, א בעדייטונג אין דער וועלט, — איהר געדענקט?

— איך געדענק.

— נו, איז כדי דאָס געלט צו בעקומען, כדי צו דערשלאָגען זיך צו די אלע ערפאָלגען, וועלכע האָבען זיך ביי אייך ארויסגעגליטשט פון די הענט, זענט איהר עס געקומען אהערצופאָהרען דיענסטאג, און איהר האָט אויסגעטראַכט דעם שידוך, רעכנענדיג, אז דער שפּאס וועט אייך העלפען צו פאנגען דאָס, וואָס האָט זיך פון אייך ארויסגעגליטשט.

— נאטאשא, — האב איך א געשריי געטהאן, — בעטראכט וואס דו רעדסט!

— א שפאס! אן אויסרעכענונג! — האט דער קניאז איבערגע־חזר'ט, מיט אן אויסזעהען פון באליידיגטען כבוד.

אליאשא איז געזעסען א דערשלאגענער פון צרות און געקוקט. כמעט ניט פארשטעהענדיג קיין זאך.

— יא, יא, שטעלט מיך ניט אב, איך האב מיר געגעבען א שבועה אלץ ארויסצוזאגען, — האט די אויפגערעגטע נאטאשא ווייטער גע־רעדט, — איהר געדענקט אליין: אליאשא האט אייך ניט געפאלגט. א גאנץ האלב יאהר האט איהר אייך געמאטערט מיט איהם, איהם אב־צוציהען פון מיר. ער האט זיך אייך ניט אונטערגעגעבען. און פלוצלונג איז ביי אייך אנגעקומען א מינוט, וואס די צייט האט שוין לענגער ניט געקענטווארטען; ווען איהר זאלט איהם אבלאזען וואלט די כלה, דאס געלט, די הויפטזאך — דאס געלט, גאנצע דריי מיליאן, נדן, ארויסגליטשען זיך ביי אייך, ווי פון אונטער די פינגער. איז געבליבען איינס: אז אליאשא זאל ליעב בעקומען די, וועלכע איהר האט איהם אויסגעקליבען פאר א כלה; איהר האט געטראכט: ווען ער וועט זיך פארליעבען, וועט ער זיך שוין אפשר אויך אבטשעפען פון מיר...

— נאטאשא, נאטאשא! — האט אליאשא מיט בענקשאפט א גע־שריי געטהאן. — וואס רעדסטו!

— און איהר האט טאקע אזוי געטהאן, — האט זי ווייטער גע־רעדט, ניט אבשטעלענדיג זיך אויף אליאשא'ס געשריי: — אבער, — און דא ווידער אמאל די אמאליגע געשיכטע! אלץ וואלט געגאנגען גלאטיג, נאר איך שטער דא ווידער! איין זאך האט אייך נאר גע־קענט צוגעבען האפנונג: איהר האט אלס ערפאהרענער און דורכגע־טריבענער מענש, קען זיין, נאך דאמאלס בעמערקט, אז אליאשא'ן איז עפעס אביסעל שווער זיין פריהריגע צוגעבונדענקייט. איהר האט ניט געקענט ניט בעמערקען, אז ער הויבט מיך אן צו פארנאכלעסיגען. אז עס ווערט איהם אומעטיג, אז ער קומט ניט צו מיר צו פינף טעג דורכאנאנד. אפשר וועל איך איהם איינגאנצען דערעסען און ער וועט מיך אוועקווארפען, ביז פלוצלונג, דיענסטאג האט אייך אליאשא'ס ענטשלאסענער שריט איינגאנצען איבעראשט. וואס קענט איהר טהאן?

— ערלויבט נאָר, — האָט דער קניאַז אַ געשריי געטהאָן. — פאַרקערט, דער פאַקט...

— איך זאָג, — האָט נאַטאַשאַ פעסט איבערגעשלאָגען, — איהר האָט אייך געפרעגט יענעם אָוועגד: „וואָס טהוט מען איצטער?“ און איהר האָט בעשלאָסען: ערלויבען איהם חתונה צו האָבען מיט מיר, ניט אויף אַנ'אמת, נאָר אַזוי זיך, מיט ווערטער, אַבי איהם נאָר צו בערוהיגען. די צייט פון דער חתונה, האָט איהר אייך געטראַכט, קען מען אָבלעגען וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט, און אין דער צייט האָט זיך דערווייל אָנגעהויבען די נייע ליעבע; איהר האָט דאָס בעמערקט. און אָט אויף דעם אָנפאַנג פון דער נייער ליעבע האָט איהר אַלץ געבויט.

— ראָמאַנען, ראָמאַנען, — האָט דער קניאַז אַרויסגערעדט מיט אַ האַלב קול, אַזוי ווי פאַר זיך, — די איינזאַמקייט, דאָס חלומ'ען און דאָס לעזען ראָמאַנען!

— יאָ, אָט אויף דער נייער ליעבע האָט איהר עס אַלץ געבויט, — האָט נאַטאַשאַ איבערגע'חזר'ט, ניט הערענדיג און ניט אַכטענדיג אויף דעם קניאַז'ס ווערטער. זי האָט געהאַט היץ און האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר פאַרטיעפט אין איהרע רייד, — און וואָסערע געלעגענהייטען די נייע ליעב האָט! זי האָט זיך דאָך אָנגעהויבען נאָך דאַמאָלס, ווען ער האָט נאָך ניט געקענט דעם מיידעל'ס אַלע מעלות! אין דער איי-נענער מינוט וואָס ער האָט יענעם אָוועגד געעפענט זיין האַרץ פאַר דעם מיידעל, אַז ער קען זי ניט ליעב האָבען, דערפאַר ווייל אַ פליכט און אַנ'אַנדערע ליעבע לאָזען איהם ניט, — האָט דאָס מיידעל פּלוצלינג אַרויסגעוויזען פאַר איהם אַזוי פיעל איידעלקייט, אַזוי פיעל מיטגע-פיהל צו איהם און צו איהר קאָנקורענטקע, אַזוי פיעל האַרציגע פאַר-געבונג, אַז ער, כאָטש ער האָט געגלויבט אין איהר שעהנקייט, איז איהם ניט איינגעפאַלען ביז יענעם אויגענבליק, אַז זי זאָל זיין אַזוי שעהן! און ער איז דאַמאָלס געקומען צופאָהרען צו מיר און האָט נאָר גערעדט וועגען איהר; זי האָט איהם צו שטאַרק איבעראַשט. יאָ, און אויפצומאַרגענס האָט ער דאָך ווידער געמוזט דערפיהלען די שטאַר-קע נויטווענדיגקייט ווידער צו זעהען דאָס וואונדערשעהנע בעשע-פעניש, כאָטש בלויז אויס דאַנקבאַרקייט. און פאַרוואָס זאָל ער צו איהר ניט פאָהרען? יענע, די אַמאָליגע, ליידט דאָך שוין ניט, יענער

גיט מען דאך אוועק א גאנצע אייביגקייט, און דא איז עס דאך בלויז א מינוט... און ווי אונדאנקבאר וואלט געווען די נאטאשא, ווען זי וואלט געוועזן אייפערזיכטיג אפילו אויף דער איינער מינוט ? און אט נעמט מען אונבעמערקטערהייט ביי דער נאטאשא'ן אוועק אנשטאט א מינוט, א טאג און צוויי און דריי... און דערוויילי ווייזט זיך דאס מיידעל ארויס פאר איהם אין א גאנץ אנדערן ליכט; זי איז אזא איידעלע, אנ'ענטוזיאסטקע און אין דער אייגענער צייט אזא נאאיווע קינד, און אין דעם איז זי אזוי ענליך צו איהם אין כאראקטער. זיי שווערען זיך אייגער דעם אנדערן פריינדשאפט, ברידערליכקייט, און ווילען זיך ניט צושיידען דאס גאנצע לעבען. „א י ז א ש מ ו ע ס פ ו ן א י נ ג א נ צ ע ן א פ י נ ף — ז ע ק ס ש ע ה" עפענט זיך זיין גאנצע נשמה פאר נייע געפיהלען, און דאס גאנצע הארץ זיינס גיט זיך אב... און צום סוף וועט קומען א צייט, טראכט איהר: ער וועט פאר־גלייכען זיין אמאליגע ליעבע מיט זיינע נייע, פרישע געפיהלען: דארט איז אלץ בעקאנט, שטענדיג דאס אייגענע; דארט איז מען אזוי ערנסט, מען פאדערט אזוי; דארט איז מען אויף איהם אייפערזיכטיג, מען זידעלט איהם, דארט זיינען טרעהרען... און ווען מען הויבט אן מיט איהם צו שטיפען, שפיעלען, איז עפעס ניט ווי מיט א גלייכען, נאר ווי מיט א קינד... און די הויפטזאך: אלץ איז אזוי ווי אמאל, אזוי בעקאנט...

טרערען און ביטערע ספאזמען האבען זי געשטיקט, אבער זי האט זיך געשטארקט אויף נאך א מינוט.

— און וואס איז ווייטער? און ווייטער איז די צייט; די חתונה מיט נאטאשא'ן איז דאך ניט געמאכט אויף באלד; צייט איז דא א סך, און אלץ וועט זיך ענדערען... און דא אייערע ווערטער, אנצוהערע־נישען, אויסטייטשעענישען, שעהנע רייד... מען קען אפילו שעלטען אט די פארדריסליכע נאטאשא; מען קען זי ארויסשטעלען אין אזא אונ־בעקוועם ליכט און... ווי אזוי דאס אלץ וועט זיך ענטשליעסען — ווייסט מען ניט, אבער דער זיעג איז אייערער! אליאשא! בעשולדיג מיך ניט, מיין פריינד! זאג ניט, אז איך פארשטעה ניט דיין ליעבע און שעץ זי ווענינ. איך וויים דאך, אז דו ליעבסט מיך אציגד אויך און אז אין דער מינוט, קען זיין, פארשטעהסטו ניט אויף וואס איך בע־קלאג מיך. איך וויים, אז איך האב זעהר־זעהר שלעכט געטהאן, וואס

איך האָב איצטער דאָס אַלץ ארויסגעזאָגט. אבער וואָס זאָל איך טהאָן, ווען איך פארשטעה דאָס אַלץ, און האָב דיך אַלץ מעהר און מעהר ליעב... אינגאנצען... אָהן בעוואוסטזיין.

זי האָט פארדעקט דאָס פּנים מיט די הענט, איז געפאַלען אויף א שטוהל און האָט זיך צוקלאָגט ווי א קינד. אליאָשא האָט זיך מיט א געשריי געוואָרפען צו איהר. ער האָט קיינמאָל ניט געקענט זעהען אָהן טרערען איהרע טרערען.

איהר געוויין, דאַכט זיך, האָט דעם קניאז זעהר געהאָלפען: אַלץ אַלץ וואָס נאַטאַשא האָט געזאָגט אין פארלויף פון איהר לאַנגער ער־קלערונג; אַלע שארפקייטען פון איהרע אויסגעזענג אנטקעגען איהם, פון וועלכע מען האָט זיך געמוזט באַליידיגען כאָטש בלויז אויס אנשטענ־דיגקייט, דאָס אַלץ האָט מען איצטער געקענט האַלטען פאר א ווילדען אויסברוך פון אייפערזוכט, פאר באַליידיגטער ליעבע, אפילו פאר א קרענק... מען האָט אפילו געמוזט ארויסווייזען מיטגעפיהל...

— בערוהיגט איך, טרייסט איך, נאַטאַשא ניקאָלאַיעווונא, — האָט דער קניאז זי געטרייסט, — דאָס איז אַלץ איינזאַמקייט, חלומות... איהר זענט געוועזן אזוי אויפגערעגט פון זיין לייכטזיניגער אויפפיה־רונג... אבער דאָס איז דאָך נאָר בלויז לייכטזין פון זיין זייט. דער הויפּט־פאקט, וועגען וועלכען איהר האָט בעזונדערס דערמאָנט, דער פאַרפאַל דיענסטאַג, וואָלט אייך גיכער בעדאַרפט בעווייזען די גאנצע גרענצלאָזיגקייט פון זיין צוגעבונדענקייט צו אייך, און איהר, פאר־קערט, האָט געטראַכט...

— אַ, רעדט ניט צו מיר, פייניגט מיך ניט כאָטש איצטער! — האָט נאַטאַשא איבערגעריסען, וויינענדיג ביטער, — מיר האָט שוין אַלץ דאָס הארץ געזאָגט און לאַנג געזאָגט! צי מיינט איהר טאַקע, אז איך פארשטעה ניט, אז זיין פריהעריגע ליעבע איז אינגאַנצען פער־ביי... דאָ, אין דעם צימער, אַליין... ווען ער האָט מיך איבערגעלאָזט, פארגעסען... האָב איך דאָס אַלץ איבערגעלעבט... אַלץ איבערגעט־טראַכט.. וואָס זשע האָב איך געזאָלט טהאָן! איך בעשולדיג דיך ניט, אַליאָשא... פארוואָס נארט איהר מיך אָב? צי מיינט איהר, אז איך האָב מיך שוין ניט פּרובירט אבצונארען!... אוי, וויפיעל מאָל, וויפיעל מאָל! צי האָב איך מיך דען ניט איינגעהערט אין יעדען קלאַנג פון זיין קול? צי האָב איך מיך ניט אויסגעלערנט לעזען פון זיין פּנים, פון

זיינע אויגען? אַלץ, אַלץ איז פאַרלוירען, אַלץ איז בעגראָבען... אַ, איך אומגליקליכער מענש!

אליאָשא האָט געוויינט פאַר איהר אויף די קניהען.

— יא, יא, דאָס בין איך שולדיג! אַלץ דורך מיר!... — האָט ער איבערגע'חזר'ט וויינענדיג.

— ניין, בעשולדיג דיך ניט, אליאָשא... דאָ זיינען דאָ אַנדערע... אונזערע שונאים... דאָס זיינען זיי... זיי!

— אָבער ערלויבט דאָך אמאָל, — האָט דער קניאז אָנגעהויבען מיט א געוויסער אומגעדולד, — אויף וואָס פאַר א גרונד שרייבט איהר מיר צו די אַלע... פאַרברעכענס? דאָס איז דאָך אַלץ זאַכען, וואָס איהר האָט אייך נאָר אָנגעשטויסען, עס איז דאָך מיט גאָרנישט בעוויזען...

— בעווייזען! — האָט נאַטאַשא אויסגעשריגען, האַסטיג אויפ־שטעהענדיג פון איהר שטוהל, — בעווייזען דאַרף מען אייך געבען, איהר ביטרער מענש! איהר האָט ניט געקענט, ניט געקענט אַנדערש האַנדלען, ווען איהר זענט דאָ אַהער געקומען מיט אייער פאַרשלאַג! איהר האָט בעדאַרפט צו בערוהיגען אייער זוהן, איינצושלעפען זיין געוויסען, וואָס האָט איהם געפּלאָגט, אַז ער זאָל זיך פרייער און רוהי־גער איינגאַנצען אָבגעבען צו קאַטיא'ן; אָהן דעם וואָלט ער מיך כסדר דערמאָנט, ער וואָלט זיך אייך ניט אונטערגעגעבען, און אייך איז דער־עסען געוואָרען צו וואַרטען. וואָס, איז דאָס ניט אמת?

— איך בין מודה — האָט דער קניאז געענטפערט מיט א סאַר־קאַסטישען שמייכעל, — ווען איך וואָלט אייך געוואָלט אָבנאַרען, וואָלט איך ווירקליך אזוי גערעכענט; איהר זענט זעהר... שאַרפזיניג, אָבער דאָס דאַרף מען דאָך בעווייזען און דאַמאָלס הייסט שוין באַליי־דיגען מענשען מיט אַזעלכע פאַרוואורפען...

— בעווייזען! און אייער פריהעריגע אויפפיהרונג, ווען איהר האָט איהם אָבגעשלאָגען פון מיר! דער וואָס לערנט דעם זוהן פאַר־נאַכלעסיגען און שפּיעלען מיט אַזעלכע פליכטען צוליעב וועלטליכע בעקוועמליכקייטען, צוליעב געלט, דער מאַכט איהם אויסגעלאַסען! וואָס האָט איהר דאָ גערעדט ניט לאַנג צוריק וועגען שטיעגען און וועגען א שלעכטער וואוינונג? האָט איהר ניט ביי איהם צוגענומען דאָס געהאַלט, וואָס איהר האָט איהם פריהער געגעבען, כדי אונז צו צווינגען, אַז מיר זאָלען זיך צוגעהן אויס נויט און הונגער? דורך אייך

איז די דירה, און די שטיעגען, און איצטער וואַרפט איהר עס איהם פאַר, איהר צוויי פּנים'דיגער מענש! און פון וואַנען האָט זיך פּלוצלונג בעוויזען צו אייך דאַמאָלס, יענעם אָוועגד, אזא הייסקייט, אזעלכע נייע איבערצייגונגען, וואָס שטימען גאָרנישט מיט אייך? און צו וואָס בין איך עס אייך אזוי צוניץ געקומען? איך בין דאָ אומגעגאַנגען די גאַנצע פיער טעג; האָב אַלץ בעטראַכט, אַלץ איבערגעוואויגען, אייער יעדעם וואָרט, דעם אויסדרוק פון אייער פּנים און האָב מיך איבערצייגט, אז דאָס אַלץ איז געווען אָנגעשטעלט, א שפּאָס, א קאָמעדיע, א באַליידיגענדע, נידריגע, אונווירדיגע קאָמעדיע... איך קען דאָך אייך, איך קען אייך לאַנג! יעדעס מאָל, ווען אַליאָשא איז געקומען צו פאָהרען פון אייך, האָב איך לויט זיין פּנים געטראָפען אַלץ, וואָס איהר האָט גערעדט צו איהם, וואָס איהר האָט איהם געלערנט; אַלע אייערע איינפלוסען, האָב איך אויסשטודירט אויף איהם! ניין, איהר קענט מיך ניט אָבנאַרען! אפשר האָט איהר נאָך אַנדערע אויסרעכנונגען, אפשר האָב איך נאָך דאָס סאַמע וויכטיגסטע איצט ניט אַרויסגעזאָגט; אָבער אַלצאַיינס! איהר האָט מיך אָבגענאַרט — דאָס איז די הויפּטזאַך! און דאָס האָט מען אייך בעדאַרפט זאָגען גלייך אין פּנים אריין!...

— נאָר דאָס? דאָס זיינען אַלע בעווייזען? אָבער ניט נאָר א טראַכט, איהר מאָדנע פרוי: מיט דעם אַרויסגאַנג (ווי איהר רופט אָן מיין פאָרשלאָג פון דיענסטאָג) האָב איך מיך צו שטאַרק פאַרבונדען. דאָס וואָלט געווען צו לייכטזיניג פאַר מיר.

— מיט וואָס, מיט וואָס האָט איהר אייך פאַרבונדען? וואָס הייסט אין אייערע אויגען מיך אָבנאַרען? און וואָס איז איגגאַנצען א באַליידיגונג פון עפּעס א מיידעל! זי איז דאָך אַן אומגליקליכע אַנטלאָפענע, פאַרשטויסען פון'ם פאָטער, שוצלאָז, א מ י י ד ע ל, וואָס האָט זיך אַליין פאַרפּאַטשקעט, אַן אונמאָראַליש מיידעל! לוינט זיך עפּעס מיט איהר צו צערעמאָניען זיך, אויב דער שפּאָס קען נאָר ברענגען א וואָסערע ס'איז בעקוועמליכקייט, כאָטש די קלענסטע!

— אין וואָס־זשע פאַר א לאַגע שטעלט איהר זיך אַליין, נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונא, בעטראַכט אַליין. איהר בעשטעהט אומבעדינגט אויף דעם, אז איך האָב אייך באַליידיגט. אָבער די באַליידיגונג איז

ראך אזוי וויכטיג, אזוי ערנידעריגענד, אז איך פארשטעה ניט, ווי אזוי מען קען עס זיך אפילו פארשטעלען, און נאך מעהר בעשטעהן דערויף. מען דארף שוין צופיעל צוגעוואוינט זיין צו אלעם, אז מען זאל דאס קענען אזוי לייכט צולאזען, ענטשולדיגט מיר. איך האב א רעכט אייך פארצוווארפען, ווייל איהר רייצט אויף מיין זוהן געגען מיר: אויב ער איז איצטער ניט אויפגעשטאנען געגען מיר פאר אייך, איז זיין הארץ געגען מיר...

— ניין, פאפא, ניין! — האט אליאשא א געשריי געטהאן, — אויב איך בין ניט אויפגעשטאנען געגען דיר, איז עס דערפאר, ווייל איך גלויב, אז דו האסט ניט געקענט באליידיגען, און איך קען דאך ניט גלויבען, אז מען זאל קענען אזוי באליידיגען!

— איהר הערט? — האט דער קניאז א געשריי געטהאן.

— נאטאשא, אין אלעם בין איך שולדיג, בעשולדיג איהם ניט. דאס איז א זינד און ס'איז שרעקליך!

— דו הערסט, וואניא? ער איז שוין געגען מיר! — האט נאטאשא א געשריי געטהאן.

— גענוג! — האט דער קניאז געזאגט, — מען דארף ענדיגען די שווערע סצענע. דער בלינדער און בייזער אויסברוך פון אייפערזוכט אהן שום גרענעצען מאהלט פאר מיר אייער כאראקטער אין א גאנץ נייעם ליכט. איך בין געווארענט. מיר האבען זיך צוגעאיילט, ווירקליך צוגעאיילט. איהר בעמערקט אפילו ניט, ווי איהר האט מיך באליידיגט; פאר אייך איז דאס גארנישט. צוגעאיילט זיך... צוגעאיילט זיך... געוויס, מייןווארט דארף זיין הייליג, אבער... איך בין א פאטער און איך וויל מיין זוהן זאל גליקליך זיין...

— איהר זאגט אייך אפ פון אייער זוהן, — האט נאטאשא א געשריי געטהאן אויסער זיך, — איהר האט אייך דערפרעהט מיט דעם צופאל! אבער וויסט, אז איך האב אליין, נאך מיט צוויי טעג צוריק דא איינע אליין, זיך ענטשלאסען צו בעפרייען איהם פון זיין ווארט, און איצט בעשטעטיג איך עס פאר אלע. איך זאג מיך אב!

— דאס הייסט, אפשר ווילט איהר אין איהם אויפוועקען זיין אמאליגע אונרוה, דאס געפיהל פון פליכט, די גאנצע „בענקשאפט נאך זיינע פליכטען" (ווי איהר האט אייך אליין דא ניט לאנג אויסגערעדט), כדי איהם דערמיט אויפסניי צוצובינדען צו זיך אזוי ווי

אמאָל. דאָס קומט דאָך אזוי אוים לויט אייער אייגענער טעאָריע; און דערפאר רעד איך אזוי; אבער גענוג; די צייט וועט בעשליעסען. איך וועל ווארטען אויף א רוהיגערע מינוט, זיך מיט אייך צונויפצורעדען. איך האָף, אז מיר רייסען ניט איבער אונזערע בעציהונגען פאָלשטענ־דיג. איך האָף אויך, אז איהר וועט אייך אויסלערנען מיך בעסער שעצען. איך האָב אייך נאָך היינט געוואָלט איבערגעבען מיין פּלאן וועגען אייערע עלטערען, און איהר וואָלט אליין געזעהען, אז... אבער גענוג! איוואן פּיעטראָוויטש! — האָט ער צוגעגעבען, צוגעהענדיג צו מיר, — איצטער מעהר ווי שטענדיג, וועט פאר מיר טייער זיין זיך נעהנטער צו בעקענען מיט אייך, שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, אז איך האָב שוין פון לאנג געהאט אזא פארלאנג. איך האָף, אז איהר וועט מיך פארשטעהן. איך וועל די טעג זיין ביי אייך; זועט איהר מיר ער־לויבען?

איך האָב מיך פארנייגט. מיר האָט זיך אליין אויסגעוויזען, אז איצטער האָב איך שוין ניט געקענט אויסמיידען זיין בעקאנטשאפט. ער האָט מיר געדריקט די האנט, האָט זיך שווייגענדיג פארנויגט פאר נאָ־טאשאַ'ן און איז ארויסגעגאנגען ווי מען וואָלט איהם באליידיגט דעם כבוד.

---

## פערטער קאַפּיטעל.

עטליכע מינוט האָבען מיר קיינער קיין וואָרט ניט גערעדט. נאָ־טאשאַ איז געזעסען א פארטראכטע, אנ'אומעטיגע און א דערשלאָגענע. איהר גאנצע ענערגיע האָט זי פלוצלונג פארלאָזט. זי האָט געקוקט גלייך פאר זיך, ניט זעהענדיג קיין זאך, ווי זי וואָלט זיך פארגעסען, און האָט געהאלטען אליאָשאַ'ס האנט אין איהר האנט. יענער וויעדער האָט שטיל צוגעוויינט אויף זיין אומגליק, און האָט פון צייט צו צייט גע־קוקט אויף איהר מיט שרעקעדיגער נייגעריגקייט.

צום סוף האָט ער זי פאמעליך אנגעהויבען צו טרייסטען, האָט זי געבעטען ניט בייז צו זיין, האָט זיך אליין באשולדיגט; מען האָט גע־

זעהען, אז ער האט זעהר געוואלט פארענטפערען דעם פאטער, און אז דאס איז איהם בעזונדערס שווער געלעגען אויפ׳ן הארץ; ער האט עט־ליכע מאל גענומען רעדען וועגען דעם, נאר ער האט ניט דערוועגט זיך, זיך קלאר ארויסצורעדען, מורא האבענדיג, אז ער וועט נאטאשא׳ן ווידער ברענגען אין בעס אריין. ער האט איהר געשוואוירען אייביגע טרייע ליעבע און האט זיך היים פארענטפערט פאר זיין צוגעבונדענ־קייט צו קאטיא׳ן; האט כסדר איבערגע׳חזר׳ט, אז ער האט ליעב קאטיא׳ן נאר ווי א שוועסטער, אזוי ווי א ליעבע גוטע שוועסטער, וועל־כע ער קען ניט איבערלאזען גאר אינגאנצען; אז דאס וואלט אפילו געווען גראב און גרויזאם פון זיין זייט און האט אלץ פארזיכערט, אז ווען נאטאשא וועט זיך בעקענען מיט קאטיא׳ן, וועלען זיי זיך ביידע באלד בעפריינדען, אזוי אז זיי וועלען זיך קיינמאל ניט צו־שיידען, און דאמאלס וועלען שוין קיין שום מיספארשטענדענישען ניט זיין. דער געדאנק איז איהם בעזונדערס געפעלען. דער ארעמער נעבעך, האט דעם מינדסטען ליגען ניט געזאגט. ער האט ניט פאר־שטאנען פארוואס נאטאשא האט זיך געשראקען, און ער האט אין אל־געמיין ניט גוט פארשטאנען, וואס זי האט דא ניט לאנג צוריק גערעדט צום פאטער. ער האט נאר פארשטאנען, אז זיי האבען זיך צוקריגט און דאס איז איהם געלעגען ווי א שווערער שטיין אויפ׳ן הארץ.

— דו האלטסט מיך שולדיג פאר׳ן טאטען? — האט נאטאשא געפרעגט.

— קען איך דיך האלטען שולדיג, — האט ער געענטפערט מיט א ביטערען געפיהל, — ווען איך בין אליין די אורזאך פון אלעם און בין אין אלעם שולדיג? דאס האב איך דיך צוגעפיהרט צו אזא צארן, און דו האסט אין דיין צארן שוין איהם בעשולדיגט, דערפאר ווייל דו האסט מיך געוואלט פארענטפערען: דו פארענטפערסט מיך שטענ־דיג און איך בין דאס ניט ווערט. מען האט בעדארפט אויסזוכען דעם שולדיגען, האסטו א טראכט געטהאן, אז דאס איז ער. און ער איז ווירקליך, ווירקליך ניט שולדיג! — האט אליאשא אויסגערופען, א בעלעבטער. — און איז ער דען מיט דעם אהערגעקומען! האט ער דען דאס ערוואַרט!

נאר זעהענדיג, אז נאטאשא קוקט אויף איהם מיט בענקשאפט און מיט אייגנעשפארטקייט, איז ער גלייך שטיל געבליבען.

— נו, איך וועל ניט מעהר, איך וועל ניט, זיי מיר מוחל, — האָט ער געזאָגט. — איך בין שולדיג אין אלעם!

— יאָ, אליאָשא, — האָט זי ווייטער גערעדט מיט א שווערען געפיהל. — איצט איז ער דורכגעגאנגען צווישע אונז און האָט אנגע־ריהרט אונזער גאנצען פריעדען אויפ'ן גאנצען לעבען. דו האָסט שטענ־דיג געגלויבט אין מיר מעהר ווי אין אלע; און איצט האָט ער אריינ־געגאָסען אין דיין הארץ א פארדאכט געגען מיר, אנ'אומצוטרוי, דו בעשולדיגסט מיך; ער האָט ביי מיר צוגענומען א העלפט פון דיין הארץ. א שווארצע קאַץ איז צווישען אונז דורכגעלאָפען.

— רעד ניט אזוי, נאטאשא. פארוואָס זאגסטו: „א שווארצע קאַץ?" — איהם האָט וועה געטהאָן דער אויסדרוק.

— ער האָט מיט פאלשער גוטסקייט, מיט ליגנערישער בריימהאר־ציגקייט דיך צוגעצויגען צו זיך, — האָט נאטאשא ווייטער גערעדט,— און איצטער וועט ער דיך אלץ מעהר און מעהר אויפרייצען געגען מיר.

— איך שווער דיר, אז ניט! — האָט אליאָשא אויסגעשריגען נאָך מיט א גרעסערען פייער. — ער איז געווען צורייצט, ווען ער האָט גע־זאָגט, אז מען האָט זיך „צוגעאיילט", — דו וועסט אליין זעהען, באלד מאָרגען, די טעג, ער וועט זיך א כאַפּ טהאָן, און אויב ער איז אויף אזוי ווייט ברוגז געוואָרען, אז ער וועט באמת ניט וועלען אונזער שידוך, שווער איך דיר, אז איך וועל איהם ניט פאָלגען. איך וועל אפשר האָ־בען כח אויף דעם... און ווייסטו, ווער עס וועט אונז העלפען, — האָט ער אויסגעשריגען פלוצלונג מיט בעגייסטערונג פון זיין אידעע, — קאטיאַ וועט אונז העלפען! און דו וועסט זעהען, וועסט זעהען, וואָס פאר א טייערער מענש זי איז! דו וועסט זעהען צי זי וויל מיט דיר קאָנקורירען און אונז צושיידען! און ווי אומגערעכט דו ביזט געווען ניט לאנג צוריק, ווען דו האָסט געזאָגט, אז איך בין פון די, וואָס קענען דעם צווייטען טאָג נאָך דער חתונה אויפהערען ליעב צו האָבען! ווי ביטער עס איז מיר געווען דאָס צו הערען! ניין, איך בין ניט אזעל־כער, און איך בין אָפט געפאָהרען צו קאטיאַ'ן...

— גענוג, אליאָשא, זיי ביי איהר, ווען דו ווילסט! איך האָב ניט וועגען דעם דאָ פריהער גערעדט. דו האָסט ניט אלץ פארשטאַנען. זיי

גליקליך מיט ווען דו ווילסט. איך קען דאך ניט פאדערען פון דיין הארץ מעהר וויפיעל עס קאן געבען...

מאווראַ איז אריינגעקומען.

— וואס זשע, דערלאנגען טהיי? א שפאס נו, שוין צוויי שעה ווי דער סאמאוואר קאכט; עלף א זייגער.

זי האט געפרעגט גראב און בייז; מען האט געזעהען, אז זי איז זעהר ניט אויפגעלעגט און איז בייז אויף נאטאשא'ן. די זאך איז די, אז זי איז פון די גאנצע טעג, פון דיענסטאג אן, געווען אין א מין בע־גייסטערונג, וואס איהר יונגע בעל הבית'טע (וועלכע זי האט זעהר ליעב געהאט) געהט חתונה האבען. וואס זי האט שוין בעוויזען דאס צו צופויקען איבער'ן גאנצען הויז, אין געוועלבעל, ביים סטרוזש. זי האט זיך געלויבט און האט מיט פרייד דערצעהלט, אז דער קניאז איז א וויכטיגער מענש, א גענעראל, און שרעקליך רייך, איז אליין געקו־מען צופאהרען בעטען, ביי איהר יונגער מאדאם, אז זי זאל צושטימען. און זי, מאווראַ, האט מיט איהרע אייגענע אויערען געהערט, און פלוצלונג איצטער איז אלץ אוועק מיט'ן רויך. דער קניאז איז אוועק־געפאהרען א ברוגז'ער, און קיין טהיי האט מען ניט דערלאנגט און, פארשטעהט זיך שוין, אז אין אלעם איז שולדיג די יונגע מאדאם. מאוו־ראַ האט געהערט ווי זי האט גערעדט מיט איהם אהן שום בעזונדערען כבוד.

— וואס זשע... דערלאנג, — האט נאטאשא געענטפערט.

— נו, און א פארבייסען דערלאנגען, וואס?

— נו, א פארבייסען אויך. — נאטאשא איז צוטומעלט געווארען.

— מען האט געגרייט און געגרייט! — האט מאווראַ ווייטער גערעדט, פון נעכטען אן איז מען אהן פיס געבליבען, איך בין געלאָ־פען נאך ווייז אויפ'ן ניעווסקי, און דא... — און זי איז ארויסגעגאנגען בייז א קלאפ טהוענדיג מיט דער טהיר.

נאטאשא איז רויט געווארען און האט עפעס מאדנע אויף מיר א קוק געטהאן. דערווייל האט מען דערלאנגט טהיי, און באלד צו פאר־בייסען; געווען עפעס א פיש, צוויי פלעשער זעהר גוטען וויין פון עליסעיעוו'ן. „צו וואס זשע האט מען דאס אלץ אנגעגרייט?“ האב איך געטראכט.

— דאס האב איך, וואניא, זעהסטו, אזא מענש בין איך, — האט

נאַטאַשאַ געזאָגט צוגעהענדיג צום טיש און פארשעהמענדיג זיך אפילו פאר מיר. — איך האָב דאָך פריהער געפיהלט, אז דאָס אלץ וועט היינט אזוי ארויסקומען, ווי עס איז ארויסגעקומען, און דאָך האָב איך גע־טראכט, אז אפשר, קען זיין, אז עס וועט זיך ניט אזוי ענדיגען. אליאָשאַ וועט קומען צופאָהרען, וועט זיך אָנהויבען איבערבעטען, מיר וועלען זיך איבערבעטען; אלע מיינע פארדאכטען וועלען זיך ארויסווייזען צו זיין פאלשע, מען וועט מיר איבערצייגען, אז איך האָב א טעות געהאט און... אויף יעדען פאַל האָב איך אָנגעגרייט א צוביים. נו, וואָס, איך האָב געמיינט, מיר וועלען זיך פאררעדען, פארזיצען...

אָרעמע נאַטאַשאַ נעבעך! זי איז אזוי רויט געוואָרען, ווען זי האָט דאָס גערעדט. אליאָשאַ איז אריינגעקומען אין א בעגייסטערונג.

— אָט זעהסטו, נאַטאַשאַ! — האָט ער א געשריי געטהאָן. — דו האָסט דיר אליין ניט געגלויבט; מיט צוויי שעה צוריק האָסטו נאָך ניט געגלויבט, אז זיין פארדאכט איז אמת! ניין, דאָס מוז מען אלץ גוט מאכען; איך בין שולדיג, איך בין שולדיג אין אלעם, און איך וועל אלץ גוט מאכען. נאַטאַשאַ, ערלויב מיר גלייך צוגעהן צום פּאַפּאַ! איך מוז איהם זעהען; ער איז באליידיגט, שטארק באליידיגט; מען דאַרף איהם טרייסטען, איך וועל איהם ארויסזאָגען אלץ, אלץ פון זיך, נאָר פון זיך אליין; דו וועסט דאָ ניט זיין פארמישט. און איך וועל אלץ אויסגלייכען... זיי ניט בייז אויף מיר, וואָס איך וויל אזוי געהן צו איהם און וואָס איך וויל דיך איבערלאָזען. עס איז גאָרנישט דאָס: מיר איז א רחמנות אויף איהם; ער וועט זיך פארענטפערען פאר דיר; וועסט זעהען... מאָרגען, ווי נאָר עס ווערט טאָג וועל איך זיין ביי דיר, און א גאַנצען טאָג ביי דיר, צו קאַטיא'ן וועל איך ניט פאָהרען...

— נאַטאַשאַ, מיין פריינד, מלאך מיינער, זיי ניט בייז אויף מיר, און מיר וועלען זיך קיינמאָל ניט קריגען. און גיב מיר דאָס וואָרט, אז דו וועסט מיר שטענדיג אין אלעם גלויבען, און איך דיר. אָט וואָס, מלאך מיינער, איך וועל דיר איצטער דערצעהלען, מיר זיינען אמאָל ביידע געוועזען צוקריגט, איך געדענק ניט צוליעב וואָס: איך בין געוועזען שולדיג. מיר האָבען ניט גערעדט צווישען זיך. איך האָב ניט געוואָלט זיין דער ערשטער צו בעטען ענטשולדיגונג, און מיר איז געוועזען שרעק־ליך טרויריג אויפ'ן הארצען: איך בין אומגעגאַנגען איבער דער שטאָדט, געקראָכען אומעטום, אריינגעגאַנגען צו פריינד. און אין הארץ איז

געוועז אזוי שווער, אזוי שווער... און דאמאלס איז מיר געקומען אויפ'ן זינען: אז ווען דו וואלסט צומביישפיעל פון עפעס קראנק געווארען און געשטארבען. און ווען איך וואלט דיך אין אמת'ען פארלוירען אויף אייביג. די געדאנקען זיינען מיר אלץ געווארען שווערער, שרעקליכער. און ביסלעכווייז האב איך מיר אנגעהויבען פארצושטעלען, אז איך בין אזוי ווי געקומען צו דיר אויפ'ן קבר, בין אנידערגעפאלען בעוואוסט־לאז, האב ארומגענומען דאס קבר און בין פארגליווערט געווארען פון בענקשאפט. איך האב מיר פארגעשטעלט, ווי איך וואלט געקושט דאס קבר, איך וואלט דיך גערופען פון דארט, כאטש אויף איין מינוט, און וואלט געבעטען ביי גאט א נס, אז דו זאלסט כאטש אויף איין אויגענ־בליק פאר מיר צוריק לעבעדיג ווערען; איך האב מיר פארגעשטעלט, ווי איך וואלט מיך אווארף געטהאן דיך ארומצונעמען, איך וואלט דיך צוגעדריקט צו זיך, און געקושט, און וואלט דוכט זיך דא געשטאר־בען פון גליק, וואס כאטש אויף איין אויגענבליק האב איך געקענט דיך נאך אמאל ארומנעמען אזוי ווי פריהער. און ווען איך האב מיר דאס פארגעשטעלט, האב איך פלוצלונג א טראכט געטהאן: אט וועל איך אויף איין אויגענבליק דיך בעטען ביי גאט, און דערווייל ביזטו דאך געוועז מיט מיר זעקס חדשים און שוין די זעקס חדשים וויפיעל מאל האבען מיר זיך צוקריעגט, וויפיעל טעג האבען מיר ניט גערעדט צווישען זיך! גאנצע טעג זיינען מיר געוועז צוקריעגט און מיר האבען פארנאכלעסיגט אונזער גליק, און דא רוף איך דיך נאר אויף איין מי־נוט ארויס פונ'ם קבר און פאר דער איינער מינוט בין איך בערייט צו בעצאהלען מיט'ן גאנצען לעבען!... ווען איך האב דאס אלץ בע־גריפען, האב איך ניט געקענט אויסהאלטען און האב מיך געלאזט צו דיר וואס שנעלער, בין געקומען צולויפען אהער און דו האסט שוין געווארט אויף מיר, און ווען מיר האבען זיך ארומגענומען נאכדעם ווי מיר זיינען געוועז צוקריעגט, געדענק איך, האב איך דיך אזוי שטארק צוגעדריקט צו מיין ברוסט, אזוי ווי איך וואלט דיך אויף אנ'אמת גע־האלטען ביים פארלירען. נאטאשא! לאמיר זיך קיינמאל ניט קריעגען! דאס איז מיר שטענדיג אזוי שווער! און צי קען מען דען, גאט, א טראכט טהאן, אז איך זאל דיך קענען פארלאזען!

נאטאשא האט געוויינט. זיי האבען זיך ביידע פעסט ארומגענו־מען, און אליאשא האט איהר נאך אמאל געשוואוירען, אז ער וועט זי

קיינמאָל ניט פארלאָזען. דערנאָך איז ער אוועקגעלאָפען צום פאטער. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז ער וועט אלץ אויסגלייכען, אלץ איינאָרדנען.

— אלץ איז געענדיגט! אלץ איז פארפאלען! — האָט נאטאשא געזאָגט, דריקענדיג מיין האנט ווי אין א קראמפף. — ער האָט מיך ליעב און וועט מיך קיינמאָל ניט אויפהערען ליעב צו האָבען; אבער ער האָט קאטיא'ן אויך ליעב און נאָך א געוויסער צייט וועט ער זי ליעב האָבען מעהר פון מיר. און דער עקעלהאפטער קניאז וועט ניט שלאָפען, און דאַן...

— נאטאשא! איך גלויב אליין, אז דער קניאז האנדעלט ניט ריין, אבער...

— דו גלויבסט ניט אלץ, וואָס איך האָב איהם ארויסגעזאָגט! איך האָב דאָס בעמערקט לויט דיין פּנים. אבער וואַרט, דו וועסט אליין זעהן, צי בין איך גערעכט געווען צי ניט? איך האָב דאָך נאָר דער־ווייל גערעדט אין אלגעמיין, און גאָט ווייסט, וואָס ער האָט נאָך אין קאָפּ! דאָס איז א שרעקליכער מענש. איך בין אומגעגאנגען דאָ די פיער טעג איבער'ן צימער און האָב מיך אנגעשטויסען וועגען אלעם. איהם נעמליך, אליאָשא'ן, האָט מען בעדארפט בעפרייען, גרינגער מאכען דאָס הארץ פון זיין אומעט, וואָס האָט איהם געשטערט צו לעבען, פון די פליכטען פון ליעבע צו מיר. ער האָט אויסגעטראכט דעם שידוך נאָך צוליעב דעם, אז ער זאָל זיך אריינרייבען צווישען אונז מיט זיין איינ־פלוס און זאָל פאר'כשופ'ען אליאָשא'ן מיט זיין איידעלקייט און גוט־הארציגקייט. דאָס איז אמת, אמת, וואַניא! אליאָשא האָט טאקע אזא כאראקטער. ער וואָלט זיך בערוהיגט אויף מיין חשבון; ער וואָלט זיך אויפגעהערט בעאונרוהיגען פאר מיר. ער וואָלט געטראכט: וואָס זשע, איצטער איז זי דאָך שוין מיין ווייב, אויף אייביג מיט מיר, און ניט ווילענדיג וואָלט ער אנגעהויבען צו שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט קאטיא'ן. דער קניאז האָט, ווייזט אויס, אויסגעשטודירט די קאטיא און האָט זיך איבערצייגט, אז זי איז פאר איהם א פּאָר, אז זי וועט איהם קענען שטארקער צוציהען איידער איך. אוי, וואַניא! אויף דיר ליעגט איצטער מיין גאנצע האָפענונג: ער וויל זיך מיט דיר צוליעב עפּעס צונויפגעהן, בעקענען זיך. שטויס דאָס ניט אָב און בעמיה דיך, טייערער, ווי גאָט איז דיר ליעב, וואָס גיכער אריינצופאלען צו דער

גרעפין. בעקען דיך מיט דער קאטיא, בעטראכט זי בעסער און זאג מיר: וואס איז זי אזוינס? איך דארף, אז דיין בליק זאל דארט זיין. קיינער פארשטעהט מיך ניט אזוי ווי דו, און דו וועסט פארשטעהן וואס איך דארף. זעה אויך אויף ווי וויט פריינדשאפטליך זיי זיינען, וואס איז צווישען זיי, וועגען וואס זיי רעדען; קאטיא'ן, קאטיא'ן, די הויפטזאך, זאלסטו בעטראכטען... דערוויי! מיר נאך דאס איינע מאל, ליעבער, גע־ליעבטער וואניא, מיינער, דערוויי! מיר נאך אמאל דיין פריינדשאפט! אויף דיר, נאר אויף דיר איז איצטער מיין האפנונג!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך בין צוריקגעקומען אהיים, איז שוין געווען איינס אזייגער ביינאכט. נעלי האט מיר געעפענט מיט א פארשלאפען פנים. זי האט געשמייכעלט און א ליכטיגען קוק געטהאן אויף מיר. די ארעמע איז נעבעך שטארק ברוגז געווען אויף זיך אליין, פארוואס זי איז אנט־שלאפען געווארען. זי האט אלץ געוואלט זיך דערווארטען אויף מיר. זי האט מיר געזאגט, אז אימיצער איז געקומען פרעגען אויף מיר, איז געזעסען מיט איהר און האט איבערגעלאזט פאר מיר א צעטעלע אויפ'ן טיש. דאס צעטעלע איז געווען פון מאסלאבאיעוו'ן. ער האט מיך גע־רופען צו זיך אויף מארגען איינס א זייגער. איך האב געוואלט נעלי'ן אויספרעגען, נאר איך האב עס אבגעלעגט ביז מארגען, און האב מיך איינגע'עקשנ'ט, אז זי זאל דוקא געהן שלאפען; די ארעמע וואס איז נעבעך אזוי אויך געווען מיעד, איז איינגעשלאפען ערשט א האלבע שעה נאך מיין קומען.

---

## פינפטער קאפיטעל.

אין דער פריה האט מיר נעלי דערצעהלט וועגען דעם נעכטיגען וויזיט גענוג מאדנע זאכען. איבריגענס, דאס אליין איז שוין געווען מאדנע, וואס מאסלאבאיעוו'ן איז איינגעפאלען דעם אווענד צו קומען: ער האט זיכער געוואוסט, אז איך וועל ניט זיין אין דער היים; איך האב איהם אליין פריהער געלאזט וויסען וועגען דעם, ווען מיר האבען

זיך צום ערשטען מאָל געזעהען, און ער האָט דאָס גוט געדענקט. נעלי האָט דערצעהלט, אז אין אָנהויב האָט זי ניט געוואָלט עפנען, דערפאַר ווייל זי האָט מורא געהאַט: עס איז שוין געווען אכט אזייגער אין אָווענד. נאָר ער האָט זיך אייַנגעבעטען ביי איהר דורך דער פאַרמאַכ־טער טהיר, פאַרזיכערענדיג, אז אויב ער וועט מיר איצטער ניט אי־בערלאָזען קיין צעטעלע, וועט מיר מאָרגען דערפאַר זיין עפּעס זעהר שלעכט. ווען זי האָט איהם אריינגעלאָזט, האָט ער גלייך אָנגעשריבען דאָס צעטעלע, איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט זיך געזעצט נעבען איהר אויף דער קאַנאַפּע. „איך בין אויפגעשטאַנען און האָב ניט גע־וואָלט רעדען מיט איהם, — האָט נעלי דערצעהלט, — איך האָב זעהר מורא געהאַט פאַר איהם; ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען וועגען דער בובנאָווא, ווי בייז זי איז איצטער, אז זי וועט זיך שוין ניט דערוועג־נען מיך איצטער צו נעמען, און האָט אָנגעהויבען אייך צו לויבען; ער האָט געזאָגט, אז ער איז מיט אייך א גרויסער גוטער פריינד און האָט אייך געקענט, ווען איהר זענט נאָך געווען א קליין אינגעל. דאָ האָב איך אָנגעהויבען מיט איהם צו רעדען. ער האָט ארויסגענומען זיסע זאַ־כען און געבעטען, אז איך זאָל אויך עסען; איך האָב ניט געוואָלט; ער האָט מיך אָנגעהויבען דאַמאָלס צו פאַרזיכערען, אז ער איז א גוטער מענש, אז ער קען זינגען ליעדער און טאַנצען: ער איז אויפגע־שפּרונגען און האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען. מיר האָט זיך געגלוסט צו לאַכען. דערנאָך האָט ער געזאָגט, אז ער וועט זיצען נאָך אביסעל,— איך וועל וואַרטען אויף וואַניאַ'ן, אפשר וועט ער צוריקקומען, — און ער האָט מיך זעהר געבעטען, אז איך זאָל ניט קיין מורא האָבען און זאָל מיך זעצען נעבען איהם. איך האָב מיך געזעצט, נאָר איך האָב קיין זאַך ניט געוואָלט מיט איהם רעדען. דאַמאָלט האָט ער מיר געזאָגט, אז ער האָט געקענט די מאַמעשי און דעם זיידען און... דאָ האָב איך אָנגע־הויבען צו רעדען. און ער איז לאַנג געזעסען"...

— און וועגען וואָס האָט איהר דען גערעדט?

— וועגען דער מאַמעשי... וועגען דער בובנאָווא... וועגען זיידען. ער איז געזעסען א שעה צוויי.

נעלי האָט כמעט ווי ניט געוואָלט דערצעהלען, וועגען וואָס זיי האָבען גערעדט. איך האָב זי ניט אויסגעפרעגט, האָפענדיג, אז איך וועל אַלץ געוואָר ווערען פון מאַסלאָבאָיעוו'ן. מיר האָט זיך נאָר אויס־

געוויזען, אז מאסלאבאיעוו איז אומיסטען געקומען, ווען איך בין ניט געווען כדי צו טרעפען נעלי'ן אליין. „צו וואס דארף ער דאס?“ האב איך געטראכט.

זי האט מיר געוויזען דריי קאנפעקטען, וואס ער האט איהר געגעבען. דאס זיינען געווען צוקערלעך מיט גרינע און רויטע פאפירלעך, זעהר שלעכטע און מסתמא געקויפט אין א פרוכט־געוועלב. נעלי האט זיך צולאכט, ווען זי האט זיי מיר געוויזען.

— פארוואס זשע האסטו זיי ניט געגעסען? — האב איך גע־פרעגט.

— איך וויל ניט, — האט זי געענטפערט ערנסט, אנכמורענ־דיג די ברעמען. — און איך האב זיי ניט גענומען ביי איהם; ער האט זיי אליין איבערגעלאזט אויף דער קאנאפע...

יענעם טאג איז מיר פארגעשטאנען א סך צו געהן. איך האב מיך גענומען געזעגנען מיט נעלי'ן.

— ס'איז דיר אומעטיג אליין? — האב איך זי געפרעגט, אוועק־געהענדיג.

— ס'איז יא אומעטיג און ס'איז ניט אומעטיג. ס'איז אומעטיג דערפאר, ווייל איהר זענט לאנג נישטא.

און זי האט מיט אזא ליעבשאפט א קוק געטהאן אויף מיר, ווען זי האט דאס געזאגט. יענעם גאנצען פריהמארגען האט זי געקוקט אויף מיר מיט אזא צערטליכען בליק און זי האט אויסגעזעהען אזא פרעהליכע, אזא צערטליכע, און אין דער אייגענער צייט איז עפעס שע־מעוודיגס, אפילו שרעק אביסעל געווען אין איהר, גלייך זי וואלט מורא געהאט מיר מיט עפעס קרענקונג צו פארשאפען, צו פארלירען מיין צוגעבונדענקייט און... און צופיעל ארויסרעדען זיך, גלייך זי וואלט זיך געשעהמט דערפאר.

— און מיט וואס איז עס דיר ניט אומעטיג? דו האסט דאך גע־זאגט, אז דיר איז „אי אומעטיג אי נישט אומעטיג?“ — האב איך געפרעגט, נישט ווילענדיג שמייכלענדיג צו איהר, — אזוי ליעב און טייער איז זי מיר געווארען.

— איך וויים שוין אליין מיט וואס, — האט זי געענטפערט, שמייכלענדיג און זיך ווידער פאר עפעס פארשעהמט. מיר האבען גע־רעדט אויף דער שוועל ביי דער אפענער טהיר. נעלי איז געשטאנען

פאַר מיר מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, מיך אַנכאַפּענדיג מיט איין האַנט פאַר'ן אַקסעל און האָט מיט דעם אַנדערען געצופּט דעם אַרבעל פון מיין ראָק.

— וואָס זשע איז דאָס אַ סוד? — האָב איך געפרעגט.

— ניין... גאַרנישט... איך, — איך האָב אייער ביכעל אָנגעהויבען צו לעזען, ווען איהר זענט אין דערהיים ניט געווען, — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ האַלב קול און, אויפהויבענדיג אויף מיר איהר צערטליכען, דורכדרינגליכען בליק, איז זי איינגאַנצען רויט געוואָרען.

— אַ, אַזוי גאָר! וואָס זשע, עס געפעלט דיר? — איך בין געווען צוטומעלט, ווי אַ פּראָפעסער, ווען מען לויבט איהם אין די אויגען. נאָר איך וואָלט גאָט ווייסט וואָס געגעבען, ווען איך וואָלט איהר געקאָנט אין דער מינוט אַ קוש טהאָן. נאָר עפּעס האָט מען ניט געטאָרט איהר אַ קוש טהאָן. נעלי איז שטיל געבליבען.

— פאַרוואָס, פאַרוואָס איז ער געשטאָרבען? — האָט זי געפרעגט מיט אַן אויסזעהן פון טיעפסטען טרויער, האָט פאַרבייגעהענדיג אַ קוק געטהאָן אויף מיר און האָט פּלוצלונג ווידער אַראָבגעלאָזט די אויגען.

—ווער?

— אָט דער, דער יונגער, וואָס האָט שווינדזוכט... אינ'ם ביכעל?

— וואָס קען מען טהאָן, אַזוי האָט געמוזט זיין, נעלי.

— עס מוז שוין גאַרנישט, — האָט זי געענטפערט כמעט שעפּטשענדיג, נאָר פּלוצלונג האָט זי אָבגעריסען, שיער ניט בייז געוואָרען, האָט אָנגעבלאָזען די ליפּלעך, און נאָך פאַר'עקשנ'טער אָנגעשטעלט די אויגלעך אויף דער ערד.

נאָך אַ מינוט איז פאַרביי.

— און זי... נו, און אָט זיינען זיי... דאָס מיידעל און דער אַלטער, — האָט זי געמורמעלט, און האָט מיך כסדר, אַזוי ווי נאָך שטאַרקער געצופּט פאַר'ן אַרבעל, — וואָס זשע זיי וועלען וואוינען צוזאַמען? און וועלען ניט זיין אָרעם?

— ניין, נעלי, זי וועט אוועקפאָהרען ווייט: וועט חתונה האָבען מיט אַ גוטבעזיצער, און ער וועט בלייבען אַליין, — האָב איך געענטפערט מיט דעם שטאַרקסטען מיטגעפיהל, עס האָט מיר ווירקליך וועה געטהאָן וואָס איך קען איהר קיין שום בעסערע טרייסט ניט געבען.

— נו, אט... אט האסטו! אט ווי עס געהט! אוי, וואסערע מענ־שען!... איצטער וויל איך עס אפילו ניט לעזען!

און זי האט בייז אבגעשטויסען מיין האנט, האט זיך שנעל אבגע־קעהרט פון מיר, איז אוועקגעגאנגען צום טיש און איז געבליבען שטעהן מיט'ן פנים צום ווינקעל, מיט די אויגען צו דער ערד. זי איז אינגאנ־צען רויט געווארען און האט בערוועז געאטהעמט, ווי פון שרעקליכער ביטערקייט.

— גענוג, נעלי, דו ביזט ברוגז געווארען! — האב איך אנגע־הויבען צונעהענדיג צו איהר, — דאס איז דאך אלץ ניט אמת וואס דארט איז אנגעשריבען, — זוויסגעטראכט; נו, וואס איז דא פארהאן וואס ברוגז צו זיין! דו גוטהארציג מיידעלע!

— איך בין ניט ברוגז, — האט זי שוואך ארויסגערעדט, אויפ־הויבענדיג אויף מיר אזא ליכטיגען, אזא ליעבענדיגען בליק; דערנאך האט זי פלוצלונג אנגעכאפט מיין האנט, האט צוגעדריקט צו מיין ברוסט דאס פנים און האט זיך דורך עפעס צעוויינט.

נאר זי האט זיך באלד אין דער אייגענער מינוט צולאכט. — און האט געוויינט און געלאכט צוזאמען. און מיר האט זיך אויך געגלוסט לאכען און עפעס... איז מיר זים געווען. נאר זי האט אויף קיין פאל ניט געוואלט אויפהויבען דעם קאפ צו מיר, און ווען איך האב גענומען אברייסען איהר פנים'על פון מיין ברוסט, האט זי זיך אלץ פעסטער און פעסטער צוגעדריקט און אלץ שטארקער און שטארקער געלאכט.

צום סוף האט זיך די סצענע געענדיגט. מיר האבען זיך געזעג־נענט; איך האב מיך געאיילט. נעלי, וועלכע איז אינגאנצען רויט גע־ווארען און וועלכע איז נאך אזוי ווי פארשעהמט געווארען, איז מיט פינקלענדיגע אייגעלעך ווי שטערען, ארויסגעלאפען נאך מיר אויף די שטיעגען און מיך געבעטען זיך גיך אומצוקערען. איך האב איהר צוגע־זאגט צו זיין אומבעדינגט צוריק צום מיטאג און וואס מעגליך פריהער.

צו ערשט בין איך אוועק צו די אלטע לייט. ביידע האבען אונטער־געקרענקט. אננא אנדרעיעווגא איז געווען גאר קראנק; ניקאלאי סער־געאיטש איז געזעסען ביי זיך אין קאבינעט. ער האט געהערט, אז איך בין געקומען, נאר איך האב געוואוסט, אז ער וועט ווי געוועהנליך ניט ארויסקומען פריהער, ווי אין א פערטעל שעה ארום, כדי ער זאל אונז לאזען זיך אויסשמועסען. איך האב ניט געוואלט זעהר אויפרעגען אנ־

נאַ אַנדרעיעוונאַ'ן און דערפאַר האָב איך ווי מעגליך ווייכער געמאַכט מיין ערצעהלונג וועגען דעם נעכטיגען אָוועגד, אָבער איך האָב ארויסגע־זאָגט דעם אמת; צו מיין פאַרוואונדערונג האָט די אַלטיטשקע, כאָטש מיט וועהטאָג, נאָר עפּעס ווי אָהן פאַרוואונדערונג, אויפגענומען די נייעס וועגען דער מעגליכקייט פון אַ ריס.

— נו, טאַטעלע, אַזוי האָב איך טאַקע געטראַכט, — האָט זי גע־זאָגט. — איהר זענט דאַמאָלס אוועק און איך האָב לאַנג געטראַכט און האָב מיך אַנגעטראַכט, אַז דאָס טאָר ניט געשעהן. מיר האָבען עס זיך ניט פאַרדיענט ביי גאָט, און דער מענש איז אַזאַ נידריגער; קען מען דען פון איהם עפּעס גוטס ערוואַרטען. אַ קליינינקייט, נעמט פון אונז צעהן טויזענד אומזיסט, ער ווייסט דאָך, אַז אומזיסט, און נעמט עס דאָך. נעמט אוועק דאָס לעצטע שטיקעל ברויט; איכמעניעווקע וועט מען פערקויפען. און נאַטאַ־שענקע איז גערעכט און קלוג, וואָס זי האָט זיי ניט געגלויבט. און ווייסט איהר נאָך וואָס, טאַטעלע, — האָט זי ווייטער גערעדט מיט אַ שטילערער שטים, — מיינער! מיינער! ער גיעהט גאָר אינגאַנצען געגען דעם שידוך. האָט זיך אַנגעהויבען ארויסרעדען: איך וויל ניט, זאָגט ער! אין אָנהויב האָב איך געמיינט, אַז ער נאַרט אָב; ניין, אויף אַנ'אמת. וואָס זשע וועט דאַמאָלס זיין מיט איהר, מיט דעם טייבע־לע? ער וועט זי דאָך דאַמאָלס אינגאַנצען פאַרשעלטען, און, און יענער דאָרט, אַליאָשאַ הייסט עס, ער וואָס?

און לאַנג האָט זי מיך נאָך אויסגעפרעגט, און לויט איהר גע־וואוינהייט, געזיפצט און געקרעכצט מיט מיין יעדען ענטפער. אין אַלגעמיין האָב איך בעמערקט, אַז זי האָט זיך די לעצטע צייט עפּעס אַזוי ווי אינגאַנצען פאַרלוירען. יעדע נייעס האָט זי אויפגערודערט. דער טרויער נאָך נאַטאַשאַ'ן האָט אָבגעטויט איהר האַרץ און געזונט.

דער אַלטער איז אריינגעקומען אין אַ שלאָפראָק, אין לאַטשען; ער האָט זיך בעקלאָגט אויף פיעבער, נאָר ער האָט מיט צערטליכקייט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן ווייב און איז די גאַנצע צייט וואָס איך בין גע־ווען ביי זיי, זיך אומגעגאַנגען מיט איהר, ווי אַ ניאַנקע, האָט איהר געקוקט אין די אויגען אריין, האָט זיך אפילו געפיהלט קליין געגען איהר. אין זיין בליק איז געווען אַזוי פיעל צערטליכקייט. ער איז געווען

דערשראָקען פון איהר קראנקהייט; ער האָט געפיהלט, אז ער וועט פארלירען אלץ אין לעבען, ווען ער וועט זי אויך פארלירען.

איך בין אָבגעזעסען ביי זיי אונגעפעהר א שעה. ווען איך האָב מיך געזעגענט, איז ער ארויסגעגאנגען נאָך מיר אין פאָדערצימער און גענומען רעדען וועגען נעלי'ן. ער האָט ערנסט געדענקט זי צוצונעמען צו זיך אין הויז אריין אנשטאָט דער טאָכטער. ער האָט זיך אָנגעהויבען עצה'ן מיט מיר, ווי אזוי ער זאָל צו דעם צורעדען אַננא אַנדרעיעוונא'ן. מיט א בעזונדערער נייגעריגקייט האָט ער מיך גענומען אויספרעגען וועגען נעלי'ן, און צי בין איך ניט געוואָר געווארען וועגען איהר עפּעס נייעס? איך האָב איהם אויף געשווינד דערצעהלט. מיין ערצעהלונג האָט געמאכט אויף איהם אַנ'איינדרוק.

— מיר וועלען נאָך רעדען וועגען דעם, — האָט ער ענטשלאָסען געזאָגט, — און דערווייל... און איבריגענס, איך וועל אליין צו דיר קומען, לאָמיך נאָר פאַפראַווען אביסעל דאָס געזונד. דאַמאָלס וועלען מיר שוין בעשליסען.

פּונקט צוועלף אזייגער בין איך געווען ביי מאסלאָבאָיעוו'ן. צו מיין גרויסער ערשטוינונג איז דאָס ערשטע פּנים, וואָס איך האָב בעגעגענט אריינגעהענדיג צו איהם, געווען דער קניאז. ער האָט אין פאָדערצימער אָנגעטהאָן זיין מאנטעל און מאסלאָבאָיעוו האָט איהם געשיקט צוגעהאָלפען און איהם דערלאנגט זיין שטעקען. ער האָט מיר שוין געהאט דערצעהלט וועגען זיין בעקאנטשאפט מיט'ן קניאז, נאָר דאָך האָט מיך די בעגעגניש אויסערגעוועהנליך ערשטוינט.

דער קניאז איז אזוי ווי צוטומעלט געוואָרען, ווען ער האָט מיך דערזעהען.

— אך, דאָס זענט איהר! — האָט ער א געשריי געטהאָן שוין אזוי ווי מיט צופיעל היץ, — שטעלט אייך נאָר פאָר, וואָס פאר א בעגעגניש! איבריגענס, איך בין נאָר וואָס געוואָר געוואָרען פון הערר מאסלאָבאָיעוו'ן, אז איהר זענט בעקענט מיט איהם. עס פרעהט מיך, עס פרעהט מיך, עס פרעהט מיך אויסערגעוועהנליך. וואָס איך האָב אייך געטראָפען; איך האָב אייך טאקע געוואָלט זעהען און איך האָף אזוי שנעל ווי מעגליך צו קומען צו אייך; וועט איהר מיר ערלויבען? איך וויל אייך עפּעס בעטען: העלפט מיר, מאכט מיר קלאָר אונזער איצטיגע לאגע. איהר האָט געוויס פארשטאַנען, אז איך רעד וועגען

דעם נעכטיגען... איהר זענט דאָרט בעקאנט, ווי א גוטער פריינד, איהר ווייסט גענוי ווי די גאנצע זאך איז צוגעגאנגען; איהר האָט אן איינפלוס... עס פארדריסט מיך זעהר, וואָס איך קען ניט מיט אייך גלייך איצטער... געשעפטען! אבער די טעג און, קען זיין, נאָך שנעלער וועל איך האָבען דאָס פארגעניגען צו זיין ביי אייך. און איצטער...

עפּעס האָט ער מיר שוין אזוי ווי צו שטארק געדריקט די האנט, האָט זיך איבערגעוואונקען מיט מאסלאָבאָיעוו'ן און איז ארויסגעגאנגען.

— זאָג מיר, ווי גאָט איז דיר ליעב... — האָב איך אָנגעהויבען, אריינגעהענדיג אין צימער.

— איך וועל דיר גאנץ פּשוט גאָר נישט זאָגען, — האָט מאסלאָבאָיעוו איבערגעשלאָגען כאַפּענדיג געשווינד זיין היטעל און ארויסגעהענדיג אין פאָדערצימער, — געשעפטען! איך, ברודער, לויף אליין, איך האָב פארשפּעטיגט!...

— דו האָסט דאָך אליין געשריבען, אז צוועלף א זייגער.

— וואָס זשע, אז איך האָב דיר געשריבען? נעכטען האָב איך דיר געשריבען און היינט האָט מען מיר געשריבען, אזוי, אז דער קאָפּ האָט מיר גענומען פּלאצען, — אזעלכע געשעפטען! מען וואַרט אויף מיר. זיי מוחל, וואַניאַ. אלץ וואָס איך קען דיר זאָגען, איז אז דו מעגסט מיר אָנברעכען די ביינער, וואָס איך האָב דיך אומזיסט בעאונרוהיגט. אויב דו ווילסט דיך בעפריעדיגען טאָ האק, נאָר, ווי גאָט איז דיר ליעב, מאך עס שנעלער! האלט מיך ניט אָב, געשעפטען וואַרטען...

— פארוואָס זאָל איך דיך שלאָגען? געשעפטען, טאָ געה געשווינדער, ביי יעדען טרעפען זיך אונערווארטע זאכען. נאָר...

— ניין, וועגען ד ע ם נ אָ ר וועל איך דיר שוין עפּעס זאָגען, — האָט ער איבערגעשלאָגען, ארויסשפּרינגענדיג אין פאָדערצימער און אָנטהועגדיג זיין שינעל (נאָך איהם האָב איך מיך שוין אויך גענומען אָנטהון). — איך האָב צו דיר אויך א זאך; זעהר א וויכטיגע זאך; צוליעב דעם האָב איך עס דיך גערופען; עס געהט אָן דיך דירעקט און דיינע אינטערעסען. און אזוי ווי אין איין מינוט, איצטער, קען מען עס ניט דערצעהלען, טאָ גיב מיר, ווי גאָט איז דיר ליעב, דיין וואָרט, אז דו וועסט קומען צו מיר היינט פונקט זיבען

א זייגער, ניט פריהער, ניט שפעטער. איך וועל זיין אין דערהיים.

— הייגט, האב איך געזאגט אנ'אונענטשלאסענער, — נו, ברוד־דער, איך האב היינט אוועגד געוואלט אריינגעהן...

— געה, טייערינקער, גלייך אהין, וואוהין דו האסט אין אווענד געוואלט געהן, און אין אווענט קום צו מיר. דערפאר, וואניא, ווייל דו קענסט דיר אפילו ניט פארשטעלען, וואסערע זאכען איך וועל דיר דערצעהלען.

— אבער ערלויב נאר, ערלויבט נאר; וואס אזוינס? איך בין דיר מודה, דו האסט מיך נייגעריג געמאכט.

דערווייל זיינען מיר ארויס פונ'ם טויער און מיר זיינען געשטא־נען אויפ'ן טראטואר.

— ווערסטו זיין? — האט ער פעסט געפרעגט.

— איך האב געזאגט, אז איך וועל זיין.

— ניין, גיב דיין עהרענווארט.

— וואס דרעהסטו א קאפ! נו, מיין עהרענווארט.

— דאס איז זעהר שעהן און איידעל פון דיר. וואוהין דארפסטו געהן?

— אהער, — האב איך געענטפערט, אנווייזענדיג אויף רעכטס.

— און איך דארף אהער, — האט ער געזאגט, ווייזענדיג לינקס.— זיי געזונט, וואניא! געדענק, זיבען א זייגער.

„מאדנע", האב איך געטראכט, נאכקוקענדיג איהם.

אין אווענט האב איך געוואלט זיין ביי נאטאשא'ן. נאר אזוי ווי איך האב איצטער געגעבען דאסווארט, האב איך בעשלאסען צוגעהן צו איהר איצטער. איך בין געווען זיכער, אז איך וועל ביי איהר טרע־פען אליאשא'ן. ווירקליך, ער איז דארט געווען און האט זיך שרעקליך דערפרעהט, ווען איך בין אריינגעקומען.

ער איז געווען זעהר ליעב, אונגעוועהנליך צערטליך מיט נאטא־שא'ן און איז אפילו פרעהליך געווארען פון מיין קומען. נאטאשא, כאטש זי האט זיך בעמיהט אויסצוזעהן פרעהליך, האט מען אבער געזעהן, אז זי טהוט עס איבער איהרע כחות. איהר פנים איז געווען קראנק און בלייך; זי איז שלעכט געשלאפען ביינאכט. צו אליאשא'ן איז זי געווען עפעס אנגעשטרענגט צערטליך.

אליאשא, כאטש ער האט א סך גערעדט, א סך דערצעהלט, ווע־

לענדיג זי, ווייזט אויס, דערמיט פרעהליכער מאכען און אראבברייסען דעם שמייכעל פון די ליפען, וועלכע האבען זיך ניט ווילענדיג ניט געלעגט אויף קיין שמייכעל, האט מען אבער געקענט בעמערקען, אז ער מיידט אויס אין זיין שמועס קאטיא'ן און דעם פאטער. הפנים, אז זיין נעכטיגע פראבע צו מאכען שלום האט זיך איהם ניט איינגעגעבען.

— ווייסט וואס? איהם ווילט זיך שרעקליך אוועקגעהן פון מיר.

— האט מיר נאטאשא שנעל איינגערוימט, ווען ער איז אויף א מינוט ארויסגעגאנגען עפעס זאגען מאווראַ'ן, — נאר ער האט מורא. און איך אליין האב איהם מורא צו זאגען, אז ער זאל אוועקגעהן, ווייל דאמאלס, פארשטעהסטו, וועט ער אומיסטען ניט אוועקגעהן, און מעהר פון אלץ האב איך מורא, אז עס וועט איהם דערעסען ווערען און ער וועט דער־פאר צו מיר אינגאנצען אבגעקיהלט ווערען! ווי אזוי טהוט מען?

— גאט, אין וואס פאר א לאגע איהר שטעלט אייך אליין! און ווי צווייפלענדיג איהר זענט, און ווי איהר שפירט אייך נאך איינער דעם אנדערען! מען דארף זיך פשוט אויס'טענה'ען, און א סוף. אט צוליעב דער לאגע, קען זיין, וועט עס איהם טאקע דערעסען.

— וואס זשע וועט זיין? — האט זי אויסגעשריען א דערשראָ־קענע.

—ווארט, איך וועל אייך אלץ איינאָרדענען... — און איך בין ארוים אין קיך אריין מיט אן אויסרייד צו בעטען מאווראַ'ן, אז זי זאל מיר אבווישען איינעם פון מיינע קאלאשען, וועלכער איז זעהר איינ־געריכט.

— פאָרזיכטיג, וואניא! — האט זי מיר נאָכגעשריגען.

ווי נאר איך בין אריין צו מאווראַ'ן, האט זיך אליאשא געטהאָן אזא לאָז צו מיר, ווי ער וואלט אויף מיר געוואַרט.

— איוואן פּיעטראָוויטש, טייערער, וואס זאל איך טהאָן? גיט מיר אן עצה: איך האב נאך נעכטען געגעבען דאס ווארט צו זיין היינט, טאקע איצטער ביי קאטיא'ן. איך קען דאך ניט מאכען אזעלכע קונ־צען! איך האב ליעב נאטאשא'ן אזוי ווי איך ווייס ניט וואס, איך בין פשוט גרייט אין פייער אריין, אבער איהר מוזט דאך אליין צוגעבען, אז דארטען אינגאנצען אוועקוואָרפען קען מען דאך ניט...

— נו, וואס זשע, פאָהרט...

— און נאטאשא וואס? איך וועל דאך איהר פארשאפען קרענ־קונג. איוואן פיעטראוויטש, העלפט ארויס ווי עס איז...

— לויט מיין מיינונג, פאהרט בעסער. איהר ווייסט, ווי ליעב זי האט אייך; איהר וועט זיך אלץ אויסווייזען, אז אייך איז אומעטיג מיט איהר, און אז איהר זיצט ביי איהר מיט געוואלד. ניט־געצוואונגען איז בעסער. איבריגענס, קומט, איך וועל אייך העלפען!

— טייערער מענש, איוואן פיעטראוויטש! וואס פאר א גוטער מענש איהר זענט!

מיר זיינען אריין; אין א מינוט ארום האב איך איהם געזאגט:

— און איך האב נאר וואס געזעהען אייער פאטער.

— וואו? — האט ער א געשריי געטהאן א דערשראקענער.

— אויף דער גאס, צופעליג. ער האט זיך אבגעשטעלט מיט מיר אויף א מינוט, ער האט מיך ווידער געבעטען, אז מיר זאלען זיך בעקענען. ער האט געפרעגט וועגען אייך: צי ווייס איך ניט, וואו איהר זענט איצטער? ער האט אייך נעטהיג בעדארפט זעהן, עפעס אייך זאגען.

— אוי, אליאשא, גיב א פאהר אראב, ווייז דיך פאר איהם,— האט נאטאשא אונטערגעכאפט, פארשטעהענדיג צו וואס איך ציעל.

— אבער.. וואו זשע וועל איך איהם איצטער טרעפען? איז ער אין דערהיים?

— ניין, מיר דאכט זיך, ער האט געזאגט, אז ער וועט זיין ביי דער גרעפין.

— נו, איז ווי זשע... — האט אליאשא נאאיוו ארויסגערעדט, קוקענדיג א פארזארגטער אויף נאטאשא'ן.

— אך, אליאשא, נו, איז וואס זשע! — האט זי געזאגט. — צו מיינסטו טאקע אויף אנ'אמת איבערצורייסען די בעקאנטשאפט, כדי מיך צו בערוהיגען. דאס איז דאך א קינדישע זאך. ערשטענס איז דאס אומעגליך, און צווייטענס וועסטו פשוט זיין ניט איידעל געגען קאַ־טיא'ן. איהר זענט פריינד; קען מען דען אזוי גראב צורייסען פאר־בינדונגען. און צום סוף, באליידיגסטו מיך איינפאך, אויב דו מיינסט, אז איך בין אזוי אייפערזיכטיג אויף דיר. פאהר, פאהר גלייך, איך בעט דיך! און דיין פאטער וועט זיך אויך בערוהיגען.

— נאטאשא, דו ביזט א מלאך און איך בין דיין פינגער ניט

ווערט! — האָט אַליאָשאַ אויסגעשריגען מיט בעגייסטערונג און חרטה.
— דו ביזט אַזוי גוט, און איך... איך... נו, וואָס זשע! איך האָב נאַר־וואָס געבעטען, דאַרט אין קיך, איוואַן פּיעטראָוויטש׳ן, אַז ער זאָל מיר העלפען אוועקצופאָהרען פון דיר. און ער האָט עס אויסגעטראַכט. נאָר בעשולדיג מיך ניט, מיין מלאך נאַטאַשאַ! איך בין ניט אינגאַנצען שול־דיג, דערפאַר ווייל איך האָב דיך ליעב טויזענד מאָל מעהר פון אַלץ אין דער וועלט און דערפאַר האָב איך אויסגעטראַכט אַ נייעם געדאַנק: מודה זיין זיך אין אַלעם פאַר קאַטיאַ׳ן און איהר גלייך דערצעהלען אונזער גאַנצע איצטיגע לאַגע און אַלץ וואָס נעכטען איז געוועזען. זי וועט עפּעס אויסטראַכטען אונז צו ראַטעווען, זי איז אונז מיט דער גאַנצער נשמה איבערגעגעבען...
— נו, געה, — האָט נאַטאַשאַ געענטפערט, שמייכלענדיג, — און אַט וואָס, מיין פריינד, איך וואָלט אַליין זעהר געוואָלט זיך בעקענען מיט קאַטיאַ׳ן. ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?
אַליאָשאַ׳ס בעגייסטערונג האָט ניט געהאַט קיין גרעניץ. ער האָט זיך גלייך אַריינגעלאָזט אין סברות, ווי אַזוי צו בעקענען זיך. לויט איהם איז עס אויסגעקומען זעהר גרינג: קאַטיאַ וועט אויסטראַכטען. ער האָט ענטוויקעלט זיין אידעע מיט היץ, היים. און נאָך היינט האָט ער צוגעזאָגט צו ברענגען אַן ענטפער גלייך אין צוויי שעה אַרום און אָבצוזיצען דעם אָוענט ביי נאַטאַשאַ׳ן.
— ועסטו אויף אַן אמת קומען? — האָט נאַטאַשאַ געפרעגט, איהם אָבלאָזענדיג.
— צווייפעלסטו? זיי געזונט, נאַטאַשאַ, זיי געזונט, געליעבטע מיינע, — מיין אייביגע געליעבטע, זיי געזונט, וואַניאַ! אַך, גאָט מייַנער, איך האָב אייך ניט ווילענדיג אָנגערופען וואַניאַ; הערט, איוואַן פּיעטראָוויטש, איך האָב אייך ליעב — פאַרוואָס זיינען מיר ניט אויף ד ו. לאָמיר זיין אויף ד ו.
— לאָמיר זיין אויף ד ו.
— גאָט צו דאַנקען! דאָס איז דאָך מיר שוין הונדערט מאָל אין קאָפּ אַריין געקומען. נאָר עפּעס בין איך אַלץ ניט דרייסט געוועזען עס אייך צו זאָגען. נו, אָט זאָג איך איצטער אויך א י ה ר. און עס איז דאָך זעהר שווער צו זאָגען ד ו. עס איז דאכט זיך ערגיץ ביי טאָלס־טאָי׳ען גוט אַרויסגעבראַכט: צוויי מענשען האָבען זיך געגעבען דאָס

ווארט צו זאגען דו, און זיי קענען עס אויף קיין פאל ניט, און מיידען אלץ אוים אזעלכע פראזען, אין וועלכע מען דארף זאגען דו אדער איהר. אוי, נאטאשא! מיר וועלען אמאל איבערלייענען „קינדהייט און יו־גענד"; דאס איז דאך אזוי גוט!

— נו, געה שוין, געה שוין, — האט איהם נאטאשא ארויסגע־טריבען, לאכענדיג, — האט זיך פארפלאפעלט פון שמחה...

— זיי געזונט! אין צוויי שעה ארום בין איך ביי דיר!

ער האט איהר א קוש געטהאן די האנט און איז שנעל ארוים.

— זעהסט, זעהסט, וואניא! — האט זי ארויסגערעדט און זיך בעגאסען מיט טרעהרען.

איך בין געזעסען מיט איהר א שעה צוויי, האב זי געטרייסט און בעוויזען זי צו איבערצייגען אין אלעם. פארשטעהט זיך, זי איז אין אלעם געווען גערעכט, אין אלע איהרע געפאהרען. דאס הארץ האט ביי מיר געבענקט, ווען איך האב געטראכט וועגען איהר איצטיגער לאגע; איך האב מיך געשראקען פאר איהר. אבער וואס האט מען געקענט טהאן?

מארגע איז מיר אויך אליאשא פארגעקומען: ער האט זי ליעב געהאט ניט ווייניגער פון פריהער, קען זיין, אפילו שטארקער, פיינלי־כער, פון חרטה און דאנקבארקייט. נאר אין דער אייגענער צייט האט די נייע ליעבע פעסט ארייננעדרונגען אין זיין הארץ. מיט וואס דאס וועט זיך ענדיגען — האט מען ניט געקענט פאראויסזעהן. איך בין אליין געווארען שרעקליך נייגעריג צו זעהען קאטיא'ן. איך האב נא־טאשא'ן ווידער צוגעזאגט זיך צו בעקענען מיט איהר.

צום סוף איז זי שוין אפילו כמעט אזוי ווי פרעהליך געווארען. צווישען אנדערע זאכען האב איך איהר דערצעהלט אלץ וועגען נעלי'ן, וועגען מאסלאבאיעוו'ן, וועגען דער בובנאווא, וועגען מיין היינטיגער בעגעגעניש ביי מאסלאבאיעוו'ן מיט'ן קניאז און וועגען דער בעשטמע־לונג אויף זיבען א זייגער. דאס אלץ האט זי שרעקליך פאראינטער־רעסירט. וועגען די אלטע האב איך מיט איהר גערעדט ניט קיין סך, און וועגען איכמעניעוו'ס בעזוך האב איך פארשוויגען ביז א צייט; דער געפלאנטער דועל צווישען ניקאלאי סערגעאיטש'ן און דעם קניאז האט זי געקענט איבערשרעקען. עס האבען זיך איהר אויך אויסגעוויזען זעהר מארגע דעם קניאז'ס בעציהונגען מיט מאסלאבאיעוו'ן און זיין

אומגעוועהנליכער פארלאנג זיך צו בעקענען מיט מיר, כאטש דאס אלץ איז געוועזן קלאר געוועזן צוליעב דער איצטיגער לאגע...

א זייגער דריי בין איך צוריקגעקומען אהיים. גלייך האט מיך בע־געגעגנט מיט איהר ליכטיג פנימ'על... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

## זעקסטער קאפיטעל.

פונקט זיבען א זייגער אוונד בין איך שוין געוועזן ביי מאסלאב־איעוו'ן. ער האט מיך בעגעגענט מיט הויכע געשרייען און מיט אויס־געשפרייטע ארעמס. ס'פארשטעהט זיך אליין, אז ער איז געוועזן האלב־שכור. נאר מעהר פון אלץ האבען מיך איבערראשט די גרויסע פארברייי־טונגען מיך צו בעגעגענען. מען האט געזעהען, אז מען האט מיך ער־ווארט. א גוטער סאמאוואר האט געזאטען אויפ'ן קיילעכדיגען טיש, וואס איז געוועזן בעדעקט מיט א פראכטפול טייער טישטוך. דאס טהיי־געשיער האט געפינקעלט פון קריסטאל, זילבער און פארצעלאן. אויפ'ן צווייטען טיש, וואס איז געוועזן אנדערש געדעקט, נאר מיט א נישט ווייניגער רייכען טישטוך, זיינען געשטאנען אויף טעלערלעך זעהר גו־טע קאנפעקטען, קיעווער ווארעניעס, פליעסיגע און טרוקענע, מאר־מעלאדע, זשעלע, פראנצויזישע ווארעניעס, פאמעראנצען, עפעל און דריי אדער פיער ערליי ניס, — מיט איין ווארט, א גאנץ פרוכט־געש־שעפט. אויף א דריטען טיש, וואס איז געוועזן בעדעקט מיט א שנעע־ווייסען טישטוך, זיינען געשטאנען די פארשיעדענסטע צובייסען: קאוויאר, קעז, פאשטעטען, ווארשט, גערויכערט פלייש, פיש און א גראניטור פון אויסגעצייכענטע קרישטאלענע קאראפקעס מיט פערשיע־דענע סארטען בראנפענס אין פרעכטיגע קאלירען, — גרינע, רובינענע, ברוינע, גאלדענע. צום סוף זיינען אויף א קליין טישעלע, אין א זייט, אויך בעדעקט מיט א ווייסען טישטוך, געשטאנען צוויי וואזען מיט שאמפאניער. אויפ'ן טיש פאר דער קאנאפע האבען געפינקעלט דריי

פלעשער: סאַטערן, לאַפּיט און קאַניאַק, — פלעשער פּרעכטיגע און זעהר טייערע. ביים טהיי־טישעל איז געזעסען אלעקסאנדרא סעמיאָ־נאָווא, כאַטש אין אַנ׳איינפאַך קלייד, נאָר מען האָט געזעהען, אַז עס איז אויסגעזוכט און דורכגעטראַכט, כאַטש אין אמת׳ן, זעהר געלונגען. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס פּאַסט איהר און איז, ווייזט אויס, דערמיט שטאָלץ געווען; ווען זי האָט מיך בעגעגענט איז זי אויפגעשטאַנען מיט אַ געוויסער פייערליכקייט. צופריעדענהייט און פרעהליכקייט האָ־בען געפינקעלט אויף איהר פריש פּנים׳ל. מאַסלאָבאָיעוו איז געזעסען אין פּרעכטיגע כינעזישע לאַטשען, אין אַ טייערען כאַלאַט און אין פרישער פינקלענדיגער וועש. אויף זיין העמד זיינען געווען, אומעטום וואו מען האָט נאָר געקענט צוטשעפּען, מאָדישע ספּינקעס און קנעפּ־לעך. די האָר זיינען געווען צוגעקעמט.

איך בין געווען אַזוי פאַרוואונדערט, אַז איך בין געבליבען שטעהן אין מיטען שטוב און געקוקט מיט אַן אָפען מויל, דאָ אויף מאַסלאָבאָ־יעוו׳ן, דאָ אויף אלעקסאנדרא סעמיאָנאָווא׳ן, וואָס איהר זעלבסטצו־פריעדענהייט איז דערגאַנגען ביז גליק.

— וואָס איז דאָס, מאַסלאָבאָיעוו? האָסטו איינגעלאַדען געסט אויף היינט אָוועגד? — האָב איך צום סוף אַ געשריי געטהאָן מיט אונרוהיגקייט.

— ניין, דו אליין, — האָט ער פייערליך געענטפערט.

— וואָס זשע איז דאָס (איך האָב אָנגעוויזען אויף דעם פאַרבייסען), דאָ קען מען דאָך אָנקאָרמען אַ גאַנצען פאָלק.

— און אָנפּאָיען אויך, — די הויפּטזאַך פאַרגעסען: אָנפּאָיען!
— האָט מאַסלאָבאָיעוו צוגעגעבען.

— און דאָס איז אַלץ פאַר מיר אליין?

— און פאַר אלעקסאנדרא סעמיאָנאָווא׳ן. דאָס אַלץ איז איהר געפעלען אַזוי איינצוזאָרדענען.

— נו, שוין! איך האָב אַזוי געוואוסט! — האָט אלעקסאנדרא סעמיאָנאָווא אויסגערופען רויט ווערענדיג און האָט אויף אַ רגע ניט פאַרלוירען איהר צופריעדען אויסזעהען. — מען טאָר קיין גאַסט אָנ־שטענדיג ניט אויפנעמען: באַלד בין איך שולדיג!

— פון דער פריה אָן, קענסטו דיר פאַרשטעלען, פון דער פריה

אַז, ווי נאָר זי איז געוואָר געוואָרען, אַז דו וועסט קומען אויפ'ן אָוועגד האָט זי זיך געגומען פאַרען; געפיינינגט האָט זי זיך...

— און דאָס איז אויך אַ ליגען! גאַרנישט פון דער פריה אַן, נאָר פון נעכטען אָוועגד. נעכטען אָוועגד, ווען דו ביזט געקומען, האָסטו מיר געזאָגט, אַז זיי וועלען קומען צו גאַסט אויף אַ גאַנצען אָוועגד...

— עס האָט זיך אייך אויסגעוויזען.

— עס האָט זיך מיר גאָרנישט אויסגעוויזען, נאָר אַזוי איז געווען. איך זאָג קיינמאָל קיין ליגען ניט. און פאַרוואָס זאָל מען קיין גאַסט ניט בעגעגענען? אבי מען לעבט, און קיינער קומט דאָך צו אונז ניט, און מיר האָבען דאָך אַלץ. זאָלען זשע גוטע מענשען זעהען, אַז מיר קענען אויך לעבען ווי מענשען.

— און די הויפּטזאַך וואָס מען וועט געוואָר ווערען וואָס פאַר אַ טייערע בעל הבית'טע איהר זענט, — האָט מאַסלאָבאָיעוו צוגעגעבען. — שטעל דיר פאָר, מיין פריינד, צוליעב וואָס בין איך דאָ אריינגעפאַלען. אַ האָלענדיש העמדיל האָט מען אויף מיר אָנגעטהון, ספּינקעס האָט מען מיר אָנגעשטעלט, פּאַנטאָפעל, אַ כינעזישען כאַלאַט, די האָר האָט זי מיר אַליין צוגעקעמט און אָנגעשמירט מיט פּאָמאַדע; מיט פאַרפומען אַזעלכע האָט זי מיך נאָך געוואָלט בעשפּריצען; קרעמברולע, נאָר דאָס האָב איך שוין ניט געקענט פאַרטראָגען, האָב מיך אַנטקעגען געשטעלט, האָב אַרויסגעוויזען די מאַכט פון אַ פאַרהייראַטען מאַן...

— די בעסטע פראַנצויזישע פּאָמאַדע, פון אַ שעהן פּאָרצעלייען באַנקעלע! — האָט אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָווא אונטערגעבאַפּט און האָט אינגאַנצען אויפגעפלאַמט. — זאָגט אַליין, איוואַן פּיעטראָוויטש, נים אין טעאַטער אריין, ניט ער לאָזט מיך ערגיץ אַוועקגעהן טאַנצען, נאָר קליידער שענקט ער מיר, און וואָס האָב איך פון די קליידער? איך פּוץ מיך אויס און געה אַליין אַרום איבער דער שטוב. איינמאָל האָב איך מיך שוין געהאַט איינגעבעטען, מיר האָבען שוין געהאַלטען ביי געהן אין טעאַטער אריין; איך האָב מיך נאָרוואָס געהאַט אויסגעדרעהט אַ בראָשקע צוצושפּילען, און ער איז גלייך צו צום שענקעלע: איינס דאָס צווייטע, און אַזוי האָט ער זיך שוין אָנגעגאָסען. אַזוי זיינען מיר שוין געבליבען. קיינער, קיינער, קיינער קומט ניט צו אונז צו גאַסט; נאָר אין דער פריה קומען עפּעס מענשען צוליעב געשעפט;

און מען טרייבט נאָך מיך ארויס. און מיר האָבען סאַמאָווארען, און אַ סערוויז און גוטע שאָלען מיט טעצלעך. — דאָס אַלץ איז דאָ, אַלץ מתנות. און עסענוואַרג אפילו טראָגט מען צו אונז, כמעט בלויז וויין קויפען מיר, און פּאָמאַדע דאָרט, און אַט די זאַכען צום פּאַרבייסען,— פּאַשטעטען, געדויכערט פלייש, און קאָנפּעקטען האָבען מיר צוליעב אייך געקויפט. וואָלט כאָטש אימיצער געזעהען, ווי מיר לעבען! אַ גאַנץ יאָהר האָב איך געטראַכט: אַט וועט קומען אַ גאַסט, אַנ'אמת'ער גאַסט, מיר וועלען דאָס אַלץ ווייזען און מיר וועלען מכבד זיין: און מענשען וועלען זאָגען אַ גוט וואָרט אי עס וועט אַליין אויך זיין ליעב; און דאָס וואָס איך האָב דעם נאַר אויסגעשמירט מיט פּאָמאַדע, איז ער דאָס ניט ווערט; אין ברודיגע זאַכען דאַרף ער געהן. זעהט וואָס פאַר אַ כאַלאַט ער טראָגט: מען האָט עס איהם געשענקט; פאַרדיענט ער דען אַזאַ כאַלאַט? ער דאַרף זיך נאָר אָנגיסען פריהער פון אַלעם. אַט וועט איהר זעהן, אַז ער וועט אייך פאַר דער טהיי מכבד זיין מיט בראַנפּען.

— נו, וואָס! ס'איז טאַקע אַ געשעפט: לאָמיר אויסטרינקען, זואַניאַ אַ גאָלדענס און אַ זעלבערענס, און דערנאָך וועלען מיר מיט אַ דערפרישטער נשמה זיך נעמען צו אַנדערע משקאות.

— נו, איך האָב עס געוואוסט!

— זאָרגט אייך ניט, סאַשענקאַ, מיר וועלען טהיי אויך אויס־טרינקען, מיט קאָניאַק, פאַר אייער געזונד.

— נו, אַזוי איז עס טאַקע! — האָט זי אויסגעשריגען אַ פּאַטש טהוענדיג מיט די הענט: — האַנער טהיי צו זעקס רובעל אַ פונט, וואָס אַ סוחר האָט איהם אייערנעכטען געשענקט, וויל ער איהם טרינקען מיט קאָניאַק. הערט איהם ניט, איוואַן פּיעטראָוויטש, אַט וועל איך אייך גלייך אָנגיסען... איהר וועט זעהען, איהר וועט אַליין זעהען, וואָס דאָס איז פאַר אַ טהיי!

און זי האָט זיך גענומען פּאַרען ביים סאַמאָוואַר.

עס איז געוועזען פאַרשטענדליך, אַז זיי האָבען גערעכענט מיך צו האַלטען דעם גאַנצען אָוונד. אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ האָט אַ גאַנץ יאָהר געוואַרט אויף אַ גאַסט, און זי האָט זיך איצט געקליבען צו בע־פריעדיגען איהר נשמה דורך מיר. איך האָב אויף דעם אַלעם ניט גערעכענט.

— הער, מאַסלאָבאָיעוו, — האָב איך געזאָגט, ווען איך האָב מיך געזעצט: — איך בין דאָך צו דיר גאָרנישט געקומען אלס גאַסט; איך בין געקומען צוליעב געשעפט; דו האָסט מיך אליין גערופען, ווייל דו האָסט מיר געוואָלט עפּעס זאָגען...

— נו, איז געשעפט איז געשעפט און אַ שמועס פון גוטע פריינד איז זיך אַ בעזונדערע זאַך.

— ניין, נשמה מיינע, רעכען ניט אַזוי. האַלב ניין אַ זייגער זאָג איך זיי געזונט. איך בין פאַרנומען; איך האָב געגעבען דאָס וואָרט...

— איך מיין עס ניט. האָב רחמנות, וואָס טהוסטו מיט מיר? וואָס טהוסטו מיט אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונאַ'ן? גיב נאָר אַ קוק אויף איהר: דאָס לשון האָט איהר אָבגענומען, צו וואָס האָט זי מיך אָנגע־שמירט מיט פּאָמאַדע, וואָס: בעטראַכט נאָר!

— דו מאַכסט אַלץ שפּאַס, מאַסלאָבאָיעוו. איך וועל אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונאַ'ן שווערען, אַז די קומענדיגע וואָך, נו, כאָטש פרייטאַג, וועל איך קומען צו אייך אויף מיטאָג; און איצטער, ברידער, האָב איך געגעבען דאָס וואָרט, אָדער בעסער געזאָגט, פּשוט איך דאַרף זיין אויף אַ געוויס אָרט. ערקלער מיר בעסער: וואָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגען?

— איז ווילט איהר ניט מעהר בלייבען ווי ביז האַלב ניין! — האָט אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונאַ אויסגעשריגען מיט אַ שרעקעדיג קול שיער ניט וויינענדיג און דערלאַנגט מיר אַ שאָל פיינעם טהיי.

— זאָרגט אייך ניט, סאַשענקאַ; דאָס איז אַלץ נאַרישקייטען, — האָט מאַסלאָבאָיעוו אונטערגעכאַפּט. — ער וועט בלייבען; נאַריש־קייטען. און דו זאָג מיר בעסער אָט וואָס, וואַניאַ, וואוהין געהסטו דאָס כסדר אוועק? וואָס האָסטו דאָס פאַר אַ געשעפטען? מען קען וויסען? דו לויפסט דאָך יעדען טאָג ערגיץ, אַרבייטסט ניט...

— און צו וואָס דאַרפסטו עס וויסען? איבריגענס, קען זיין, איך וועל דיר זאָגען שפּעטער. און דו ערקלער מיר בעסער צו וואָס ביזטו געקומען צו מיר נעכטען, ווען איך האָב דיר אַליין געזאָגט, דו גע־דענקסט, אַז איך וועל אין דער היים ניט זיין?

— דערנאָך האָב איך מיך דערמאַנט, און נעכטען האָב איך פאַר־געסען. וועגען געשעפט האָב איך טאַקע געוואָלט רעדען מיט דיר, נאָר פריהער פון אַלץ האָט מען בעדאַרפט טרייסטען אַננאַ סעמיאָנאָוונאַ'ן.

„אַט, זאָגט זי, איז אַ מענש, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַ גוטער פריינד, פּאַרוואָס רופסטו איהם ניט?" און, ברודער, שוין פיער מעת לעת, ווי זי פּלאָגט מיך איבער דיר. נו, פאַר דער פּאַמאַדע, וועט מען מיר שוין, פאַרשטעהט זיך אויף יענער וועלט פערציג זינד מוחל זיין, נאָר פאַרוואָס, מיין איך, זאָלען מיר ניט זיצען אַנ'אָוועגד, ווי גוּ־טע פריינד? איך האָב בענוצט אַ סטראַטעגיק: איך האָב געשריבען, אַז עס איז אַזאַ געשעפט, אַז אויב דו וועסט ניט קומען, וועלען אַלע אונזערע שיפען אונטערגעהן.

איך האָב איהם פריהער געבעטען אַזוי ניט צו טהאָן, נאָר בע־סער גלייך צו לאָזען וויסען פריהער. איבריגענס, די ערקלערונג האָט מיך ניט אינגאַנצען בעפריעדיגט.

— נו, און דאָ ניט לאַנג פאַרוואָס ביזטו אַנטלאָפען פון מיר? — האָב איך געפרעגט.

— דאַמאָלס האָב איך ווירקליך געהאַט אַ וויכטיגע זאַך, אויף מיין וואָרט, ניט קיין ליגען.

— ניט אַמאָל מיט'ן קניאַז?

— געפעלט אייך אונזער טהיי? — האָט אַלעקסאַנדראַ סעמיאָ־נאָוואַ געפרעגט מיט אַ שטימעלע פון האָניג.

אַט שוין פינף מינוט האָט זי געוואַרט, אַז איך זאָל זאָגען אַ גוט וואָרט וועגען זייער טהיי, און מיר איז עס אפילו ניט איינגעפאַלען.

— אויסגעצייכענט, אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ, וואונדערבאַר! איך האָב נאָך אַזאַ טהיי ניט געטרונקען.

אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ האָט זיך אַ ריהר געטהאָן פון צופריע־דענהייט און האָט זיך גענומען מיר נאָך אָנגיעסען.

— דער קניאַז! — האָט מאַסלאָבאָיעוו אַ געשריי געטהאָן.— דער קניאַז, ברודער, איז אַזאַ חיה, אַזאַ פּלוט... נו! — איך, ברודער, וועל דיר עטוואָס זאָגען: איך, ברודער, כאָטש איך בין אַליין אַ פּלוט, נאָר פון צניעות אַליין וואָלט איך אין זיין הויט ניט געוואָלט זיין! אָבער גענוג; שוויינען! דאָס אַלץ וואָס איך קען זאָגען וועגען איהם.

— און איך בין, ווי אומיסטע, געקומען צו דיר, כדי זיך אויסצו־פרעגען וועגען איהם. אָבער וועגען דעם שפּעטער. און צו וואָס האָסטו נעכטען אָהן מיר געגעבען מיין העלענאַ'ן צוקערלעך און האָסט גע־

טאנצט פאר איהר? און וועגען וואס האסטו געקענט מיט איהר רעדען אנדערטהאלבען שעה?

— העלענא איז א קליין מיידעלע פון א יאהר עלעף אדער צוועלף, זי וואוינט דערווייל ביי איוואן פיעטראוויטש'ן, — האט מאסלאבאיעוו ערקלערט, זיך פלוצלונג ווענדענדיג צו אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא'ן. — זעה, וואניא, זעה, — האט ער ווייטער גערעדט, אנווייזענדיג אויף איהר מיט א פינגער, — האט אזוי איינגאנצען אויפגעפלאמט, ווען זי האט דערהערט, אז איך האב אנ'אומבעקאנט מיידעל געבראכט צוקערלעך, און האט אזוי אויפגעציטערט, גלייך מיר וואלטען פלוצלונג פון רעוואלווערען אויסגעשאסען... זעהסט איינגלעך, פינקלען אזוי ווי קוילען. ניט קשה, אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא, — ס'איז נישטא וואס צו בעהאלטען! איהר זענט אייפערזיכטיג. ווען איך וואלט ניט אויסגעטייטשט, אז דאס איז אן עלף־יעהריג מיידעלע, וואלט זי מיך גלייך פאר די האר געשלעפט: אפילו די פאמאדע וואלט מיך ניט געראטעוועט!

— זי וועט דיך איצטער אויך ניט ראטעווען!

און מיט די ווערטער איז אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא מיט איין שפרונג צוגעשפרונגען צו אונז פון הינטער דעם טהיי - טישעל, און איידער מאסלאבאיעוו האט בעוויזען צו פארשטעלען זיין קאפ, האט זי איהם אנגעכאפט פאר א בינטעל האר און גאנץ פיין א ריס געטהאן.

— אטהאסטו, אט האסטו! זאלסט דיך ניט דערוועגען צו רעדען פאר א גאסט, אז איך בין אייפערזיכטיג, זאלסט דיך ניט דערוועגען, ניט דערוועגען, ניט דערוועגען!

זי איז אפילו רויט געווארען, און כאטש זי האט געלאכט, האט אבער מאסלאבאיעוו געכאפט אנשטענדיג.

— יעדע חרפה מוז ער דערצעהלען! — האט זי ערנסט צוגעגעבען, זיך ווענדענדיג צו מיר.

— נו, וואניא, אט דאס איז עס מיין לעבען! צוליעב דעם א מוז מען אומבעדינגט נעמען א שנעפסיל! — האט מאסלאבאיעוו בעשלאסען, האט זיך צורעכט געמאכט די האר און איז שיער ניט לויפענדיג צוגעגאנגען צו דער קאראפקע. נאר אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא איז געווען שנעלער פון איהם: זי איז צוגעשפרונגען צום טיש, האט אליין אנגעגאסען, דערלאנגט און האט איהם אפילו צערטליך א קלאפ גע־

טהאָן איבער דער באַק. מאסלאָבאָיעוו האָט מיר מיט שטאָלץ צוגע־וואונקען מיט אן אויג, האָט געקנאַקט מיט דער צונג און האָט ברייט אויסגעטרונקען זיין גלעזעל.

— וועגען די צוקערלעך איז שווער צו זאָגען, — האָט ער אָנ־געהויבען זיך זעצענדיג נעבען מיר אויף דער קאַנאַפּע. — איך האָב זיי געקויפט אייערנעכטען, ווען איך בין געווען שכור, אין א פּרוכט־געוועלב, — איך ווייס ניט צו וואָס. איבריגענס, קען זיין צוליעב דעם, כדי אויפצוהאַלטען די קאָמערציע און די אינדוסטריע פון'ם פאטער־לאנד, — איך ווייס ניט אויף זיכער; איך געדענק נאָר, אז איך בין דאַ־מאָלס געגאַנגען אויף דער גאַס א שכור'ער און בין אריינגעפאַלען אין א בלאָטע; האָב מיר געריסען די האָר פון קאָפּ און געוויינט דער־פאַר, וואָס איך טויג ניט צו קיין זאַך. איך האָב, פארשטעהט זיך, פארגעסען וועגען די ציקערלעך זענען זיי געבליבען ביי מיר אין קע־שענע ביז נעכטען, ווען איך האָב מיך אנידערגעזעצט אויף זיי, זע־צענדיג זיך אויף דיין קאַנאַפּאַ. וועגען דעם טאַנצען, איז ווידער די מעשה מיט דעם וואָס איך בין ניט געווען ניכטער: נעכטען בין איך געווען גענוג שכור, און איך שכור'ערהייט, ווען איך בין צופריעדען מיט מיין מזל, טאַנץ איך טיילמאָל. דאָס איז אלץ; אויסער אפשר דעם, וואָס דאָס יתומה'לע האָט דערוועקט אין מיר רחמנות, און אויסער דעם האָט זי דאָך ניט געוואָלט מיט מיר רעדען, ווי זי וואָלט געווען ברוגז. נו, האָב איך גענומען טאַנצען כדי זי אביסעל פרעהליכער צו מאַכען און האָב זי מיט צוקערלעך מכבד געווען.

— און דו האָסט זי ניט אונטערגעקויפט כדי ביי איהר עפּעס אויסצוגעפינען, און, זיי דיך מודה אָפענהערציג: דו ביזט אומיסטען געקומען צו מיר, ווויסענדיג, אז איך וועל אין דערהיים ניט זיין, כדי צו קענען רעדען מיט איהר אונטער פיער אויגען און עפּעס אויסצוגע־פינען, אדער ניין? איך ווייס דאָך, דו ביזט מיט איהר א שעה אנ־ערט־האַלבען געזעסען, האָסט זי פארזיכערט, אז דו האָסט געקענט איהר מאַמע'ן און האָסט זי עפּעס אויסגעפרעגט.

מאסלאָבאָיעוו האָט זיך נאַריש צולאַכט.

— דאָס וואָלט גארנישט געווען קיין שלעכטע אידעע, — האָט ער זיך אָנגערופען, — ניין, וואַניא, עס איז ניט דאָס. דאָס הייסט, ביי א געלעגענהייט, פארוואָס זאָל מען ניט אויספרעגען; אבער עס איז ניט

דאָס. הער, מיין אלטער פריינד, איך בין טאקע איצטער געגוג שכור, ווי געוועהנליך, נאָר ווייס, אַז מיט קיין  ש ל ע כ ט ע ן  ג ע ד אַ נ ק וועט דיך פיליפּ קיינמאָל ניט אָבנאַרען, מיט אַ  ש ל ע כ ט ע ן  ג ע־ ד אַ נ ק,  הייסט עס.

— נו, און אָהן אַ שלעכטען געדאַנק?

— נו, און אפילו אָהן אַ שלעכטען געדאַנק. אבער כאַפּ עס דער טייוועל, לאָמיר אויסטרינקען און רעדען וועגען דער זאַך! די זאַך איז אַ פּוסטע, — האָט ער ווייטער גערעדט נאָכדעם ווי ער האָט אויסגע־טרונקען. — די בובנאָווא האָט ניט געהאַט קיין שום רעכט צוהאַלטען דאָס מיידעלע; איך בין אַלץ געוואָר געוואָרען. זי האָט זי ניט צוגע־שריבען צו זיך און קיין זאַך ניט. די מאַמע איז איהר שולדיג געוועזען געלט, האָט זי צוגענומען צו זיך דאָס מיידעל. די בובנאָווא איז טאקע אַ דרעהערקע, טאקע אַ בייז שטיק, אבער אַ נאַרישע באָבע אַזוי ווי אַלע באָבעס. די פאַרשטאָרבענע האָט געהאַט אַ גוטען פּאַספּאָרט, נו, איז הפּנים אַלץ ריין. העלענע קען וואוינען ביי דיר, כאָטש עס וואָלט זעהר גוט געווען, ווען עפּעס אַ משפּחה גוטע מענשען זאָל זי ערנסט צונעמען צו זיך צו ערציהען זי. נאָר דערווייל זאָל זי זיין ביי דיר. דאָס איז גאָרנישט; איך וועל דיר אַלצדינג מאַכען: בובנאָווא וועט ניט וואַגען אַ פינגער צוצוריהרען. וועגען דער פאַרשטאָרבענער מאַמען, בין איך אבער ליידער קיין שום גענויע זאַך ניט דערגאַנגען. עפּעס איז זי געוועזען אַנ׳אַלמנה נאָך עמיצען, מיט׳ן נאָמען זאַלצמאַן.

— יאָ; אַזוי האָט מיר נעלי אויך געזאָגט.

— נו, איז געענדיגט, און איצטער, וואַניאַ, — האָט ער אָנגעהויבען ערנסט: — וויל איך ביי דיר בעטען אַ קליינע טובה. און דו טהו עס מיר. דערצעהל מיר ווי ווייט מעגליך גענוי, וואָס דו האָסט פאַר געשעפטען, וואוהין דו געהסט, וואו דו פאַרברענגסט גאַנצע טעג? איך האָב אפילו אַליין געהערט און איך ווייס, נאָר איך דאַרף עס וויסען אַ סך גענויער.

אַזאַ פייערליכקייט פון איהם האָט מיך פאַרוואונדערט און אפילו בעאונרוהיגט.

— וואָס איז דען אַזוינס, צו וואָס דאַרפסטו דאָס וויסען? דו פרעגסט עס מיך אַזוי פייערליך...

— אָט וואָס, וואַניאַ, אָהן איבעריגע רייד: איך וויל דיר טהאָן אַ

טובה. זעהסטו, מיין פריינד, ווען איך וואלט מיך בעגאנגען כיטרע מיט דיר, וואלט איך אפילו אהן פייערליכקייט געקענט ביי דיר ארויס־קריעגען אלץ, און דו פארדעכטיגסט, אז איך בעגעה מיך כיטרע מיט דיר: ניט לאנג צוריק, די צוקערלעך, נו; איך האב דאך פארשטאנען. נאר אזוי ווי איך רעד מיט פייערליכקייט, הייסט עס, אז איך אינטע־רעסיר מיך ניט מיט מיר, נאר מיט דיר. טא זאלסטו ניט צווייפלען און רעד גלייך, דעם אמת — דעם ריינעם אמת...

— וואס פאר א טובה ווילסטו מיר טהאן? הער, מאסלאבאיעוו: פארוואס ווילסטו מיר ניט דערצעהלען עפעס וועגען דעם קניאז? איך דארף דאס. אט דאס וועט זיין א טובה.

— וועגען קניאז! הם... נו, וועט עס אזוי זיין, איך וועל דיר פשוט זאגען: איך פרעג דיך טאקע איצטער אויס צוליעב דעם קניאז.

— ווי?

— אט אזוי: איך, ברודער, האב בעמערקט, אז עפעס האט ער זיך אריינגעפלאנטערט אין דיינע געשעפטען; איבריגענס, ער האט מיך אויך אויסגעפרעגט וועגען דיר. ווי אזוי ער איז געוואר געווארען, אז מיר זענען בעקענט — דאס איז שוין ניט דיין זאך. נאר די הויפט־זאך איז דאס: היט דיך פאר דעם דאזיגען קניאז. דאס איז א יהודה איסקאריאט, א פארדעטער און אפילו נאך ערגער פון דעם. און דער־פאר ווען איך האב דערזעהען, אז ער איז פארמישט אין דיינע גע־שעפטען, האט מיר דאס הארץ גענומען ציטערען פאר דיר. איברי־גענס, איך וויים דאך קיין זאך ניט; און ד'ערפאר בעט איך דיך דאך, אז דו זאלסט מיר אלץ דערצעהלען, כדי איך זאל קענען וויסען וואס איך האב צו טהאן... און צוליעב דעם אפילו האב איך דיך היינט איינ־געלאדען צו זיך. אט דאס איז עס די וויכטיגע זאך; איך וועל עס דיר גלייך ערקלערען.

— אמוועניגסטענס ועסטו מיר כאטש עפעס זאגען, כאטש דאס, פארוואס אייגענטליך איך דארף מורא האבען פאר'ן קניאז.

— גוט, אזוי זאל עס טאקע זיין; איך ברודער, ווער אין אלגעמיין בענוצט טיילמאל צו געוויסע זאכען. נאר זאג אליין: טייל מענשען געטרויען דאך מיר דערפאר וואס איך בין ניט קיין פלאפלער. ווי אזוי־זשע וועל איך עס דיר געהן דערצעהלען? זאלסטו ניט זיין בייז, אויב איך וועל עס דיר אין אלגעמיין דערצעהלען, כדי דיר בלויז צו ווייזען:

אַט וואס פאר אַ פאַדלעץ ער איז. נו, טאָ הייב זשע דו אָן וועגען דיין זאַך.

איך האָב בערעכענט, אַז איך האָב אבסאָלוט ניט קיין זאך וואס איך זאָל דארפען בעהאלטען פון מאסלאָבאָיעוו'ן. די מעשה מיט נאַטאשא'ן איז ניט געווען קיין סוד; דערצו האָב איך געקענט ערוואַרטען געוויסע נוצען פאר איהר פון מאסלאָבאָיעוו'ן. פארשטעהט זיך, אַז איך בין אין מיין ערצעהלונג, אויף וויפיעל מעגליך, ארומגעגאַנגען געוויסע פּונקטען. מאסלאָבאָיעוו האָט בעזונדערס אויפמערקזאם געהערט אלץ, וואס האָט אַנגעריהרט דעם קניאז; אין אַ סך ערטער האָט ער מיך אָבגעשטעלט, האָט אַ סך זאכען אויפסניי איבערגעפרעגט, אזוי אַז איך האָב איהם דערצעהלט מיט גענוג איינצעלהייטען. מיין ערצעהלונג האָט געדויערט אומגעפעהר אַ האַלבע שעה.

— הם! די מויד האָט אַ קלוגען קאָפּ, — האָט מאסלאָבאָיעוו בעשלאָסען. — עס קען אפשר זיין, אַז זי איז ניט גענוי אלץ געוואָר געוואָרען וועגען דעם קניאז, איז שוין אבער דאָס אליין גוט, וואָס זי האָט פון ערשטען שריט אָן געוואוסט מיט וועמען זי האָט צו טהאָן, און האָט איבערגעריסען אלע בעציהונגען. אַ מאלאַדיעץ, נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונא! איך טרינק פאר איהר געזונד! (ער האָט אויסגעטרונקען). דאָ האָט מען ניט נאָר שכל, דאָ האָט מען אויך בעדארפט הארץ, אום זיך ניט צו לאָזען אָבנארען. און דאָס הארץ האָט ניט אָבגענארט. פערשטעהט זיך, אַז זי האָט די זאַך פארשפּיעלט: דער קניאז וועט בעשטעהן אויף זיינס און אליאשא וועט זי אװעקװארפען. אויף איינעם איז אַ רחמנות, אויף איכמעניעוו'ן, — צעהן טויזענד צו בעצאָהלען אזא פאַדלעץ! און ווער איז אומגעגאַנגען מיט זיין פּראָצעס, ווער האָט זיך בעמיהט? מסתמא אליין! ע־עך! אַט דאָס זיינען זיי די אלע הייסע און איידעלע מענשען! די לייט טויגען צו גאָר ניט! מיט דעם קניאז האָט מען ניט אזוי בעדארפט האנדלען. איך וואָלט דעם איכמעניעוו'ן געקראָגען אזא אדוואָקאַטעל, — אי! — און ער האָט מיט פארדרום אַ קלאַפּ געטהאָן אויפ'ן טיש.

— נו, און וואס איז איצטער מיט'ן קניאז?

— און דו רעדסט אלץ וועגען קניאז. וואָס איז דאָ צו רעדען וועגען איהם; איך האָב גאָר ניט בעדארפט צו רעדען וועגען איהם. איך, וואַניאַ, האָב דאָך נאָר געוואָלט װאָרענען פאר דעם שווינדלער, איך

זאָל דיך נאַר, אזוי צו זאָגען, ארומצווימען פון זיין איינפלוס. ווער עס פארבינדט זיך מיט איהם, דער איז שוין ניט אויסער געפאהר. דער־פאר האלט דו די אויערען אָפען; דאָס אלץ. און דו האסט שוין גע־טראכט, גאָט ווייסט וואָס פאר א פאריזער סודות איך וויל דיר שוין דערצעהלען. און מען זעהט טאקע, אז דו ביזט א ראָמאַנען־שרייבער! נו, וואָס איז דאָ וואָס צו רעדען וועגען דעם פאָדלעץ? א פאָדלעץ בלייבט א פאָדלעץ... נו, אָט צום ביישפּיעל וועל איך דיר דערצעהלען איינס פון זיינע געשעפטען, פארשטעהט זיך, אָהן ערטער, אָהן שטעדט, אָהן מענשען, דאָס הייסט אָהן א קאַלענדארישער פּינקטליכקייט. דו ווייסט, אז ער האָט נאָך אין דער ערשטער יוגענד, ווען ער איז געווען געצוואונגען צו לעבען מיט דעם געהאלט פון קאנצעלאריע, חתונה גע־האט מיט א רייכען סוחר'ס א טאָכטער. נו, און אָט מיט דער סוחר'טע איז ער זיך ניט זעהר העפליך בעגאנגען און כאָטש ניט וועגען איהר האנדעלט עס זיך איצטער, וויל איך דיר אבער בעמערקען, מיין פריינד וואניא, אז ער האָט דאָס גאנצע לעבען מעהרסטענס ליעב גע־האט צו האנדלען מיט אזעלכע געשעפטען. אָט איז נאָך א פאַל: ער איז אוועקגעפאהרען קיין אויסלאנד. דאָרט...

— וואַרט, מאַסלאָבאָיעוו, וועגען וועלכער רייזע רעדסטו איצ־טער? אין וועלכען יאָהר.

— פּונקט מיט ניינאונניינציג יאָהר צוריק און מיט דריי חדשים. נו, און דאָרט האָט ער עס אויסגענאַרט א טאָכטער ביי א טאַטען, און האָט זי אוועקגענומען מיט זיך קיין פּאריז. און ווי אזוי ער האָט דאָס געמאכט! דער פאָטער איז געווען עפּעס א שטיקעל פאבריקאנט אָדער ער האָט געהאט א חלק אין עפּעס אזאַ מין אונטערנעמונג. אויף זיכער ווייס איך ניט. איך, אויב איך דערצעהל עס דיר, איז עס דאָך נאָר לויט מיין אייגענעם שכל און לויט דעם וואָס איך בעגרייף פון אנדערע זאכען. נו האָט איהם דער קניאז אָנגעפייפט, איז צוזאמען מיט איהם אריינגעקראָכען אין אנ'אונטערנעמונג. האָט איהם אָנגעפייפט געזונט און דאָס געלט ביי איהם צוגענומען. וועגען דעם פארנומענעם געלט, האָט דער אלטער, פארשטעהט זיך, געהאט געוויסע דאָקומענטען. אין דעם קניאז האָט זיך געוואָלט אזוי נעמען, אז מען זאָל ניט דאַרפען אָבגעבען, אויף אונזער לשון הייסט עס פּשוט צו'גנב'ענען. דער אַל־טער האָט געהאט א טאָכטער און די טאָכטער איז א שעהנהייט, און

אין דער דאָזיגער שעהנהייט איז געווען פארליעבט א אידעאלער מענש, שילער'ס א ברודער, א פּאָעט, אין דער אייגענער צייט א סוחר, א יונגער טרוימער, מיט איין וואָרט, א פּאָלשטענדיגער דייטש, עפּעס א פּע־פּערקוכען.

— דאָס הייסט זיין צונאָמען איז פּעפּערקוכען?

— נו, קען זיין אפשר ניט פּעפּערקוכען, דער שוואַרץ יאָהר ווייסט איהם, ניט וועגען איהם געהט עס. נאָר דער קניאז האָט זיך אונטערגעשארט צו דער טאָכטער, און אזוי אונטערגעשארט, אז זי האָט זיך איינגעליעבט אין איהם, ווי א משוגענע. דעם קניאז האָבען זיך דאמאָלס געגלוסט צוויי זאכען: ערשטענס, קריעגען דאָס טעכ־טעריל, און צווייטענס די דאָקומענטען וועגען דעם געלט וואָס ער האָט ביים אלטען פארנומען. די טאָכטער האָט געהאט די שליסלען פון דעם אלטענ'ס אלע קעסטלעך. און דער אלטער האָט אזוי שטארק ליעב גע־האָט די טאָכטער, אז ער האָט זי גאָר ניט געוואָלט אויסגעבען. ערנסט, אויף יעדען חתן איז ער געווען אייפערזיכטיג, האָט ניט פארשטאַנען, ווי אזוי מען קען זיך צושיידען מיט איהר, און האָט דעם פּעפּערקוכען פארטריבען, עפּעס א מאָדנער ענגלענדער...

— אן ענגלענדער? וואו זשע איז דאָס אלץ פארגעקומען?

— איך האָב נאָר גלאָט אזוי געזאָגט: אן ענגלענדער, צוליעב א פארגלייך, און דו האָסט עס שוין אונטערגעכאַפּט. געוועזען איז עס אין דער שטאָט סאנטא־פע־דע־באָגאָטא, און אפשר גאָר אין קראקוי, נאָר גיכער פון אלץ איז עס געווען אין פירשטענטהום נאססאו, דאָס וואָס איז אויפגעשריבען אויפ'ן סעלצער־וואסער, טאקע אין נאססאו; איז דיר שוין גענוג? נו, הייסט עס, דער קניאז האָט די מויד פאר־נארט, און האָט זי אוועקגעפיהרט פונ'ם טאטען, און אויף דעם קניאז'ס פאָדערונג האָט די מויד פארכאַפּט עפּעס א פּאָר דאָקומענטלעך. עס טרעפט זיך דאָך אזא ליעבע, וואניא! אי דו, גאָט מיינער, און דאָס מיידעל איז דאָך געווען אנ'עהרליכע, אנ'איידעלע, אזא פיינע! אמת, אז קען זיין, אז קיין סך האָט זי וועגען די פּאַפּירען ניט געוואוסט. עס האָט זי נאָר געאַרט איין זאך: דער טאטע וועט זי פארשעלטען. דער קניאז האָט זיך דא אויך געפונען; ער האָט איהר געגעבען א פאָרמע־לע, געזעצליכע פארפליכטונג, אז ער וועט מיט איהר חתונה האָבען. און אויף אזא אופן האָט ער זי פארזיכערט, אז זיי וועלען נאָר אזוי

אַוועקפֿאָהרען אויף אַ צייט, אויף אַ שפּאַציר־רייזע, אַז ווען דעם אַלטענ׳ס כעס וועט זיך איינשטילען, וועלען זיי זיך אומקעהרען צו איהם שוין חתונה געהאַט און וועלען לעבען אין דרייען אויף אייביג, וועלען אַנזאַמלען גוטס און אַזוי ווייטער ביז אין דער אייביגקייט אַריין. זי איז אַנטלאָפֿען, דער אַלטער האָט זי פֿאַרשאָלטען, און האָט באַנקראָטירט. האָט זיך נעשלעפּט נאָך איהר קיין פּאַריז און פּרויענמילך, האָט אַלץ אַוועקגעוואָרפֿען און דעם האַנדעל אַוועקגעוואָרפֿען: ער איז געווען שטאַרק פֿערליעבט.

— וואַרט נאָר! וואָס פֿאַר אַ פּרויענמילך?

— נו, דער, ווי הייסט ער דאָרט! פּייערבאַך, נו... טפו, צו אַלדע שוואַרץ יאָהר: פּעפּערקוכען! נו, און דער קניאַז, פֿאַרשטעהט זיך, האָט ניט געקאָנט חתונה האָבען: וואָרום וואָס וועט די גרעפֿין כלעסטאָווא זאָגען? ווי אַזוי וועט זיך באַראָן פּאָמאָקין וועגען דעם אָברופֿען? האָט מען צום סוף בעדאַרפֿט אָנפּייפֿען. נו, אָנגעפּייפֿט האָט ער שוין צו חוצפּה׳דיג. ערשטענס, האָט ער זי שיער ניט געשלאָגען, צווייטענס, האָט ער אומיסטען איינגעלאַדען צו זיך פּעפּערקוכענען, יענער איז געגאַנגען, געוואָרען איהרער אַ פֿריינד, נו, זיי האָבען געכניקעט צוזאַמען, זענען גאַנצע אָווענדען געזעסען אַליין, האָבען בעוויינט זייער אומגליק, יענער האָט געטרייסט: גאָט ווייסט דעם מענשענ׳ס נשמה. דער קניאַז האָט אומיסטען אַזוי אונטערגעפֿיהרט: איינמאָל טרעפֿט ער זיי שפּעט, און האָט אויסגעטראַכט, אַז זיי האָבען עפּעס אַ פֿאַרבינדונג, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו עפּעס: מיט זיינע אויגען, זאָגט ער, האָט ער געזעהען. נו, האָט ער זיי ביידען אַרויסגעשטופּט אויף דער גאַס און אַליין איז ער אויף אַ צייט קיין לאָנדאָן אַוועקגעפֿאָהרען. אין יענע איז שוין געווען אין די חדשים; ווען מען האָט זי אַרויסגעטריבען, האָט זי געבוירען אַ טאָכטער... דאָס הייסט, ניט קיין טאָכטער, נאָר אַ זוהן, און דעם זוהנדעלע האָט מען טאַקע אַ נאָמען געגעבען וואָלאָדקע. פּעפּערקוכען איז געווען דער קוואַטער. נו, איז זי אַוועקגעפֿאָהרען איבער שווייצאַריע, איטאַליע... דאָס הייסט אין אַלע פּאָעטישע לענדער איז זי געווען, אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין, יענע האָט אַלץ געוויינט און פּעפּערקוכען האָט געכניקעט, און אַ סך יאָהרען זענען אַזוי פֿאַרביי און דאָס מיידעלע איז אויסגעוואַקסען. און פֿאַר דעם קניאַז וואָלט אַלץ גוט געווען, נאָר איינס איז ניט גוט: די פֿאַרפּליכטונג חתונה צו

האָבען האָט ער ביי איהר צוריק ניט ארויסגעקריעגען. „א נידריגער מענש ביזטו, האָט זי איהם געזאָגט ביים געזעגנען זיך, דו האָסט מיך בע׳גנב׳עט, האָסט מיר מיין עהרע גערויבט און איצטער פארלאָזטו מיך. געה! נאָר דעם צעטעל וועל איך דיר ניט אָבגעבען. ניט דערפאר, אז איך זאָל אמאָל וועלען מיט דיר חתונה האָבען, נאָר דערפאר ווייל דו האָסט מורא פאר דעם דאָקומענט. טאָ זאָל ער זיין דערפאר אייביג אין מיינע הענט". זי האָט זיך צוהיצט, מיט איין וואָרט, נאָר דער קניאז איז איבריגענס געבליבען רוהיג. אין אלגעמיין איז פאר אזעלכע פאָדלעצען אויסגעצייכענט צו האָבען צו טהאָן מיט אזוי גערופענע דערהויבענע נשמות. זיי זיינען אזוי איידעל, אז מען קען זיי שטענדיג אָבנארען, און צווייטענס קומען זיי שטענדיג אָב מיט א געהויבענער און איידעלער פעראכטונג, אנשטאָט פראקטיש צוצוגעהן צו דער זאך לויט׳ן געזעץ, אויב מען קען נאָר דאָס געזעץ בענוצען. נו, כאָטש אָט די מאמע: איז אָבגעקומען מיט א שטאָלצער פאראכטונג, און כאָטש זי האָט איבערגעלאָזט ביי זיך דעם דאָקומענט, האָט דאָך אבער דער קניאז געוואוסט, אז זי וועט זיך גיכער אויפהענגען, איידער איהם צו בענוצען צו דער זאך: נו, איז ער געווען רוהיג ביז א צייט. און זי כאָטש זי האָט איהם א שפיי געטהאָן אין זיין געמיין פנים, איז אבער וואָלאדקע געבליבען ביי איהר אויף די הענט: זאָל זי שטארבען, וואָס וועט זיין מיט איהם? אבער וועגען דעם האָט מען ניט געטראכט. ברוּ־דערשאפט האָט איהר אויך צוגעגעבען מוט און האָט ניט גע׳טענה׳ט: זיי האָבען געלעזען שילער׳ן. צום סוף, איז ברודערשאפט פון עפּעס פארזויערט געוואָרען און איז געשטאָרבען...

— דאָס הייסט פעפערקוכען?

— נו, יא, כאפּט איהם דער שווארץ יאָהר! און זי...

— וואָרט! וויפיעל זשע יאָהר האָבען זיי געוואנדערט?

— אָט פונקט צוויי הונדערט. און זי, נו, איז צוריקגעקומען קיין קראקוי. דער פאָטער האָט זי ניט אויפגענומען, האָט זי פאר־שאָלטען, זי איז געשטאָרבען און דער קניאז האָט זיך איבערגע־צלמ׳ט פון שמחה. איך בין דאָרט געווען, מעד געטרונקען, ס׳איז איבער די וואָנסען גערונען און אין מויל אריין איז עס ניט געקומען, מען האָט מיר געגעבען א זופּ, און איך האָב עס הינטער׳ן קאָלנער אריינגעגאָסען... לאָמיר טרינקען, ברודער, וואניא!

— איך פארדעכטיג, אז דו ארבייטסט עס פאר איהם ווענען אט דער זאך, מאסלאבאיעוו.

— דו ווילסט עס אומבעדינגט אזוי?

— איך פארשטעה נאר ניט, וואס דו קענסט דא טהאן!

— און זעהסטו, זי, ווען זי האט זיך אומגעקערט קיין מאדריד, נאך א צעהן־יעהריגער אבוועזענהייט, אונטער א פרעמדען נאמען, האט מען בעדארפט אלץ אויסגעפינען, וועגען ברודערשאפטען, און וועגען דעם אלטען, און צי האט זי זיך ווירקליך אומגעקערט, און וועגען דעם עופה'לע, און צי זי איז געשטארבען, און צי האט זי ניט קיין פאפירען און אזוי ווייטער אהן א סוף. און נאך וועגען עפעס. דער ערגס־טער מענש, היט זיך פאר איהם, וואניא, און וועגען מאסלאבאיעוו'ן טראכט אט וואס: זאלסט איהם קיינמאל פאר קיין זאך ניט רופען פאדלעץ! ער אליין איז טאקע א פאדלעץ (לויט מיין מיינונג איז גאר נישטא קיין מענש ניט קיין פאדלעץ), נאר ניט אנטקעגען דיר. איך בין שטארק שכור, נאר הער: אויב עס וועט זיך דיר אמאל צי פריי־הער צי שפעטער, איצטער צי איבער א יאהר, אויסווייזען, אז מאס־לאבאיעוו האט דיר אין עפעס א ליגען געזאגט (און איך בעט דיך פארגעס ניט דאס ווארט, א ל י ג ע ן ג ע ז א ג ט), —ידאן וויים, אז אהן א שלעכטען מיין. מאסלאבאיעוו וואכט איבער דיר. און דער־פאר גלויב ניט די פארדאכטען, נאר בעסער קום און ערקלער דיך אפענ־הערציג און ברידערליך מיט מאסלאבאיעוו'ן אליין. נו, איצטער ווילסטו טרינקען?

— ניין.

— פארבייסען?

— ניין, ברודער, ענטשולדיג...

— נו, טא געה זשע אוועק, ס'איז דריי פערטיל אויף ניין און דו איילסט דיך. איצט איז דיר שוין צייט.

— ווי? וואס? האט זיך אנגע'שיכור'ט און טרייבט א גאסט! שטענדיג איז ער אזוי! אזא אונפערשעהמטער מענש! — האט אלעק־סאנדרא סעמיאנאוונא א געשריי געטהאן שיער וויינענדיג.

— ווער עס געהט צו פיס איז ניט קיין חבר מיט דעם וואס רייט אויף א פערד! אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא, מיר בלייבען צוזאמען און מיר וועלען פארגעטערען איינער דעם אנדערען, און דאס איז א גענע־

ראל! ניין, וואַניא, איך האָב געזאָגט אַ ליגען; דו ביזט ניט קיין גע־נעראל, און איך בין אַ — אַ פּאַדלעץ! זעה, אויף וואָס בין איך איצטער עהנליך? וואָס בין איך אנטקעגען דיר? זיי מוחל, וואַניא, בעשולדיג מיך ניט, און לאָז אויסגיעסען...

ער האָט מיך ארומגענומען און האָט זיך בעגאָסען מיט טרערען. איך האָב גענומען אוועקגעהן.

—אַי, גאָט מיינער! און ביי אונז האָט מען אפילו אוועקגע־ברויט צוגעגרייט, — האָט אַלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא געזאָגט, אַ שרעקליך פּארביטערטע. — און פרייטאג וועט איהר קומען צו אונז?

— איך וועל קומען, אַלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא, אויף מיין וואָרט, איך וועל קומען.

— יאַ, איהר וועט אייך אפשר מיאוס'ען, וואָס ער איז אַזאַ שכור. מיאוסט אייך ניט, איוואן פּיעטראָוויטש, ער איז אַ גוטער מענש, זעהר אַ גוטער, און ווי ער האָט אייך ליעב! ער רעדט מיט מיר וועגען אייך טאָג און נאכט, אַלץ יועגען אייך. האָט אומיסטען געקויפט אייער ביכעל פאר מיר; איך האָב עס נאָך ניט איבערגעלעזען: מאָרגען וועל איך עס אָנהויבען און ווי גוט וועט עס מיר שוין זיין, ווען איהר וועט קומען! איך זעה קיינעם ניט, קיינער קומט ניט צו אונז פארברענגען, אַלץ איז ביי אונז דאָ און מיר זיצען אליין. אָט בין איך איצטער געזעסען, האָב אַלץ געהערט, אַלץ געהערט, ווי איהר האָט גערעדט, און ווי שעהן דאָס איז... אַלזאָ ביז פרייטאג...

---

## זיעבעטער קאַפּיטעל.

**איך** בין געגאנגען און האָב מיך געאיילט אהיים. מאַסלאָבאָ־יעוו'ס ווערטער האָבען מיך צו שטארק איבערראשט. גאָט ווייסט, וואָס מיר איז געקומען אין קאָפּ אריין... אזוי ווי אויף צו להכעיס האָט אין דערהיים געוואַרט אויף מיר אַ געוויסער פּאַרפאל, וואָס האָט מיך אויפגעטרייסעלט, ווי דער שלאָג פון אַנ'עלעקטרישער מאַשין.

אנטקעגען דעם סאמע טויער פונ'ם הויז, אין וועלכען איך האָב

געוואוינט איז געשטאַנען אַ לאַמטערן. אזוי ווי איך בין נאָר צוגע־קומען צום טויער, האָט זיך פּלוצלונג פון'ם סאַמע לאַמטערן אַ לאָז געטהאָן צו מיר עפּעס אַ מאָדנע פיגור, אזוי אז איך האָב אפילו אַ געשריי געטהאָן, עפּעס אַ לעבעדיג בעשעפעניש, דערשראָקען, ציטער־דיג, האַלב־משוגע, און האָט זיך מיט אַ געשריי פאַרטשעפּעט אָן מיינע הענט. אַ שרעק האָט מיך אָנגעכאַפּט. דאָס איז געווען נעלי!

— נעלי! וואָס איז מיט דיר? — האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

— וואָס איז!

— דאָרט אויבען... זיצט ער... ביי אונז...

— ווער? קום; קום מיט מיר.

— איך וויל ניט, איך וויל ניט! איך וועל וואַרטען, ביז ער וועט אוועק... אין הויז... איך וויל ניט...

איך בין אַרויף צו זיך מיט עפּעס אַ מאָדנעם פאַרגעפיהל, האָב געעפענט די טהיר און — האָב דערזעהען דעם קניאַז. ער איז געזעסען ביים טיש און האָט געלעזען אַ ראָמאַן. וועניגסטענס, דאָס בוך איז געווען אָפען.

— איוואַן פּיעטראָוויטש! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן מיט פרייד. — עס פרעהט מיך אזוי, וואָס איהר זענט ענדליך אַמאָל צו־ריקגעקומען. איך האָב נאָר וואָס געוואָלט אוועקפאָהרען. מעהר ווי אַ שעה האָב איך געוואַרט אויף אייך. איך האָב היינט געגעבען אַ וואָרט, נאָכדעם ווי די גרעפין האָט מיך שטאַרק, זעהר שטאַרק געבעטען, זי וויל זיך אזוי בעקענען מיט אייך! און אזוי ווי איהר האָט מיר שוין צוגעזאָגט, האָב איך גערעכענט, אַז איך וועל אַליין אַריינגעהן צו אייך, פריהער, איידער איהר האָט נאָך צייט געהאַט ערגיץ אוועקצוגעהן, און איינלאַדען אייך מיט זיך. שטעלט זשע אייך פאָר מיין פאַרדרוס; איך קום צופאָהרען: אייער דיענסט ערקלערט מיר, אַז איהר זענט אין דערהיים נישטאָ. וואָס טהוט מען? איך האָב דאָך געגעבען אַן עהרען־וואָרט צו קומען מיט אייך; דערפאַר האָב איך מיך אוועקגעזעצט וואַרטען אויף אייך, בעשליסענדיג, אַז איך וועל וואַרטען אויף אייך אַ פערטיל שעה. און אָט האָט איהר דאָס פערטיל שעה: איך האָב גע־עפענט אייער ראָמאַן און האָב מיך פאַרלעזען. איוואַן פּיעטראָוויטש! דאָס איז דאָך די פאָלקאָמענהייט! מען פאַרשטעהט דאָך אייך ניט

נאָך דעם! איהר האָט דאָך ביי מיר טרערען ארויסגעצויגען. איך האָב דאָך געוויינט, און איך וויין ניט זעהר אָפט.

— ווילט איהר, אז איך זאָל פאָהרען? איך בין אייך מודה, אז איצטער: כאָטש איך האָב גאָרנישט ־דאגעגען, נאָר...

— ווי גאָט איז אייך ליעב, לאָמיר פאָהרען! וואָס ווילט איהר מיט מיר מאכען? אנדערטהאלבען שעה האָב איך דאָך געוואַרט אויף אייך!... און דערצו דאַרף איך אזוי נעטהיג, אזוי נעטהיג מיט אייך רעדען, — איהר פארשטעהט וועגען וואָס? איהר קענט די גאַנצע זאַך בעסער פון מיר... מיר וועלען אפשר, קען זיין, בעשליעסען עפּעס, וועלען זיך אָבשטעלען אויף עפּעס. בעטראַכט! ווי גאָט איז אייך ליעב, זאָגט מיר ניט אָב.

איך האָב בעטראַכט, אז פריהער צי שפּעטער, וועט מען דאַרפען פאָהרען. לאָמיר זאָגען, אז נאַטאַשאַ איז איצט אַליין, זי דאַרף מיך, אָבער זי האָט דאָך מיר אַליין איבערגעגעבען, אז איך זאָל וואָס מעגליך גיכער געוואָר ווערען ווער קאַטיאַ איז. דערצו אפשר איז דאָרט אַליאָשאַ אויך... איך האָב געוואוסט, אז נאַטאַשאַ וועט ניט זיין רוהיג ביז וואַנען איך וועל איהר ניט ברענגען קיין ידיעות וועגען קאַטיאַ׳ן, און איך האָב בעשלאָסען צו פאָהרען. נאָר איך האָב מיך געזאָרגט פאַר נעלי׳ן.

— וואַרט נאָר, — האָב איך געזאָגט צום קניאַז און בין ארויס אויף די שטיעגען. נעלי איז דאָרט געשטאַנען, אין אַ פינסטערען ווינקעל.

— פאַרוואָס ווילסטו ניט געהן, נעלי? וואָס האָט ער דיר געטהאָן? וואָס האָט ער מיט דיר גערעדט?

— גאָרנישט... איך וויל ניט, איך וויל ניט... — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט: — איך האָב מורא...

ווי שטאַרק איך האָב זי ניט געבעטען, — האָט גאָר ניט געהאָלפען. איך האָב מיך אָבגערעדט מיט איהר, אז אזוי נאָר ווי איך וועל ארויסגעהן מט׳ן קניאַז, זאָל זי אריין אין צימער און זאָל זיך פאַרמאַכען.

— און לאָז ניט אריין צו זיך קיינעם, נעלי, ווי שטאַרק מען זאָל דיך ניט בעטען.

— און איהר פאָהרט מיט איהם?

— מיט איהם?

זי האט א ציטער געטהאן און מיך אנגעכאפט ביי דער האנט, ווי זי וואלט זיך געוואלט אבבעטען, אז איך זאל ניט פאהרען, נאר זי האט קיין איינציג ווארט ניט געזאגט. איך האב בעשלאסען זי אויפצו־מארגענס געגוי אויסצופרעגען.

בעטענדיג ענטשולדיגונג ביים קניאז, האב איך מיך גענומען אנ־טהאן. ער האט מיך אנגעהויבען פארזיכערען, אז דארט אהין דארף מען ניט קיין שום גארדעראבען, קיין שום טואלעטען. — אזוי עפעס א פרישע זאך! — האט ער צוגעגעבען, בעטראכטענדיג מיך אינקוויזיטאריש פון קאפ ביז די פיס: — איהר ווייסט, אז דאך איז דאס אלץ וועלטליכע פאראורטהיילען... מען קען דאך ניט אינגאנצען פון זיי פטור ווערען. אט די פאלקאמענהייט וועט איהר אין אונזער וועלט לאנג ניט געפינען, — האט ער געענדיגט, דערזעהענ־דיג א צופריעדענער, אז איך האב א פראק.

מיר זיינען ארויס. נאר איך האב איהם איבערגעלאזט אויף די שטיעגען, בין אריין אין צימער, וואו נעלי האט זיך שוין אריינגע־שלייכט, און האב מיך נאכאמאל געזעגענט מיט איהר. זי איז געווען שרעקליך אויפגערעגט. איהר פנים איז בלאה געווארען. איך האב מיך געשראקען פאר איהר; עס איז מיר שווער געווען זי איבערצולאזען.

— א מאדנע דיענסט האט איהר, — האט מיר דער קניאז גע־זאגט, אראבגעהענדיג פון די שטיעגען. — דאס קליינע מיידעלע איז דאך אייער דיענסט?

— ניין.. זי איז אזוי... זי וואוינט ביי מיר דערווייל.

— א מאדנע מיידעלע. איך בין איבערצייגט אז זי איז משוגע. שטעלט אייך פאר, אין אנהויב האט זי מיר געענטפערט גוט, נאר דערנאך, ווען זי האט מיך בעטראכט, האט זי זיך א לאז געטהאן צו מיר, האט א געשריי געטהאן, אויפגעציטערט, און זיך איינגעקלאמערט אן מיר... עפעס וויל זי זאגען, — און קען ניט. איך בין מודה, אז איך האב מיך דערשראקען, איך האב שוין געוואלט אנטלויפען פון איהר, נאר זי איז, א דאנק גאט, אליין אנטלאפען פון מיר. איך בין געווען ערשטוינט. ווי אזוי לעבט איהר עס מיט איהר?

— זי האט די פאליגע קרענק, — האב איך געענטפערט.

— א, אזוי. נו, דאס איז שוין ניט אזא וואונדער... ווען זי האט אנפאלען.

מיר האט זיך דא אויסגעוויזען איין זאך: אז מאסלאבאיעוו'ס נעכטיגער וויזיט צו מיר, אין דער צייט וואס ער האט געוואוסט, אז איך בין אין דערהיים נישטא; אז מיין היינטיגער וויזיט ביי מאס־לאבאיעוו'ן, אז מאסלאבאיעוו'ס היינטיגע ערצעהלונג, וועלכע ער האט דערצעהלט אין א האלב־שיכור'ן צושטאנד און ניט ווילענדיג; אז די איינלאדונג צו זיין ביי איהם היינט זיבען א זייגער, אז זיין פארזיכע־רען מיך ניט צו גלייבען אין זיין כיטרעקייט און, צום סוף, אז דער קניאז, וועלכער האט געווארט אויף מיר אנדערטהאלבען שעה, און וועלכער האט אפשר געוואוסט, אז איך בין ביי מאסלאבאיעוו'ן, אין דער צייט ווען נעלי איז פון איהם ארויסגעשפרונגען אויף דער גאס ארויס, — אז דאס אלץ האט געהאט צווישען זיך א געוויסע פארבינ־דונג. עס איז געווען ווענען וואס זיך צו פארטראכטען.

ביים טויער האט געווארט זיין קליינע קארעטע. מיר האבען זיך איינגעזעצט און זיינען אוועקגעפאהרען.

---

## אכטער קאפיטעל.

פאהרען האט מען ניט בעדארפט ווייט, צום טארגאווע בריק. די ערשטע מינוט האבען מיר געשוויגען. איך האב אלץ געטראכט: ווי אזוי וועט ער עס אנהייבען מיט מיר צו רעדען? מיר האט זיך אויסגע־וויזען, אז ער וועט מיך אויספרובירען, אנטאפען, אויספארשען. נאר ער האט אנגעהויבען רעדען, אהן שום הינטער־קונצען און איז גלייך צוגעגאנגען צו דער זאך:

— איין זאך פארשאפט מיר איצטער זעהר גרויסע זארגען, איי־וואן פיעטראוויטש, — האט ער אנגעהויבען, — וועגען וועלכער איך וויל זיך פריהער פון אלץ איבעררעדען מיט אייך און ביי אייך בעטען אן עצה: איך האב שוין פון לאנג בעשלאסען מיך אבצוזאגען פון דעם

פראצעס וואס איך האב געוואונען און אבצוטרעטען די צעהן טויזענד איכמעניעוו'ן. ווי אזוי טהוט מען ?

„עס קען ניט זיין, אז דו זאלסט ניט וויסען, וואס צו טהאן“,— איז מיר דורכגעלאפען אין די געדאנקען. — „צי קלויבסטו דיך ניט אמאל אבצולאכען פון מיר ?“...

— איך וויים ניט, קניאז, — האב איך געענטפערט ווי מעגליך גלייכגילטיג ; — אין אנ'אנדער זאך, דאס הייסט וואס אמבעלאנגט נאטאליא ניקאלאיעוונא, בין איך גרייט אייך צו געבען אלע ידיעות וואס זיינען נעטהיג פאר אייך און פאר אונז אלע, נאר אין דער זאך ווייסט איהר, פארשטעהט זיך, מעהר פון מיר.

— ניין, ניין, פארשטעהט זיך, ווענינגער. איהר זענט מיט זיי בעקענט, און עס קען זיין, אז נאטאליא ניקאלאיעוונא אליין האט אייך ניט איינמאל איבערגעגעבען איהרע געדאנקען וועגען דעם ; און דאס איז פאר מיר די הויפטזאך וואס קען מיך פיהרען. איהר קענט מיר א סך העלפען, און די זאך איז דאך זעהר א פארוויקעלטע. איך בין בערייט אבצוטרעטען און האב אפילו פעסט בעשלאסען אבצוטרעטען, ווי אזוי עס זאלען זיך אלע אנדערע זאכען ניט ענדיגען, — איהר פארשטעהט ? אבער ווי, אין וואס פאר א פארם מאכען דאס אבטרעטען, אט דאס איז די פראגע. דער אלטער איז שטאלץ, איינגעשפארט; און ווער ווייסט איהם, ער קען נאך מיך באליידיגען פאר מיין גוטהארציגקייט און מיר ווארפען דאס געלט צוריק...

— אבער ערלויבט נאר, ווי רעכענט איהר דאס געלט : אייערס צי זיינס ?

— דעם פראצעס האב איך געוואונען, פאלגליך איז עס מיינס.

— אבער לויט'ן געוויסען ?

— פארשטעהט זיך, איך האלט עס פאר מיינס, — האט ער געענטפערט, אביסעל געשטאכען דערפון וואס איך האב גערעדט אזוי אהן צערעמאניעס : — איבריגענס, איהר ווייסט דאכט זיך ניט, דעם גאנצען אינהאלט פון דער זאך. איך בעשולדיג ניט דעם אלטען און גערנוויליגען שווינדעל און, איך בין אייך מודה, איך האב איהם קיינמאל ניט בעשולדיגט. אז ער האט זיך אליין איינגערעדט, אז ער איז באליידיגט. ער איז שולדיג אין ניט צוקוקען, אין ניט אכטונג געבען אויף געשעפטען וואס מען האט איהם אנפארטרויט, און לויט אונזער

געוועזענעם אָבמאַך, האָט ער פּאר עטליכע פון די געשעפטען געמוזט זיין פערהאנטוואָרטליך. אבער צו ווייסט איהר, אז אפילו ניט וועגען דעם האנדעלט זיך עס: עס האנדעלט זיך וועגען אונזער קריעג, וועגען אונזערע געגענזייטיגע דאמאָלסטדיגע באליידיגונגען; מיט איין וואָרט, אין אונזער ביידענס אייגענליעבע. איך וואָלט מיך אפשר גאָרנישט אומגעקוקט דאמאָלס אויף די פּאסקודנע צעהן טויזענד; אבער איהר, פארשטעהט זיך, ווייסט דאָך צוליעב וואָס און ווי אזוי עס האָט זיך דאמאָלס אָנגעהויבען די גאנצע זאך. איך גיב צו, איך בין געוועזען צוויי־פעלדיג, איך בין אפילו געוועזען ניט אינגאנצען גערעכט (דאָס הייסט דאמאָלס אומגערעכט), אבער איך האָב דאָס ניט בעמערקט, און אין מיין צאָרן, א באליידיגטער פון זיינע גראָבקייטען, האָב איך ניט געוואָלט אָבלאָזען די געלעגענהייט און האָב אָנגעהויבען דעם פּראָצעס. אייך וועט זיך דאָס אלץ, פארשטעהט זיך, אויסווייזען ניט אזוי איידעל פון מיר. איך פארענטפער מיך ניט; איך וויל אייך נאָר בעמערקען, אז צאָרן, און איבערהויפּט צורייצטע אייגענליעבע, איז נאָך ניט קיין סימן, אז עס איז קיין איידעלקייט נישטאָ, נאָר עס איז א נאַטירליכע זאך, א מענשליכע און, איך בין אייך מודה, איך זאָג עס אייך נאָכאמאָל, איך האָב דאָך כמעט אינגאנצען ניט געקענט איכמעניעוו'ן און האָב פאָלשטענדיג געגלויבט די אלע קלאנגען וועגען אליאָשא'ן און זיין טאָכטער, און דערפאר האָב איך שוין אויך געקענט גלויבען, אז ער האָט אומיסטען גע'גנב'עט געלט... אבער שטעלען מיר דאָס אין א זייט. די הויפּטזאך איז, וואָס טהוט מען איצטער? זיך אָבזאָגען פון'ם געלט; און אויב איך וועל דאָ גלייך זאָגען, אז איך האלט נאָך איצטער אויך, אז איך בין גערעכט, הייסט דאָך דאָס: אז איך שענק עס איהם. און צו דעם לעגט נאָך צו די אונאַנגענעהמע לאגע מיט נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונא'ן... ער וועט מיר אונבעדינגט דאָס געלט צוריקווארפען...

— אָט זעהט איהר, איהר זאָגט אליין: ער וועט עס צ ו ר י ק־ו ו א ר פ ע ן; הייסט עס, אז איהר האלט איהם פאר אַנ'ערליכען מענש, און דערפאר מעגט איהר גאנץ זיכער זיין, אז ער האָט אייער געלט ניט גע'גנב'עט. און אויב אזוי, פארוואָס זאָלט איהר ניט געהן צו איהם גלייך ערקלערען, אז איהר רעכענט, אז איהר האָט דאָס געלט געוואונען אונגעזעצליך? דאָס וואָלט געווען איידעל, און איכמעניעוו וואָלט זיך אפשר דאמאָלס ניט געקרומט צו נעמען ז י י ן געלט.

— הם... זיין געלט; אט א דאס איז עס טאקע; וואס זשע טהוט איהר עם מיט מיר? געהן און איהם ערקלערען, אז איך האלט מיין געוואונענע געלט פאר אונגעזעצליך; פארוואס זשע האסטו עס גע־זוכט, אויב דו האסט געוואוסט, אז דו זוכסט עס אונגעזעצליך? — אזוי וועלען מיר אלע זאגען גלייך אין די אויגען אריין. און איך האב דאס ניט פארדיענט, דערפאר ווייל איך האב עס געזוכט אויף א גע־זעצליכען וועג; איך האב אין ערגיץ ניט גערעדט און ניט געשריבען. אז ער האט ביי מיר גע'גנב'עט; נאר אין זיין אונפארזיכטיגקייט, אין זיין לייכטזין, אין דעם אז ער קען ניט פיהרען קיין געשעפט, אין דעם בין איך נאך איצט איבערצייגט. דאס געלט איז זיכער מיינס, און דער־פאר איז מיר שווער זיך אליין צו בעשולדיגען, און צום סוף חזר איך אייך איבער נאכאמאל, דער אלטער האט זיך אליין איינגערעדט, אז ער איז באליידיגט, און איהר צווינגט מיך, אז איך זאל ביי איהם פאר דער באליידיגונג ענטשולדיגונג בעטען, — דאס איז שווער.

— מיר דאכט זיך, אז ווען צוויי מענשען ווילען זיך איבערבע־טען, איז...

— איז דאס לייכט, מיינט איהר?

— יא.

— ניין, טיילמאל איז עס זעהר ניט לייכט, נאך מעהר...

— נאך מעהר, ווען עס זיינען דערמיט פארבינדען אנדערע אומ־שטענדען. אט אין דעם בין איך מיט אייך איינשטימיג, קניאז. די זאך צווישען נאטאליא ניקאלאיעוונא און אייער זוהן דארפט איהר בע־שליעסען אין די אלע פונקטען וואס הענגען אב פון אייך, און בעשליע־סען אזוי, אז די איכמעניעוו'ס זאלען זיין פאלשטענדיג צופריעדען. נאר דאמאלס קענט איהר אייך שוין אויפקלערען מיט איכמעניעוו'ן וועגען דעם פראצעס גאנץ אפענהערציג. אבער איצטער, ווען עס איז נאך קיין זאך ניט בעשלאסען, האט איהר בלויז איין וועג: זיך מודה צו זיין, און אויב מען וועט דארפען, אפילו עפענטליך, — אט דאס איז מיין מיינונג; איך זאג עס אייך גלייך, דערפאר ווייל איהר האט דאך אליין געפרעגט מיין מיינונג און איהר האט ווארשיינליך ניט געוואלט, אז איך זאל אייך בעהאנדלען כיטרע. און דאס ניט מיר די דרייסטקייט אייך צו פרעגען: צו וואס בעאונרוהיגט איהר אייך וועגען דעם אבגעבען דאס געלט איכמעניעוו'ן? אויב איהר דענקט,

אז איהר זענט גערעכט, צו וואָס זשע אבגעבען? ענטשולדיגט מיין נייר גערינקייט, אבער דאָס איז אזוי פארבונדען מיט אנדערע אומשטענדען..

— און ווי מיינט איהר? — האט ער פלוצלונג געפרעגט, גלייך ער וואָלט אינגאנצען ניט געהערט מיין פראגע: — צי זענט איהר איבערצייגט, אז דער אלטער איכמעניעוו וועט זיך אבזאגען פון די צעהן טויזענד, ווען איהר זאָלט איהם אפילו דערלאנגען דאָס געלט אהן שום תירוצים און... און... אהן די אלע ווייכקייטען!

— פארשטעהט זיך, ער וועט זיך אבזאגען!

איך האָב אינגאנצען אויפגעפלאמט און אפילו אויפגעציטערט פון כעס. די נאָקעדיג־סקעפּטישע פראגע האט אויף מיר געמאכט פונקט אזא איינדרוק, ווי דער קניאז וואָלט מיר א שפּיי געטהאן גלייך אין די אויגען אריין. צו מיין באליידיגונג איז צוגעקומען נאך איינע: די גראבע גרויסוועלטיגע מאניער, מיט וועלכער ער האט ניט ענטפערענדיג אויף מיין פראגע און גלייך ער וואָלט זי אינגאנצען ניט בעמערקט, זי מיר איבערגעשלאגען מיט אנ'אנדער פראגע, הפנים, געבענדיג מיר צו בעמערקען, אז איך בין שוין צופיעל היגגעריסען געווארען און בין געוואָרען מיט איהם צופיעל גוטער ברודער, דערמיט וואָס איך האָב מיך דערוועגט איהם צו שטעלען אזעלכע פראגען. איך האָב ביז דאָס ניט ליעב געהאט אָט די גרויסוועלטיגע מאניער און האָב נאך פריהער מיט אלע כחות אבגעוועהנט דערפון אליאשא'ן.

— הם... איהר זענט א צו היציגער מענש, און אויף דער וועלט ווערט ניט אלץ געטהאן אזוי ווי איהר שטעלט אייך פאָר, — האט דער קניאז רוהיג בעמערקט אויף מיין אויסרוף. — איך מיין, איבריגענס, אז ווענען דעם וואָלט טיילווייז געקענט בעשליעסען נאטאליא ניקאָלאיעווונא; גיט איהר דאָס איבער. זי וואָלט געקענט אן עצה געבען.

— אויף א האָר ניט, — האָב איך גראָב געענטפערט. — איהר האט ניט געוואָלט אזוי גוט זיין און אויסהערען, וואָס איך האָב אייך ניט לאנג צוריק אנגעהויבען צו זאגען און איהר האט מיר איבערגעשלאָגען. נאטאליא ניקאלאיעוונא וועט פארשטעהן, אז אויב איהר קערט אום דאָס געלט ניט אויפריכטיג און אהן די אלע, ווי איהר זאגט, ווייכקייטען, הייסט עס, אז איהר בעצאָהלט דעם טאטען פאר דער טאָכטער, און איהר פאר אליאשא'ן, מיט איין וואָרט, איהר בעפריעדיגט מיט געלט...

— הם.. אט ווי איהר פארשטעהט מיך, מיין גוטער איוואן פיעט־ראוויטש, דער קניאז האט זיך צולאכט. פארוואס האט ער זיך צי־לאכט? — און דערוויל, — האט ער ווייטער גערעדט: — האבען מיר נאך אזוי פיעל, אזוי פיעל צוזאמען איבערצורעדען. אבער איצט איז קיין צייט נישטא. איך בעט אייך נאך, פארשטעהט איינס: עס האנדעלט זיך דירעקט וועגען נאטאליא ניקאלאיעוונא און איהר גאנצע צוקונפט, און דאס אלץ העננט טיילוויז אב פון דעם, ווי אזוי מיר וועלען דאסביידע בעשליעסען און ביי וואס מיר וועלען זיך אבשטעלען. איהר זענט דא אומבעדינגט נויטיג, — איהר וועט עס אליין זעהען. און דערפאר, אויב איהר זענט נאך אלץ צוגעבונדען צו נאטאליא ניקאלאיעוונא'ן, קענט איהר אייך ניט אבזאגען פון אנ'ערקלערונג מיט מיר, ווי וועניג סימפאטיע איהר זאלט צו מיר ניט האבען. אבער מיר זיינען שוין אנגעקומען... מיט גליק.

## נײנטער קאפיטעל.

די גרעפין האט געוואוינט וואונדערשעהן. די צימערען זיינען גע־ווען איינגעארדענט בעקוועם און מיט געשמאק, כאטש גאר ניט רייך. אלץ אבער האט דאך געטראגען א כאראקטער פון צייטווייליגקייט; דאס איז נאר געווען אנ'אנשטענדיגע דירה אויף א צייט, און ניט קיין שטענדיגע איינגעפונדעוועטע וואוינונג פון א רייכער פאמיליע מיט דער גאנצער ברייטער האנט פון בעל הבית'ישקייט און מיט די אלע קלייניגקייטען, וואס ווערען אנגענומען פאר נויטווענדיגע זאכען. עס האט זיך געטראגען א קלאנג, אז די גרעפין פאהרט אויף זומער אין איהר אימיעניע (א פארלאזטע און א פאר'משכנ'טע), אין דער סימ־בירסקער גובערניע, און אז דער קניאז בעגלייט זי. איך האב שוין גע־הערט וועגען דעם און האב מיט בענקשאפט א טראכט געטהאן: וואס וועט אליאשא טהאן, ווען קאטיא וועט אוועקפאהרען מיט דער גרעפין? מיט נאטאשא'ן האב איך נאך ניט גערעדט וועגען דעם, איך

האָב מורא געהאַט; נאָר לויט עטליכע סמנים האָב איך שוין בע־מערקט, אַז זי, דאַכט זיך, האָט שוין אויך געהערט דעם קלאַנג. נאָר זי האָט געשוויגען און געליטען פאַר זיך.

די גרעפין האָט מיך אויסגעצייכענט אויפגענומען, מיר פריינד־ליך אויסגעשטרעקט די האַנט און בעשטעטיגט, אַז זי האָט מיך שוין לאַנג געוואָלט זעהען ביי זיך. זי האָט אַליין צוגאָסען טהיי פון א פּרעכטיגען זילבערנעם סאַמאָוואַר, ארום וועלכען מיר האָבען זיך אויס־געזעצט, איך, דער קניאַז און נאָך עפּעס א גרויסוועלטיגער הערר, אין די עלטערע יאָהרען און מיט א שטערן, אביסעל אַנ'אָנגעקראָכמאַ־לעטער, מיט דיפּלאָמאַטישע דריידלעך. דעם גאַסט האָט מען, דאַכט זיך, זעהר געשעצט. די גרעפין, צוריקקומענדיג פון אויסלאַנד, האָט נאָך ניט קיין צייט געהאַט אין דער מינוט צו מאַרפיהרען אין פּעטערבורג גרויסע פאַרבינדונגען און פעסטצושטעלען איהר לאַגע, ווי זי האָט געוואָלט און גערעכענט. אויסער דעם גאַסט איז קיינער ניט געוועזען און קיינער האָט זיך ניט געוויזען דעם גאַנצען אָוועגד. איך האָב מיט די אויגען געזוכט קאַטערינא פיאָדאָראָוונאַ'ן; זי איז געווען אין צוויי־טען צימער מיט אַליאָשאַ'ן, נאָר, דערהערענדיג וועגען אונזער אָנקומען, איז זי גלייך ארויסגעקומען צו אונז. דער קניאַז האָט איהר מיט ליעב־ליכקייט א קוש געטהאָן די האַנט, און די גרעפין האָט איהר אָנגעוויזען אויף מיר. דער קניאַז האָט אונז גלייך בעקענט. איך האָב מיך מיט אונגעדולדיגער אויפמערקזאַמקייט איינגעקוקט אין איהר: דאָס איז געוועזען א צאַרטע בלאָנדינקע, אָנגעטהאָן אין א ווייס קלייד, פון ניט קיין הויכען וואוקס, מיט א שטילען און רוהיגען אויסדרוק אויפ'ן פּנים, מיט פאָלשטענדיג בלאָהע אויגען, ווי אַליאָשאַ האָט געזאָגט, מיט דער שעהנקייט פון יוגענד און ניט מעהר. איך האָב ערוואַרט צו טרע־פען א פאָלקאָמענע שעהנהייט, נאָר קיין שעהנהייט איז ניט געוועזען. דער פּינקטליכער, צאַרט געצייכענטער אָוואַל פונ'ם פּנים, די גענוג פּינקטליכע שטריכען, די געדיכטע און ווירקליך שעהנע האָר, זייער געוועהנליכע הויזליכע פריזור, דער שטילער, פעסטער בליק; — ווען איך וואָלט זי ערגיץ בעגעגענט, וואָלט איך זי פאַרבייגעגאַנגען, ניט שענקענדיג איהר קיין בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט, אבער דאָס איז נאָר געווען פונ'ם ערשטען בליק, און איך האָב געהאַט א געלעגענהייט זי בעסער צו בעטראַכטען שפּעטער, דעם איינגענעם אָוועגד. שוין דאָס

אליין, ווי זי האט מיר דערלאנגט די האנט, מיט עפּעס א נאאיווער אנגעשטרענגטער אויפמערקזאמקייט, קוקענדיג מיר אין די אויגען אריין און ניט רעדענדיג צו מיר קיין ווארט, האט מיך איבעראשט מיט דער מאדנעקייט און איך האב איהר עפּעס ניט ווילענדיג צוגעשמייכעלט. הפּנים, אז איך האב באלד דערפיהלט פאר זיך א בעשעפעניש מיט א רייז הארץ. די גרעפין האט איהר פעסט נאכגעקוקט. דריקענדיג מיר די האנט איז קאטיא עפּעס געשווינד אוועק פון מיר און זיך געזעצט אין אנדערען עק צימער, צוזאמען מיט אליאשא'ן. בעגריסענדיג זיך מיט מיר, האט מיר אליאשא איינגערוימט: „איך בין נאר דא אויף א מינוט, אבער איך געה גלייך א ה י ן“.

„דער דיפּלאמאט“ — איך וויים ניט זיין נאמען און איך רוף איהם דער דיפּלאמאט, כדי איהם ווי עס איז צו רופען, — האט גע־רעדט רוהיג און ברייט, ענטוויקלענדיג א געוויסע אידעע. די גרעפין האט איהם אויפמערקזאם אויסגעהערט. דער קניאז האט פּאטאקעוועט און כיטרע צוגעשמייכעלט; דער רעדנער האט זיך אָפט געווענדט צו איהם, ווארשיינליך שעצענדיג אין איהם א ווירדיגען צוהערער. מען האט מיר געגעבען טהיי און מען האט מיך צורוה געלאזט, וואס עס האט מיך זעהר געפרעהט. דערוויל האב איך מיך איינגעקוקט אין דער גרעפין. אויפ'ן ערשטען איינדרוק איז זי מיר עפּעס ניט־ווילענדיג געפעלען. אפשר איז זי געוועזען שוין ניט יונג, נאר מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז זי איז ניט עלטער פון אכטאונצוואנציג יאהר. איהר פּנים איז נאך געוועזען פריש און אמאל, אין דער ערשטער יוגענד האט עס נאך געמוזט זיין זעהר שעהן. די טונקעל־בלאנדע האר זיינען נאך געוועזען גענוג געדיכט; דער בליק איז געוועזען אויסערגעוועהנליך גוט, נאר עפּעס א לויפענדיגער און א שטיפעריש־חוזק'דיגער. נאר איצטער האט זי הפּנים צוליעב עפּעס זיך צוריקגעהאלטען. אין דעם בליק האט זיך אויך אויסגעדריקט א סך פארשטאנד, נאר מעהר פון אלץ גוטס־קייט און פרעהליכקייט. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איהר הויפּט־מעלה איז געוועזען א געוויסע לייכטזיניגקייט, א דורשט נאך בעפרידיגונג און עפּעס א גוטמוטיגער עגאיזם, קען זיין, אפילו א גרויסער. זי איז געוועזען אין אנהייב ביים קניאז, וועלכער האט געהאט אויף איהר אן אויסערגעוועהנליכען איינפלוס. איך האב געוואוסט, אז זיי זיינען גע־וועזען פארבונדען. האב אויך געהערט, אז ער איז געוועזען שוין א צו

ניט־אייפערזיכטיגער ליעבהאָבער אין דער צייט ווען זיי האָבען פערבראכט אין אויסלאנד, נאָר מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, — עס ווייזט זיך מיר איצט אויך אויס, — אז זיי האָט פארבונדען, אויסער די אמאָליגע בעציהונגען, נאָך עפּעס אנ'אנדערע זאך, טיילוויינז א בעהאלטענע, עפּעס א געגענזייטיגע פארפליכטונג, וואָס איז געווען בעגרינדעט אויף עפּעס אנ'אויסרעכנונג.. מיט איין וואָרט עפּעס אזוינס האָט געמוזט זיין. איך האָב אויך געוואוסט, אז זי איז איצטער דעם קניאז געווען א לאסט, און אין דער זעלבער צייט האָבען זיך די בעציהונגען זייערע ניט איבערגעריסען. עס קען זיין, אז עס האָבען זיי דאמאָלס בעזונדערס צוגעבונדען די אויסזיכטען אויף קאטיאַ'ן, וועלכע האָבען, פארשטעהט זיך, לויט זייער איניציאטיווע בעדארפט געהערען צום קניאז. אויף דעם גרונט האָט זיך דער קניאז ארויסגעדרעהט פון א שידוך מיט דער גרעפין, וועלכע האָט דאָס ווירקליך פארלאנגט, און ער האָט זי איבערגערעדט מיטצוהעלפען דעם שידוך צווישען אליאָשאָ'ן און איהר שטיעפטאָכטער. אזוי אמוועניגסטענס האָב איך געדרונגען פון אליאָשאָ'ס אמאָליגע נאאיווע ערצעהלונגען, וועלכער האָט דאך כאָטש עפּעס יאָ געקענט בעמערקען. מיר האָט זיך אויך אויסגעוויזען, טיילוויינז טאקע פון די ערצעהלונגען, אז דער קניאז, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די גרעפין איז געווען פאָלשטענדיג אין זיין מאכט, האָט געהאט עפּעס אן אורזאך מורא צו האָבען פאר איהר. אפילו אליאָשאָ האָט דאָס בעמערקט. איך בין שפּעטער געוואָרען, אז דער קניאז האָט זעהר געוואָלט דער גרעפין חתונה מאכען מיט אימיצען, און אז טיילווייז מיט דעם צוועק האָט ער זי אָבגעשיקט אין דער סימבירסקער גוברניע, האָפענדיג צו געפינען פאר איהר אן אנשטענדיגען מאן אויף דער פּראָווינץ.

איך בין געזעסען און געהערט, און ניט געוואוסט, ווי אזוי איך זאָל וואָס גיכער רעדען מיט קאטערינא פיאָדאָראָוונאַ'ן אונטער פיער אויגען. דער דיפּלאָמאט האָט געענטפערט אויף דער גרעפינ'ס עפּעס א פראגע וועגען דעם איצטיגען צושטאנד, וועגען די נייע רעפאָרמען, און וועגען דעם צי מען דארף פאר זיי מורא האָבען, צי ניט? ער האָט גערעדט, אסך און לאנג, רוהיג און ווי איינער וואָס האָט די מאכט. ער האָט ענטוויקעלט זיין אידעע שארף און קלוג, נאָר די אידעע איז געווען אנ'עקעלהאפטע. ער איז געמליך בעשטאנען אויף דעם, אז דער

גאנצער גייסט פון רעפארמען און אויסבעסערונגען וועט צו גיך ברענ־
גען געוויסע פרוכטען; אז, דערזעהענדיג די פרוכטען, וועט מען זיך
נעמען צום שכל, און אז ניט נאר אין געזעלשאפט (פארשטעהט זיך,
אין געוויסע טיילען) וועט דורכגעהן אט דער נייער גייסט, נאר מען
וועט פון ערפארונג דערזעהען דעם פעהלער און דאמאלס וועט מען זיך
מיט טאפעלטער ענערגיע נעמען אויפהאלטען דאס אלטע. אז די ער־
פארונג, כאטש אפילו א טרויריגע, וועט זיין זעהר נוצליך, דערפאר
ווייל זי וועט אויסלערנען, ווי אויפצוהאלטען דאס הייליגע אלטע, וועט
ברענגען נייע ארגומענטען דערפאר; און פאלגליך דארף מען אפילו
פארלאנגען, אז עס זאל איצטער דערגעהן ביז צו דער לעצטער שטופע
פון אונפארזיכטיגקייט. אהן אונז קען מען ניט, — האט ער געענדיגט,
— אהן אונז איז נאך קיין געזעלשאפט קיינמאל ניט געשטאנען. מיר
פארלירען ניט, נאר פארקערט, מיר געווינען נאך; מיר וועלען ארויס־
שווימען, ארויסשווימען. דער קניאז האט איהם אנטקעגענגעשמיי־
כעלט מיט אן עקעלהאפטען מיטגעפיהל. דער רעדנער איז געווען פאל־
שטענדיג צופרידען מיט זיך. איך בין געווען אזוי נאריש, אז איך
האב געוואלט רעדען דאגעגען; דאס הארץ האט אין מיר געקאכט. נאר
דעם קניאז'ס גיפטיגער בליק האט זיך אויסגעוויזען, אז דער קניאז
ערווארט עפעס א מאדנעם און אינגלערישען ארויסגאנג פון מיין זייט:
עס קען זיין, אז דאס האט זיך איהם געוואלט, כדי צו בעפריעדיגען
דערמיט ווי איך וועל מיך קאמפראמיטירען. אין דער זעלבער צייט בין
איך געווען פעסט איבערצייגט, אז דער דיפלאמאט וועט אומבעדינגט
ניט בעמערקען מיין פראטעסט און אפשר אפילו מיך אליין אויך ניט.
מיר איז שלעכט געווארען צו זיצען מיט זיי; נאר אליאשא האט מיך
ארויסגעראטעוועט.

ער איז שטילינקערהייט אונטערגעגאנגען צו מיר, האט מיך אנ־
געריהרט ביים אקסעל און מיך געבעטען אויף צוויי ווערטער. איך האב
מיך אנגעשטויסען, אז קאטיא האט איהם געשיקט. אזוי איז געווען.
אין א מינוט ארום בין איך שוין געזעסען מיט איהר. צוערשט האט
זי מיך איינגאנצען גוט בעטראכט, ווי זי וואלט געזאגט פאר זיך: „אט
וואס פאר א מענש דו ביזט", און אין דער ערשטער מינוט האבען מיר
ביידע ניט געפונען קיין ווערטער אנצוהייבען דעם שמועס. איך, אבער,
בין געווען איבערצייגט, אז זי דארף נאר אנהייבען צו רעדען, וועט זי

זיך שוין ניט אבשטעלען, כאטש ביז אין דער פריה. „עפעס א שמועס פון א פינף־זעקס שעה“, וועגען וועלכע אליאשא האט דערצעהלט, איז דורכגעלאפען אין מיין קאפ. אליאשא איז געזעסען דערביי און האט מיט אומגעדולד געווארט ווי אזוי מיר וועלען אנפאנגען.

— וואס זשע רעדט איהר גאר ניט? — האט ער אנגעהויבען, קוקענדיג אויף אונז מיט א שמייכעל. — זיינען זיך צונויפגעקומען און שווייגען.

— אוי, אליאשא, וואס פאר א מענש דו ביזט... מיר וועלען באלד, — האט קאטיא געענטפערט. — מיר האבען דאך אזויפיעל איבערצורעדען צוזאמען, איוואן פיעטראוויטש, אז איך וויים ניט פון וואס אנצוהויבען. מיר בעקענען זיך זעהר שפעט; מען האט עס בעדארפט פריהער, כאטש איך קען אייך שוין פון א לאנגער צייט. און מיר האט זיך אזוי געוואלט אייך זעהען. איך האב אפילו געטראכט אייך א בריעף אנצושרייבען...

— וועגען וואס? — האב איך געפרעגט מיט א ניט־ווילענדיגען שמייכעל.

— מאלע וועגען וואס, — האט זי געענטפערט ערנסט. — אט כאטש וועגען דעם, צי דערצעהלט ער דעם אמת וועגען נאטאליא ניקאלאיעוונא'ן, אז זי באליידיגט זיך ניט, ווען ער לאזט זי אין אזא צייט איבער אליין? נו, קען מען אזוי טהאן, אזוי ווי ער? נו, פארוואס ביזטו איצטער דא, זאג, איך בעט דיך?

— אוי, גאט מיינער, איך פאהר באלד אוועק איך האב דאך געזאגט, אז איך בלייב דא נאר איין מינוטקעלע, איך וועל נאר אויף אייך א קוק טהאן, ווי איהר וועט דא צוזאמען רעדען, און איך לויף גלייך אהין.

— נו, וואס איז, אז מיר זיינען צוזאמען, נו, אט זיצען מיר,— האסט שוין געזעהען? שטענדיג איז ער אזא מענש, — האט זי צוגעגעבען, לייכט רויטווערענדיג און האט מיר אנגעוויזען אויף איהם מיט א קליינעם פינגער. — „איין מינוטקעלע, — זאגט ער, — נאר איין מינוטקעלע“, און מען קוקט זיך אום, זיצט ער אב ביז האלבע נאכט, און דארט ווערט שוין שפעט. „זי, זאגט ער, איז ניט בייז, זי איז א גוטע“, אט אזוי רעדט ער! נו, איז דאס גוט, איז דאס שעהן?

— נו, אט פאהר איך, — האט אליאשא געענטפערט, בעקלא־

גענדיג זיך, — נאר מיר וואלט זיך זעהר געוואלט דא בלייבען מיט איך...

— און וואס האסטו דא מיט אונז? מיר, פארקערט, מיר האבען זעהר א סך איבערצוטרעדען אונטער פיער אויגען. דו הער נאר, זיי נים בייז; דאס איז אומבעדינגט נויטיג, — פארשטעה עס גוט.

— אויב עס איז נויטיג, וועל איך באלד... וואס זשע איז זיך דא פאראן וואס צו בייזערען? איך געה נאר אויף א מינוטקעלע צו לע־ווינקע'ן, און דערנאכדעם גלייך צו איהר. אט וואס, איוואן פיעטרא־וויטש, — האט ער ווייטער גערעדט, — נעמענדיג זיין הוט, — איהר ווייסט, אז דער פאפא וויל זיך אבזאגען פון'ם געלט, וואס ער האט לויט'ן פראצעס געוואונען פון איכמעניעוו'ן.

— איך ווייס; ער האט עס מיר געזאגט.

— ווי איידעל ער טהוט דאס. אט גלויבט קאטיא, אז ער טהוט איידעל. רעדט מיט איהר וועגען דעם. זיי געזונט, קאטיא, און איך בעט דיך צווייפעל ניט, אז איך האב ליעב נאטאשא'ן. און פארוואס הענגט איהר אויף מיר אלע אן די בעדינגונגען, איהר ווארפט מיר פאר, שפירט מיר נאך, — גלייך איהר וואלט מיך געהיטען! זי ווייסט, ווי איך האב זי ליעב, און איך בין איבערצייגט, אז זי איז איבערצייגט אין מיר. איך האב זי ליעב אהן אלעם, אהן שום פליכטען. איך ווייס ניט, ווי איך האב זי ליעב. איך האב זי פשוט ליעב און דערפאר דארף מען מיך ניט אויספרעגען ווי א שולדיגען. אט פרעג איוואן פיעטראוויטש'ן, איצטער איז ער שוין דא און ער וועט דיר בעשטעטיגען, אז נאטאשא איז איי־פערזיכטיג, און כאטש זי האט מיך זעהר שטארק ליעב, איז אבער אין איהר ליעבע פארהאן א סך עגאאיזם, דערפאר ווייל זי וויל פאר מיר קיין זאך ניט אפפערען.

— וואס הייסט? — האב איך געפרעגט א פארוואונדערטער, ניט גלייבענדיג מיינע אויערען.

— וואס רעדסטו, אליאשא? — האט קאטיא שיער ניט אויסגע־שריגען, א פאטש טהוענדיג מיט איהרע הענט.

— נו, יא: וואס איז דא פארהאן זיך צו וואונדערען? איוואן פיעטראוויטש ווייסט. זי פאדערט אלץ, אז איך זאל זיין מיט איהר. כאטש זי פארלאנגט עס אפילו ניט, נאר מען זעהט, אז זי וויל דאס.

— און דו שעהמסט דיך נארנישט, שעהמסט דיך גארנישט! —

האָט קאַטיאַ געזאָגט, זיך אָנצינדענדיג אינגאַנצען פון צאָרן.

— וואָס זאָל איך מיך שעהמען? וואָס פאַר אַ מענש דו ביזט קאַטיאַ! איך האָב דאָך זי ליעב, מעהר ווי זי טראַכט, און ווען זי וואָלט מיך ניט אַבגעלאָזט.

— ניין, דאָס איז ניט גלאַט! — האָט קאַטיאַ אויסגעשריען, און זיך אויפסניי געווענדט צו מיר מיט אַ פינקלענדיגען, בייזען בליק. — זיי דיך מודה, אליאָשאַ, זיי דיך באַלד מודה, דאָס האָט דיר אַלץ דער טאַטע אָנגערעדט? היינט אָנגערעדט? און, איך בעט דיך, מיך זאָלסטו ניט אָבנאַרען, איך וועל באַלד דערקענען! יאָ צי ניין?

— ער האָט יאָ גערעדט, — האָט אליאָשאַ אָנ'אומעטיגער גע־ענטפערט, — וואָס זשע איז דאָ אַזוינס? ער האָט היינט גערעדט מיט מיר אַזוי צערטליך, אַזוי פריינדליך, און האָט כסדר זי געלויבט, אַזוי אַז איך האָב מיך אפילו געוואונדערט: זי האָט איהם אַזוי באַליי־דיגט, און ער לויבט זי אַזוי.

— און איהר האָט געגלויבט, — האָב איך מיך אָנגערופען, — איהר, וועמען זי האָט אַלץ אַוועקגעגעבען, וואָס זי האָט געקענט אַוועק־געבען, און אפילו איצטער, היינט ערשט האָט זי זיך נאָר געזאָרגט וועגען אייך, אַז אייך זאָל עפּעס ניט זיין אומעטיג, אַז זי זאָל ביי אייך ניט צונעמען די מעגליכקייט צו זעהען זיך מיט קאַטערינאַ פיאָדאָראָוו־נאַ'ן! זי האָט דאָס מיר אַליין היינט געזאָגט. און פּלוצלונג האָט איהר געגלויבט אָט די פאַלשע רעדערייען! ווי שעהמט איהר אייך ניט!

— אַזאַ אונדאַנקבאַרער מענש! נו וואָס, ער שעהמט זיך קיינ־מאָל פאַר קיין זאַך ניט! —'האָט קאַטיאַ אַרויסגערעדט, אַ מאַך טהר־ענדיג אויף איהם מיט דער האַנט, ווי אויף אַ מענשען, וועלכער איז שוין אינגאַנצען אַ פאַרלוירענער.

— נו, וואָס מיינט איהר ווירקליך! — האָט אליאָשאַ ווייטער גערעדט מיט אַ טאָן פון בעקלאָגען זיך. — שטענדיג ביזטו אַזאַ מענש, קאַטיאַ! שטענדיג פאַרדעכטיגסטו אין מיר נאָר דאָס שלעכטע... איך רעד שוין ניט וועגען איוואַן פּיעטראָוויטש'ן! איהר מיינט, אַז איך האָב ניט ליעב נאַטאַשאַ'ן. ניט דערפאַר האָב איך געזאָגט, אַז זי איז אַן עגאָאיסטקע. איך האָב נאָר געוואָלט זאָגען, אַז זי האָט מיך שוין צו שטאַרק ליעב, אַז עס געהט שוין אַריבער די מאָס, און דערפאַר איז אונז ביידען שלעכט. און דער פּאַפּאַ וועט מיך קיינמאָל ניט פאַר־

פיהרען, ווען ער זאל אפילו װעלען. איך וועל מיך ניט לאזען. ער האט גארנישט געזאגט, אז זי איז אנ'עגאאיסטקע, אין דעם שלעכטען זין פון ווארט; איך האב דאך פארשטאנען. ער האט נאר געזאגט פונקט אזוי, ווי איך האב איצטער איבערגעגעבען: אז זי האט שוין מיך אויף אזוי ווייט צופיעל ליעב, אזוי שטארק, אז עס קומט שוין פשוט אויס עגאאיזם, אזוי אז עס איז שוין אונז ביידען שווער, און צום סוף וועט מיר פאך שווערער זיין. וואס זשע, ער האט דאך דעם אמת געזאגט, ווייל ער האט מיך ליעב, און דאס מיינט גארנישט, אז ער האט נאר־טאשא'ן באליידיגט; פארקעהרט, ער האט אין איהר געזעהען די שטארקסטע ליעבע, ליעבע אהן א מאס, ביז אומעגליכקייט...

נאר קאטיא האט איהם איבערגעריסען און איהם ניט געלאזט ענדיגען. זי האט איהם מיט היץ געגומען פארוואַרפען, בעווייזען, אז דער פאטער האט נאר צוליעב דעם גענומען לויבען פאר איהם נאטאַשא'ן, כדי איהם אבצונארען מיט זיין אויבענאויפיגער גוטסקייט, און דאס אלץ מיט דער כונה צוצורייסען זייער פארבינדונג, כדי אומגע־זעהען און אומבעמערקט אנצורייצען אויף איהר אליאשא'ן אליין. זי האט היציג און קלוג ארויסגעבראכט, ווי נאטאשא האט איהם ליעב גע־האט, ווי אזוי קיין שום ליעבע־וועט ניט מוחל זיין דאס וואס ער טהוט מיט איהר, און אז דער אמת'ער עגאאיסט איז ער אליין, אליאשא. בים־לעכווייז האט איהם קאטיא געבראכט צו א שרעקליכען אומעט און צו פאלשטענדיגער חרטה; ער איז געזעסען נעבען אונז, מיט די אויגען צו דער ערד, שוין ניט ענטפערענדיג קיין ווארט, איינגאנצען א דער־שלאגענער און מיט א ליידענדען אויסדרוק אויפ'ן פנים. נאר קאטיא איז געווען אונברחמנות'דיג. איך האב מיט דער גרעסטער נייגעריג־קייט געקוקט אויף איהר. איך האב געוואלט וואס געשווינדער דערקע־נען דאס מאדנע מיידעל. זי איז געווען א פאלשטענדיג קינד, נאר עפעס אזא מאדנע איבערצייגט קינד, מיט פעסטע געזעצען און מיט א ליידענשאפטליכער פיינדשאפטליכער ליעבע צו גוטס און צו גערעכטיגקייט. אויב מען האט זי ווירקליך נאך געקענט אנרופען א קינד, האט זי בעלאנגט צום סארט קינדער, וואס פארטראכ־טען זיך, וועלכע מען געפינט אזוי אפט אין אונזערע פאמיליען. מען האט געזעהען, אז זי האט שוין א סך איבערגעטראכט. עס וואלט אינטערעסאנט געווען אריינצוקוקען אין דעם טראכטענדיגען קעפעלע

און צוזעהען, ווי אזוי עס האָבען זיך דאָרט אויסגעמישט פאַלשטענדיג קינדישע בעגריפען און פארשטעלונגען מיט ערנסט איבערגעלעבטע איינדרוקען און בעאָבאַכטונגען פון לעבען (דערפאר ווייל קאטיא האָט שוין געלעבט), און אין דער זעלבער צייט צוזאמען מיט אידעען, וועלכע זיינען נאָך איהר אונבעקאנט געווען, וועלכע זי האָט ניט איבערגע־לעבט, נאָר וועלכע האָבען זי הינגעריסען, אזוי ווי זי וואָלט שוין ביכער וועגען זיי געלעזען, וועלכע האָבען שוין געמוזט זיין זעהר פיעל, און וועלכע זי האָט ווארשיינליך אָנגענומען פאר אזעלכע וואָס זי האָט אליין איבערגעלעבט. יענעם גאנצען אָווענד און דערנאָך, דאכט זיך מיר, האָב איך זי גענוג גוט אויסגעשטודירט. זי האָט געהאַט א היים און געפיהלפול האַרץ. זי האָט אין אנדערע פאַלען אזוי ווי פארנאכ־לעסיגט דאָס קענען הערשען איבער זיך, שטעלענדיג פריהער פון אַלץ דעם אמת, און יעדע לעבעדיגע אויסגעהאַלטענקייט האָט זי גערעכענט פאר אן אָבגעמאַכטען פאַראורטהייל און, זי איז דאכט זיך שטאָלץ געווען מיט אזא איבערצייגונג, וואָס עס טרעפט מיט א סך היציגע מענשען, אפילו ניט אין די זעהר יונגע יאָהרען. נאָר דאָס טאקע האָט איהר צוגעגעבען א מין בעזונדערע שעהנקייט. זי האָט זעהר ליעב גע־האָט צו טראכטען און צו דערגרונטעווען דעם אמת, נאָר זי איז אויף אזוי ווייט ניט געוועזען קיין פּעדאַנט, האָט געהאַט אזוי פיעל קינ־דערישע דריידלעך, אז איהר האָט פון׳ם ערשטען בליק אָנגעהויבען ליעב צו האָבען אין איהר אַלע איהרע אָריגינאַליטעטען, און איהר האָט געמאכט שלום מיט זיי. איך האָב מיך דערמאָנט אַן לעווינקאַ׳ן און באָרינקאַ׳ן, און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז דאָס איז אַלץ אין דער בעסטער אָרדנונג. און מאָדנע: איהר פּנים, אין וועלכען איך האָב פון׳ם ערשטען אָנבליק ניט בעמערקט קיין שום בעזונדערע שעהנ־קייט, איז אין יענעם אָווענד, ביסלעכווייז געוואָרען פאר מיר אַלץ שענער און אנציהענדער. די נאַאיווע שפּאַלטונג פון א קינד און א דענקענדער פרוי; די קינדישע און אין העכסטען גראַד אויפריכטיגע דורשט נאָך אמת און גערעכטיגקייט און דער פעסטער גלויבען אין איהרע שטרעבונגען, דאָס אַלץ האָט בעלויכטען איהר פּנים מיט א מין שעהנעם ליכט פון אויפריכטיגקייט, האָט איהם צוגעגעבען עפּעס א העכערע, גייסטיגע שעהנקייט, און איהר האָט אָנגעהויבען צו פאר־שטעהן, אז ניט אזוי גיך קען מען אויסשעפּען די גאנצע בעדייטונג

פון אַט דער שעהנהייט, וועלכע גיט זיך ניט מיט איינמאָל איננאַנצען אונטער יעדען געוועהנליכען גלייכגילטיגען בליק. און איך האָב פאַר־שטאַנען, אז אליאָשא האָט זיך געמוזט ליידענשאַפטליך צובינדען צו איהר. אויב ער האָט אליין ניט געקענט דענקען און בעטראַכטען עפּעס, האָט ער אָבער ליעב.געהאַט די, וועלכע האָבען פאַר איהם געטראַכט, און אפילו בעגעהרט, — און קאַטיאַ האָט איהם שוין גענומען אונטער איהר שוץ. זיין הארץ איז געווען איידעל און ריין, עס האָט זיך מיט איינמאָל אונטערוואָרפען אלעמען, וואָס איז געווען ערליך און שעהן, און קאַטיאַ האָט זיך שוין א סך און מיט איהר גאַנצער קינדישער אויפריכטיגקייט אויסגערעדט איהר הארץ פאַר איהם. ער האָט ניט געהאַט קיין טראַ־פען אייגענעם ווילען; זי האָט געהאַט א סך איינגעשפּאַרטען, שטאַר־קען און פלאַמענדיגען ווילען, און אליאָשא האָט זיך נאָר געקענט צו־בינדען צו דעם, וואָס האָט געקענט הערשען איבער איהם און אפילו געביעטען איהם. מיט דעם טיילוויז האָט איהם אויך צוגעבונדען צו זיך נאַטאַשא אין אָנהויב פון זייער פאַרבינדונג, נאָר קאַטיאַ האָט גע־האַט א גרויסען פאָרצוג איבער נאַטאַשאַ'ן, — דאָס, וואָס זי איז אליין נאָך א קינד און האָט נאָך, דאַכט זיך, לאַנג בעדאַרפט בלייבען א קינד. די דאָזיגע קינדישקייט איהרע, איהר קלאָהרער פאַרשטאַנד, און אין דער אייגענער צייט א געוויסער מאַנגעל אין שכל, דאָס אלץ האָט זיך עפּעס גיכער געפּאַסט פאַר אליאָשאַ'ן. ער האָט דאָס געפיהלט און דער־פאַר האָט איהם קאַטיאַ געצויגען צו זיך אלץ שטאַרקער און שטאַר־קער. איך בין זיכער, אז ווען זיי האָבען גערעדט איינער מיט'ן אנדע־רען אונטער פיער אויגען, איז צוזאַמען מיט קאַטיאַ'ס ערנסטע „פּראָ־פּאַגאַנדע" שמועסען, די זאַך אפשר דערגאַנגען ביי זיי אויך ביז קינ־דערשפּיעלען. און כאָטש קאַטיאַ האָט שוין ווארשיינליך אויך אליאָשאַ'ן געהאַלטען אין די הענט, האָט מען אָבער געזעהען, אז עס איז איהם מיט איהר א סך לייכטער איידער מיט נאַטאַשאַ'ן. זיי האָבען זיך גי־בער געפּאַרט איינער מיט'ן אנדערען, און דאָס איז געווען די הויפּטזאַך.

— גענוג, קאַטיאַ, גענוג, א סוף; דו קומסט שטענדיג ארויס גע־רעכט און איך ניט. דאָס איז דערפאַר, ווייל דו האָסט א ריינערע נשמה פון מיר, — האָט זיך אליאָשא אָנגערופען, אויפשטעהענדיג און דער־לאַנגענדיג איהר די האַנט צום געזעגנען. — איך פאָהר גלייך צו איהר,

אפילו צו לעווינקע'ן וועל איך ניט פארפאַהרען...

— און דו האָסט טאַקע ביי לעווינקע'ן גאַרנישט וואָס צו טהאָן; און דאָס וואָס דו פאַלגסט איצטער און דו פאַהרסט, איז זעהר ליעב פון דיר.

— און דו ביזט טויזענד מאָל ליעבער פון אלע, — האָט אליאשא אַ טרויעריגער געענטפערט. — איוואַן פיעטראָוויטש, איך דארף אייך זאָגען צוויי ווערטער.

מיר האָבען אַבגעטראָטען אויף צוויי שריט.

— איך האָב היינט זעהר מיאוס געהאַנדעלט, — האָט ער צו מיר ארויסגעמורמעלט. — איך האָב נידריג געהאַנדעלט, איך בין שולדיג געגען אלע אין דער וועלט, און געגען זיי ביידע מעהר פון אלע. היינט נאָכמיטאַג האָט דער פּאַפּאַ מיך בעקענט מיט אלעקסאַנדריא'ן (א פראַנצויזקע) — אַ צויבערליכע פרוי. איך... זי איז מיר געפעלען... נו, וואָס איז שוין דאַ צו רעדען, איך בין ניט ווערט צו זיין מיט זיי צוזאַמען... זייט געזונט, איוואַן פיעטראָוויטש!...

— ער איז אַ גוטער, אַן איידעלער מענש, — האָט קאַטיאַ שנעל אַנגעהויבען, ווען איך האָב מיך ווידער געזעצט נעבען איהר, — נאָר מיר וועלען שפּעטער רעדען וועגען איהם זעהר אַ סך; און איצטער דארפען מיר זיך פריהער פון אלץ אַברעדען: ווי האַלט איהר פון קניאַז?

— זעהר אַ שלעכטער מענש.

— איך האַלט אויך אַזוי. הייסט עס, אַז מיר זיינען אין דעם איינשטימיג, און דערפאַר וועט אונז לייכטער זיין צו בעשליעסען. און איצטער וועגען נאַטאַליא ניקאָלאַיעווּנאַ... איהר ווייסט, איוואַן פיעטראָוויטש, איך בין איצטער אַזוי ווי אין דער פינסטער, איך האָב אויף אייך געוואַרט, ווי אויף אַ ליכטיגקייט. איהר וועט מיר דאָס אלץ קלאָר מאַכען, דערפאַר ווייל אין די סאַמע הויפּטפּונקטען משפט איך לויט דעם וואָס איך שטוים מיך אָן פון אליאשא'ס ערצעהלונגען. און מעהר האָב איך פון קיינעם ניט געהאַט אויסצוגעפינען. זאָגט זשע מיר ערשטענס (דאָס איז די הויפּטזאַך), ווי קומט אויס לויט אייער מיינונג: וועלען אליאשא מיט נאַטאַשא'ן זיין גליקליך צוזאַמען צי ניט? דאָס דארף איך וויסען פריהער פון אלעם אום צו קענען פאַרענדיגע

מיין בעשלום, אום איך זאל שוין אליין וויסען, וואס איך האב צו טהאן.

— ווי זשע קען מען רעדען וועגען דעם אויף זיכער?

— יא, פערשטעהט זיך, ניט אויף זיכער, — האט זי איבערגע־שלאגען, — און ווי ווייזט זיך איך אויס, — דערפאר ווייל איהר זענט זעהר א קלוגער מענש.

— לויט מיין מיינונג קענען זיי ניט זיין גליקליך.

— פארוואס?

— זיי זיינען ניט קיין פאר.

— אזוי טאקע האב איך געדענקט! — און זי האט פארלעגט די הענטלעך, ווי אין טיעפער בענקשאפט.

— דערצעהלט עס גענויער. הערט: איך וויל שרעקליך זעהען נא־טאשא'ן דערפאר ווייל איך דארף מיט איהר א סך איבעררעדען, און מיר ווייזט זיך אויס, אז מיר וועלען צוזאמען מיט איהר אלץ בעשליע־סען. און איצטער שטעל איך זי מיר אלץ פאר אין געדאנק: זי דארף זיין שרעקליך קלוג, ערנסט, אמת'דיג און שעהן. ניט אזוי?

— יא.

— איך בין געווען זיכער אין דעם. נו, אויב זי איז אזא מענש, ווי אזוי זשע האט זי געקענט ליעב בעקומען אליאשא'ן, אזא אינגעל? ערקלערט מיר דאס; איך טראכט וועגען דעם אפט.

— דאס קען מען ניט ערקלערען, קאטערינא פיאדאראוונא עס איז שווער זיך פארצושטעלען פארוואס און ווי אזוי מען קען זיך פארליעבען. יא, ער איז א קינד. אבער ווייסט איהר, ווי מען קען זיך פארליעבען אין א קינד? (מיין הארץ איז ווייך געווארען, קוקענדיג אויף איהר און אויף איהרע אייגעלעך, וועלכע זיינען געווען פעסט, מיט א טיעפער, ערנסטער און אומגעדולדיגער אויפמערקזאמקייט אנ־געווענדט אויף מיר). — און וואס מעהר נאטאשא אליין איז ניט ענהליך אויף א קינד, — האב איך ווייטער גערעדט, — וואס ערנסטער זי איז, אלץ גיכער האט זי זיך געקענט פארליעבען אין איהם. ער איז ערהליך, אויפריכטיג, שרעקליך נאאיוו, און טיילמאל גראציעז נאאיוו. זי האט איהם אפשר ליעב בעקומען — ווי זאל מען זאגען?... אזוי ווי פון עפעס א רחמנות. א ברייט הארץ קען ליעב בעקומען אויס רחמנות... איבריגענס, איך פיהל, אז איך קען אייך קיין זאך ניט ער־

קלערען, אבער דערפאר וועל איך אייך אליין פרעגען: איהר האָט דאָך איהם ליעב?

איך האָב איהר דרייסט געשטעלט די פראַגע און האָב געפיהלט, אַז מיט דעם וואָס איך שטעל אזוי שנעל די פראַגע קען איך ניט פאַר־טונקלען די פרייע יוגענדליכע ריינקייט פון דער ליכטיגער נשמה.

— אויף מיין וואָרט, איך ווייס נאָך ניט, — האָט זי מיר שטיל געענטפערט, קוקענדיג מיר ליכטיג אין די אויגען אריין, — נאָר, מיר דאכט זיך, איך האָב איהם זעהר ליעב...

— נו, אָט זעהט איהר. און קענט איהר ערקלערען פאַרוואָס איהר האָט איהם ליעב?

— אין איהם איז קיין פאַלשקייט נישטאָ, — האָט זי געענט־פערט, נאָכדעם ווי זי האָט געטראַכט א ווייל, — און ווען ער טהוט א קוק גלייך אין די אויגען אריין און זאָגט מיר עפּעס דערביי, געפעלט דאָס מיר זעהר... הערט, איוואַן פּיעטראָוויטש, אָט רעד איך מיט אייך וועגען דעם, איך א מיידעל, און איהר זענט א מאַנספּערשוין; טהו איך דאָס גוט אזוי צי ניט?

— נו, וואָס איז דאָס אזוינס?

— אָט דאָס איז עס. פאַרשטעהט זיך, וואָס איז דאָ אזוינס? און אָט זיי (זי האָט אָנגעוויזען מיט די אויגען אויף דער גרופּע, וואָס איז געזעסען ביים סאַמאָוואַר), זיי וואָלטען זיכער געזאָגט, אז דאָס איז ניט גוט. זיינען זיי גערעכט צי ניין?

— ניין. איהר פיהלט דאָך ניט אין אייער הארץ, אז איהר טהוט שלעכט, הייסט עס...

— אזוי טהו איך טאָקע שטענדיג, — האָט זי איבערגעשלאָגען, הפנים, וועלענדיג זיך וואָס געשווינדער אויסרעדען מיט מיר, — אזוי גיך ווי איך האָב נאָר קרענקונג פון עפּעס, פרעג איך גלייך מיין הארץ, און אויב מיין הארץ איז רוהיג, בין איך אויך רוהיג. אזוי דאַרף מען שטענדיג טהאָן. און דערפאר רעד איך מיט אייך אזוי אינגאַנצען אָפענהערציג, אזוי ווי מיט זיך אליין, ווייל ערשטענס, זענט איהר אַן אויסגעצייכענטער מענש, און איך קען אייער פריהעריגע געשיכטע מיט נאַטאַשאַ'ן ביז אליאָשאַ'ן, און איך האָב געוויינט, ווען איך האָב עס געהערט.

— און ווער האָט עס אייך דערצעהלט?

— פארשטעהט זיך, אליאשא, און האט עס אליין מיט טרערען דערצעהלט: דאס איז געווען זעהר גוט פון זיין זייט און עס איז מיר זעהר געפעלען. מיר דאכט זיך, אז ער האט אייך מעהר ליעב, ווי איהר איהם, איוואן פיעטראוויטש. אט מיט אזעלכע זאכען געפעלט ער מיר. נו, און צווייטענס רעד איך מיט אייך דערפאר אזוי אפען, אזוי ווי מיט זיך אליין, ווייל איהר זענט זעהר א קלוגער מענש און איהר קענט מיר געבען א סך עצות און מיך לערנען.

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איך בין אזוי ווייט קלוג, אז איך קען אייך לערנען?

— נו, אט האט איהר; וואס רעדט איהר! — זי האט זיך פער־טראכט.

— איך האב דאך נאר גלאט אזוי וועגען דעם גערעדט; לאמיר רעדען וועגען דער הויפטזאך. ערקלערט עס מיר, איוואן פיעטראוויטש: אט פיהל איך איצטער, אז איך בין נאטאשא'ס א קאנקורענטקע, איך וויים דאך דאס, טא וואס זשע זאל איך טהאן? דערפאר האב איך אייך געפרעגט: צי וועלען זיי זיין גליקליך. איך טראכט וועגען דעם טאג און נאכט. נאטאשא'ס לאגע איז שרעקליך, שרעקליך! ער האט דאך זי אינגאנצען אויפגעהערט ליעב צו האבען, און מיך האט ער אלץ מעהר און מעהר ליעב. ניט אזוי?

— דאכט זיך, אזוי.

— און ער נארט דאך זי ניט אב. ער ווייסט אליין ניט, אז ער הערט זי אויף ליעב צו האבען, און זי ווייסט דאס זיכער. אוי, ווי זי פייניגט זיך!

— וואס זשע ווילט איהר טהאן, קאטערינא פיאדאראוונא?

— איך האב א סך פראיעקטען, — האט זי ערנסט געענטפערט.

— און דערווייל פלאנטער איך מיך אלץ. דערפאר האב איך אויף אייך געווארט מיט אזא אומגעדולד, אז איהר זאלט מיר דאס אלץ קלאר מאכען. איהר ווייסט דאס אלץ א סך בעסער פון מיר. איהר זענט דאך פאר מיר איצטער אזוי ווי עפעס א גאט. הערט, איך האב אין אנהויב אזוי געטראכט: אויב זיי האבען ליעב איינער דעם אנדע־רען, דארף מען, אז זיי זאלען זיין גליקליך, און דערפאר דארף איך מיך מקריב זיין און זיי העלפען. א יא!

— איך וויים, אז איהר האט אייך שוין מקריב געווען.

— יא, מקריב געווען, און דערנאָך ווען ער האָט אָנגעהויבען צו קומען צו מיר און אַלץ מעהר און מעהר מיך ליעב צו האָבען, האָב איך מיך אַלץ אָנגעהויבען צו פאַרטראַכטען וועגען זיך, און איך טראַכט: זאָל איך מקריב זיין צי ניט? דאָס איז דאָך זעהר שלעכט אַזוי, ניט אמת?

— דאָס איז נאַטירליך, — האָב איך געענטפערט, — אַזוי דאַרף זיין... און איהר זענט ניט שולדיג.

— איך מיין ניט; דאָס רעדט איהר דערפאַר, ווייל איהר זענט זעהר א גוטער מענש. און איך טראַכט אַזוי דערפאַר, ווייל מיין הארץ איז ניט אינגאַנצען ריין. ווען איך וואָלט געהאַט א ריין הארץ, וואָלט איך געוואוסט ווי אַזוי צו בעשליעסען. אָבער לאָזען מיר דאָס! דערנאָך בין איך געוואָר געוואָרען מעהר וועגען זייערע בעציהונגען פונ'ם קניאז, פון דער מאמא, פון אַליאָשאַ'ן אַליין און איך האָב מיך אָנגעשטויסען, אַז זיי זענען ניט קיין פּאָר; און אַט האָט איהר עס איצטער בעשטעטיגט. איך האָב נאָך מעהר געטראַכט: וואָס זשע טהוט מען איצטער? אויב זיי וועלען זיין אומגליקליך, איז דאָך בעסער, אַז זיי זאָלען זיך צוגעהן; און דערנאָך האָב איך בעשלאָסען: אויסצוגעפינען גענויער וועגען אַלעם און אַליין צו פאָהרען צו נאַטאַשאַ'ן, און מיט איהר שוין צו בעשליעסען די גאַנצע זאַך.

— אָבער ווי אַזוי בעשליעסט מען עס, דאָס איז דאָך די פראַגע.

— איך וועל איהר אַזוי זאָגען: איהר האָט דאָך איהם ליעב מעהר פון אַלץ, און דערפאַר דאַרפט איהר אויך זיין גליק ליעב האָבען מעהר פון אַלץ: און דערפאַר דאַרפט איהר אייך מיט איהם צושיידען".

— יאָ, אָבער ווי אַזוי וועט איהר זיין אויפ'ן הארץ דאָס אויסצוהערען? און אויב זי וועט שוין זיין איינשטימיג מיט אייך, צי וועט זי אָבער בכח זיין דאָס צו טהאָן?

— אָט וועגען דעם טאַקע טראַכט איך טאָג און נאַכט און... און... און זי האָט זיך פּלוצלונג צעוויינט.

— איהר וועט ניט גלויבען, ווי איך האָב רחמנות אויף נאַטאַשאַ'ן.

— האָט זי אַרויסגעמורמעלט מיט ליפּען, וואָס האָבען געציטערט פון געוויין.

— עס איז דאָ גאָרנישט געווען וואָס צוצוגעבען. איך האָב געשוויגען און מיר האָט זיך אַליין געוואָלט וויינען, קוקענדיג אויף איהר.

אזוי זיך, פון א מין ליעבשאפט. וואס פאר א ליעב קינד דאס איז געוועזן! איך האב זי שוין ניט געפרעגט, פארוואס זי האלט זיך פאר פעהיג צו מאכען אליאשא׳ן גליקליך.

— איהר האט ליעב מוזיק? — האט זי געפרעגט נאכדעם ווי זי האט זיך אביסעל בערוהיגט, א פארטראכטע נאך פון די פריהריגע טרערען.

— איך האב ליעב, — האב איך געענטפערט מיט א געוויסער פארוואונדערונג.

— ווען עס וואלט געוועזן צייט, וואלט איך אייך געשפיעלט בעט־האווען׳ס דריטען קאנצערט. איך שפיעל איהם איצטער. דארט זיינען דא די אלע געפיהלען... אט פונקט אזוי ווי איך פיהל איצטער. אזוי ווייזט זיך מיר אויס. אבער דאס אנ׳אנדערש מאל; איצטער דארף מען רעדען.

מיר האבען אנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם, ווי אזוי זי זאל זיך זעהן מיט נאטאשא׳ן און ווי אזוי דאס אלץ איינצוארדנען. זי האט מיר ערקלערט, אז מען היט זי, און כאטש איהר שטיעפמוטער איז א גוטע און האט זי ליעב, וועט זי אבער פאר קיין פאל ניט ערלויבען, אז זי זאל זיך בעקענען מיט נאטאליא ניקאלאיעווגא׳ן, און דערפאר האט זי זיך בעשלאסען אויף א קליינעם שווינדעל. אין דער פריה פאהרט זי טיילמאל שפאצירען, נאר כמעט שטענדיג מיט דער גרעפין. טיילמאל אבער פאהרט ניט די גרעפין מיט איהר, נאר זי לאזט זי אב אליין מיט דער פראנצויזקע, וועלכע איז איצטער קראנק. עס טרעפט אויך אמאל, אז דער גרעפין טהוט וועה דער קאפ, און דערפאר דארף מעןווארטען, ווען דער קאפ וועט איהר וועה טהאן. און ביז דאמאלסט וועט זי שוין איבעררעדען איהר פראנצויזקע (עפעס א מין בעגלייטע־רין, אן אלטיטשקע), דערפאר ווייל די פראנצויזקע איז זעהר א גוטע. צום סוף איז אויסגעקומען, אז עס איז אויף קיין פאל ניט מעגליך געוועזן פריהער צו בעשטימען דעם טאג, ווען צו מאכען דעם וויזיט ביי נאטאשא׳ן.

— איהר וועט אייך בעקענען מיט נאטאשא׳ן און איהר וועט ניט קיין חרטה האבען, — האב איך געזאגט. — זי וויל זיך אליין בעקענען מיט אייך, און מען דארף דאס, כאטש צוליעב דעם אליין, אז זי זאל וויסען, וועמען זי גיט איבער אליאשא׳ן. און וועגען דער זאך זאלט

איהר קיין סך ניט טראכטען. די צייט וועט עס שוין אהן אייערע דאגות בעשליסען. פאַהרט איהר אין דאָרף אריין?

— יא, אין גיכען, אפשר אין א חודש ארום, — האָט זי געענט־פערט, — און איך וויים, אז דער קניאז בעשטעהט אויף דעם.

— ווי מיינט איהר, אליאָשא וועט פאַהרען מיט אייך?

— איך האָב שוין אויך געטראכט וועגען דעם! — האָט זי ארויס־געריַדט, פעסט קוקענדיג אויף מיר. — ער וועט ראַך פאַהרען!

— ער וועט פאַהרען!

— גאָט מיינער, וואָס פון דעם אלעם וועט ארויסקומען, וויים איך ניט. הערט, איוואן פיעטראָוויטש. איך וועל אייך וועגען אלעם שריי־בען, איך וועל אייך אָפט שרייבען און א סך. איך וועל אייך שוין איצ־טער פייניגען. איהר וועט אָפט קומען צו אונז איצטער?

— איך וויים ניט, קאטערינא פיעטראָוונא: דאָס העננגט אָב פון די אומשטענדען. און עס קען זיין, אז איך זאָל אינגאַנצען ניט קומען.

— פארוואָס?

— דאָס וועט אָבהענגען פון פארשיעדענע אורזאכען, און איבער־הויפט פון מיינע בעציהונגען מיט'ן קניאז.

— דאָס איז אן אומגליקליכער מענש, — האָט נאטאשא ענט־שלאָסען געזאָגט. — און ווייסט איהר גאָר וואָס, איוואן פיעטראָ־וויטש, וואָס וואָלט געווען, ווען איך זאָל צו אייך קומען צו פאַהרען! דאָס וואָלט געווען גוט צי ניט גוט?

— ווי מיינט איהר אליין?

— איך מיין, אז גוט. אזוי, איך וואָלט אייך אָבגעשטאַט א וויזיט... — האָט זי צוגעגעבען, שמייכלענדיג, — איך רעד דאָך דאָס צוליעב דעם, ווייל אויסער דעם וואָס איך שעץ אייך, — האָב איך אייך זעהר ליעב... און מען קען זיך פון אייך א סך אויסלערנען... און איך האָב אייך ליעב... און דאָס איז דאָך ניט קיין שאנד, וואָס איך זאָג אייך וועגען דעם אלעם?

— וואָס זאָל דאָ זיין פאר א שאנד? איהר אליין זענט מיר שוין טייער, ווי אנ'אייגענע.

— איהר ווילט דאָך זיין מיין פריינד?

— אָ, געוויס, געוויס! — האָב איך געענטפערט.

— נו, און זיי וואָלטען אומבעדינגט געזאָגט, אז עס איז א חרפה

און אז א יונג מיידעל דארף זיך אזוי ניט בענעהן. — האט זי בעמערקט, מיר וויעדער אַנווייזענדיג אויף די מענשען וואס זיינען געזעסען ארום דעם טיש ביי דער טהיי. איך וויל דא בעמערקען, אז דער קניאז, דאכט זיך, האט אונז אומיסטען איבערגעלאזט אליין, כדי מיר זאלען זיך קענען גענוג אַנרעדען:

— איך וויים דאך זעהר גוט, — האט זי צוגעגעבען, — דעם קניאז ווילט זיך האבען מיין געלט. וועגען מיר טראכטען זיי, אז איך בין אינגאנצען א קינד און זיי זאגען עס מיר אפילו גלייך. איך מיין אבער ניט אזוי. איך בין שוין ניט קיין קינד. מאדנע מענשען זיינען זיי: אליין זיינען זיי פונקט אזוי ווי קינדער; נו, וואס בעמיהען זיי זיך?

— קאטערינא פיאדאראוונא, איך האב פארגעסען צו פרעגען: ווער זיינען די לעווינקא און באָרינקא, צו וועלכע אליאשא פאהרט אזוי אפט?

— דאס איז מיינע א ווייטע משפחה. זיי זיינען זעהר קלוגע און זעהר ערליכע יונגעלייט, נאר זיי רעדען שרעקליך פיעל... איך קען זיי...

— און זי האט א שמייכעל געטהאן.

— איז עס אמת, אז איהר ווילט זיי מיט דער צייט שענקען א מיליאן?

— נו, אט זעהט איהר, כאטש דער מיליאן, זיי פלאפלען שוין אזוי פיעל וועגען איהם, אז עס ווערט שוין אוניערטרעגליך. איך, פארשטעהט זיך, וועל מיט פרייד אפפערען אויף אלץ, וואס איז נוצליך, צו וואס דארף מען דען אזעלכע גרויסע געלטער, ניט אמת? אבער איך וועל דאך ערשט גאט ווייסט ווען געבען דעם מיליאן; און זיי דארט צר־טיילען איהם שוין איצטער, טראכטען, שרייען, קריעגען זיך: ווי עס איז בעסער איהם צו בענוצען, זיי קריעגען זיך שוין אפילו צוליעב דעם, — אזוי, אז די זאך קומט שוין אוים מאדנע. זיי איילען זיך צו־פיעל. נאר דאך זענען זיי אזעלכע ערנסטע און... קלוגע מענשען. זיי לערנען זיך. דאס איז דאך אלץ בעסער, ווי אנדערע לעבען. ניט אזוי?

און נאך א סך האב איך גערעדט מיט איהר. זי האט מיר דער־צעהלט כמעט איהר גאנצע לעבענס־געשיכטע און האט מיט דורשט גע־הערט מיינע ערצעהלונגען. האט אלץ געפאדערט, אז איך זאל איהר

וואָס מעהר דערצעהלעז וועגען נאַטאַשאַ'ן און וועגען אַליאָשאַ'ן. עס איז שוין געווען צוועלף דער זייגער, ווען דער קניאַז איז צוגעגאַנגען צו מיר און מיר געלאָזט וויסען, אַז עס איז צייט זיך צו געזעגנען. איך האָב מיך געזעגענט. קאַטיא האָט מיר הייס געדריקט די האַנט און האָט מיט אויסדרוק אַ קוק געטהאָן אויף מיר. די גרעפין האָט מיך געבעטען צו קומען אָפט; איך בין ארויס צוזאַמען מיט'ן קניאַז.

איך קען מיך ניט אָבהאַלטען פון אַ מאָדנער בעמערקונג, וועלכע בעלאַנגט אפשר גאָרניט צו דער זאַך. פון מיין דריי־שעה'דיגען שמועס מיט קאַטיא'ן, האָב איך צווישען אַנדערעס, ארויסגעטראָגען אַ מאָדנע, נאָר אין דער אייגענער צייט אַ טיעפע איבערצייגונג, אַז זי איז נאָך אויף אַזוי ווייט אינגאַנצען אַ קינד, אַז זי ווייסט אַבסאָלוט ניט דעם גאַנצען סוד פון די בעציהונגען צווישען אַ מאַן מיט אַ פרוי. דאָס האָט צוגעגעבען אַן אומגעוועהנליכע קאָמישקייט צו געוויסע ארגומענטען איהרע, און אין אַלגעמיין דעם ערנסטען טאָן מיט וועלכען זי האָט גערעדט וועגען אַ סך זעהר וויכטיגע זאַכען...

---

## צעהנטער קאַפּיטעל.

— און ווייסט איהר וואָס, — האָט מיר דער קניאַז געזאָגט, זעצענדיג זיך צוזאַמען מיט מיר אין דער קאַרעטקע, — וואָס צום ביישפּיעל, ווען מיר זאָלען איצטער געהן עסען וועטשערע, האַ? ווי מיינט איהר?

— איך ווייס ווירקליך ניט, קניאַז, — האָב איך געענטפערט, אונענטשלאָסען, — איך עס קיינמאָל ניט קיין וועטשערע...

— נו, פאַרשטעהט זיך, און מיר וועלען אַ שמועס טהאָן ביי דער וועטשערע, — האָט ער צוגעגעבען, קוקענדיג פעסט און כיטרע מיר גלייך אין די אויגען אריין.

ווי האָט מען דאָס געקענט ניט פאַרשטעהן! ער וויל זיך ארויסרעדען, האָב איך געטראַכט, און איך דאַרף דאָך נאָר דאָס. איך האָב איינגעשטימט.

— אַך, אַ קלייניגקייט. אין דער גרויסער ים־גאַס צו ב.

— אין אַ רעסטאָראַן? — האָב איך געפּרעגט אביסעל צוטר־מעלט.

— יאָ. וואָס איז דען? איך עס דאָך זעלטען וועטשערע אין דער היים. וואָס זשע, וועט איהר מיר ניט ערלויבען, אַז איך זאָל אייך איינ־לאַדען?

— אָבער איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז איך עס ניט קיינמאָל קיין וועטשערע.

— וואָס מאַכט עס אוים איין מאָל. דערצו לאַד איך דאָך אייך איין...

— דאָס הייסט, איך וועל בעצאָהלען פאַר דיר; איך בין זיכער, אַז ער האָט דאָס אומיסטען צוגעלעגט. איך האָב ערלויבט מיך צו פיה־רען, נאָר אין רעסטאָראַנט האָב איך בעשלאָסען צו צאָהלען פאַר זיך אַליין. מיר זיינען אָנגעקומען. דער קניאַז האָט גענומען אַ בעזונדער צימער און האָט מיט געשמאַק און געניטקייט אויסגעקליבען צוויי־דריי זאַכען צום עסען. דאָס איז געווען טייער, פּונקט אַזוי ווי דאָס פלעשעל פיינעם וויין, וועלכען ער האָט געהייסען ברענגען. דאָס אַלץ איז געוועזען ניט לויט מיין קעשענע. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף דער קאַרטע און האָב מיר געהייסען ברענגען אַ שטיקעל פלייש און אַ גלעזעלע שנאַפּס. דער קניאַז איז געוואָרען אויפגעבראַכט.

— איהר ווילט מיט מיר ניט עסען! דאָס איז דאָך איינפאַך לעכערליך. פאַרדאָן, מיין פריינד, אָבער דאָס איז דאָך... אַ זאַך וואָס רעגט אויף. דאָס איז שוין די קלייגליכסטע אייגענליעבע. דאָ האַנדעלט עס זיך שוין אין אַ פאַל, וואו מען רעכענט זיך מיט אומשטענדען, און איך וועט מיט אייך, אַז אַזוי איז עס. איך פאַרזיכער אייך, אַז איהר באַ־ליידיגט מיך.

אָבער איך בין בעשטאַנען אויף דאָס מייניגע.

— איבריגענס, ווי איהר ווילט, — האָט ער צוגעגעבען. — איך צווינג אייך ניט... זאָגט, איוואַן פּיעטראָוויטש, קען איך מיט אייך רעדען ווי מיט אַ פאַלשטענדיגען גוטען פריינד?

— איך בעט אייך דאָס.

— נו, איז לויט מיין מיינונג אַזאַ אייגענליעבע שעדליך פאַר אייך אַליין, פּונקט אַזוי שאַדען זיך אַליין אייערע אייגענע מיט דער

איינענער זאַך. איהר זענט אַ ליטעראַט, איהר דאַרפט קענען די וועלט, און איהר זענט פרעמד פון אַלעם. איך רעד ניט איצטער וועגען דעם וואָס איהר האָט בעשמעלט, אבער איהר זענט דאָך פאַרטיג זיך איינ־גאַנצען אָבצוזאָגען פון יעדען פאַרקער מיט אונזער קרייז, און דאָס איז אבסאָלוט שעדליך. אויסער דעם, אז איהר פאַרליערט אַ סך, — נו, מיט איין וואָרט, אַ קאַריערע, — אויסער דעם, כאָטש דאָס אַליין, וואָס מען דאַרף אַליין געוואָר ווערען, וואָס איהר בעשרייבט, און ביי אייך דאָרט אין די ערצעהלונגען, זענען דאָ גראַפען, און קניאַזען, און בודואַרען... איבריגענס, וואָס בין איך דען? ביי אייך איז איצ־טער אַלץ אָרימקייט, פאַרלוירענע שינעלען, רעוויזאָרען, פאַרריסענע אָפיצערען, טשינאָווניקעס, אַלטע יאָהרען און אַ וויסט לעבען, איך וויים, איך וויים.

— אָבער איהר מאַכט אַ טעות, קניאַז; אויב איך געה ניט אריין אין אייער אַזוי גערופענעם „העכערען קרייז“, איז עס דערפאַר וואָס דאָרט איז, ערשטענס, אומעטיג, און צווייטענס, איז נישטאָ וואָס טהאָן! אבער צום סוף קום איך דאָך.

— איך וויים, ביי קניאַז ר. איינמאָל אַ יאָהר; אַ דאָרט טאַקע האָב איך אייך געטראָפען. און די איבריגע צייט פון יאָהר געהט איהר אַרום מיט דעמאָקראַטישע שטאָלצקייט, און איהר ווערט פאַרשווינד־זיכטיגט אויף אייערע בוידעמס, כאָטש ניט אַלע פון אייערע טהאָן אַזוי. עס זיינען פאַרהאַן אַזעלכע וואָס זוכען אַ צושטרייאונג, אז אפילו מיך נודיעט...

— איך וואָלט אייך געבעטען, קניאַז, צו ענדערען דעם שמועס און זיך ניט אומצוקערען צו אונז אויף די בוידעמס.

— אַך, גאָט דו מיינער, נו אָט האָט איהר אייך באַליידיגט. איב־ריגענס, איהר האָט דאָך מיר אַליין ערלויבט צו רעדען מיט אייך, ווי מיט אַ גוטען פריינד. אבער, ענטשולדיגט, איך האָב נאָך מיט קיין זאַך ניט פאַרדיענט אייער פריינדשאַפט. דער וויין איז גאַנץ פיין. פאַר־זוכט איהם.

ער האָט מיר אָנגעגאָסען אַ האַלב גלאָז פון זיין פלאַש.

— אָט זעהט איהר, מיין ליעבער איוואַן פּיעטראָוויטש, איך וויים דאָך זעהר גוט, אז אָנהענגען זיך אויף פריינדשאַפט איז ניט אַנ־שטענדיג. מיר זיינען דאָך ניט אַלע גראָב און חוצפּה'דיג מיט אייך,

אזוי ווי איהר שטעלט אייך פאר וועגען אונז: נו, איך פארשטעה אויך גאנץ גוט, אז איהר זיצט דא מיט מיר ניט דערפאר ווייל איהר זענט גוט אויפגעלעגט צו מיר, נאר דערפאר וואס איך האב אייך צוגעזאגט זיך *איבערצושמועסען* מיט אייך. ניט אמת? — ער האט זיך צולאכט.

— און אזוי ווי איהר גיט אכטונג אויף די אינטערעסען פון א געוויסער פערזאן, דערפאר ווילט זיך אייך הערען וואס איך וועל זאגען. א יא? — האט ער צוגעגעבען מיט א בייזען שמייכעל.

— איהר האט ניט קיין טעות געמאכט, — האב איך איבערגעריסען מיט אומגעדולד (איך האב געזעהען, אז ער איז געווען פון די, וועלכע, זעהענדיג א מענשען כאטש א טראפען אין זייער מאכט, גיבען זיי דאס איהם גלייך צו פיהלען. און איך בין דאך געווען אין זיין מאכט; איך האב ניט געקענט אוועקגעהן, ניט אויסהערענדיג אלץ, וואס ער האט געהאט בדעה צו זאגען, און ער האט דאס זעהר גוט געוואוסט. זיין טאן האט זיך פלוצלונג געענדערט, און איז אלץ מעהר און מעהר איבערגעגאנגען אין א טאן פון חוצפה'דיגער ברודערשאפט און חוזק. — איהר האט ניט קיין טעות געהאט, קניאז: איך בין טאקע צוליעב דעם געקומען צו פאהרען, אנדערש, וואלט איך ווירקליך דא ניט געזעסען... אזוי שפעט.

— מיר האט זיך געגלוסט צו זאגען: אנדערש וואלט איך פאר קיין פאל ניט געבליבען מיט אייך; נאר איך האב עס ניט געזאגט, און האב עס איבערגעדרעהט אנדערש ניט אוים מורא, נאר אוים מיין פאסקודנער שוואכקייט און איידעלקייט. נו, ווי אזוי קען מען ווירקליך זאגען א מענשען א גראבקייט גלייך אין די אויגען אריין, כאטש ער האט דאס פארדיענט, און כאטש איך האב ווירקליך געוואלט איהם זאגען א גראבקייט? מיר דאכט זיך, אז דער קניאז האט דאס בעמערקט אין מיינע אויגען, און מיט א חוזק'דיג שמייכעלע געקוקט אויף מיר אין דעם גאנצען פארלויף פון דער פראזע, אזוי ווי ער וואלט זיך בעפריעדיגט מיט מיין ענגהארציגקייט און גלייך ער וואלט זיך גערייצט מיט מיר מיט זיין בליק: „נו, וואס, האסט ניט געוואגט, איבערגעדרעהט די געשיכטע קאפויר! ברודער!" דאס איז זיכער אזוי געווען, דערפאר ווייל ווען איך האב געענדיגט, האט ער זיך צולאכט און מיט

עפּעם א פּרעטענציעזער צערטליכקייט מיר א קלאַפּ געטהאָן אויף דער קניה.

„דו מאכסט צום לאכען, ברודער,“ — האָב איך איבערגעלעזען אין זיין בליק. — „ווארט נאַר“, — האָב איך א טראכט געטהאָן פאר זיך.

— מיר איז היינט זעהר פרעהליך! — האָט ער אויסגעשריגען,

— און, ווירקליך, איך ווייס ניט פארוואָס. יא, יא, מיין פריינד, יא! וועגען דער פּערזאָן האָב איך טאקע געוואָלט רעדען. מען דארף זיך דאָך איינמאָל פאר אלע מאָל ארויסזאָגען, דעררעדען זיך צו עפּעס, און איך האָף, אז דאָס מאָל וועט איהר מיך אינגאנצען פארשטעהן. ניט לאַנג צוריק האָב איך מיט אייך גערעדט וועגען דעם געלט און וועגען דעם טאטען איהרען, דעם זעכציג יעהריגען אינגעלע... נו! עס לוינט עס ניט איצטער צו דערמאָנען. איך האָב עס דאָך נאַר ג ל א ט א ז ו י גערעדט! הא־הא־הא, איהר זענט דאָך א ליטעראט, האָט איהר דאָך אייך בעדארפט אָנשטויסען...

איך האָב אָן ערשטוינטער געקוקט אויף איהם. ראכט זיך, אז ער איז נאָך ניט געוועזן שכור.

— נו, און וואָס אמבעלאַנגט דעם מיידעל, איז, ווירקליך, איך שעץ זי, איך האָב זי אפילו ליעב, איך פארזיכער אייך; זי איז אבי־סעל קאפּריזנע, אבער „עס איז דאָך נישטאָ קיין רויז אָהן דערנער“, ווי מען האָט געזאָגט מיט פופציג יאָהר צוריק, און מען האָט גוט גע־זאָגט: דערנער שטעכען; אבער דאָס טאקע איז דאָך דאָס צוציהענדע, און כאָטש מיין אלעקסעי איז א אידיאָט, האָב איך איהם שוין טייל־ווייז מוחל געוועזן פאר זיין גוטען געשמאַק. קורץ, די מיידלעך געפעלען מיר, און איך — (ער האָט בעדייטונגספול צונויפגעפרעסט די ליפּען) — האָב אפילו א בעזונדער סאָרט אנזיכטס־קארטען... נו, דאָס קומט שפּעטער...

— קניאז! הערט, קניאז! — האָב איך א געשריי געטהאָן, — איך פארשטעה ניט אין אייך די האסטיגע ענדערונג, אבער... ענדערט אייער געשפּרעך, איך בעט אייך.

— איהר היצט אייך ווידער! נו, גוט... איך וועל עס ענדערען, ענדערען! אבער אָט וואָס איך וויל אייך פרעגען, מיין גוטער פריינד: איהר שעצט זי זעהר?

— זעלבטפארשטענדליך, — האב איך געענטפערט מיט גראבער אומגעדולד.

— און, און איהר האט זי ליעב? — האט ער ווייטער גערעדט, שטשירענדיג עקעלהאפט די ציין און צוזשמורענדיג די אויגען.

— איהר פארגעסט אייך! — האב איך א געשריי געטהאן.

— נו, איך וועל שוין ניט, איך וועל ניט! בערוהיגט אייך! איך בין היינט וואונדערליך גוט אויפגעלעגט. עס איז מיר שוין לאנג ניט געווען אזוי פרעהליך, ווי היינט. טרינקען מיר אפשר שאמפאניער! ווי מיינט איהר, מיין דיכטער?

— איך וועל ניט טרינקען, איך וויל ניט!

— רעדט דאס ניט! איהר מוזט היינט אומבעדינגט זיצען מיט מיר צוליעב געזעלשאפט. איך פיהל מיך אויסגעצייכענט, און אזוי ווי איך בין גוט ביז צו סענטימענטאליטעט, קען איך ניט זיין גליקליך איינער אליין. ווער ווייסט, מיר וועלען נאך אפשר, קען זיין, דערגעהן דערצו, אז מיר וועלען אויסטרינקען אויף דו, חא־חא־חא! ניין, מיין יונגער פריינד, איהר קענט מיך נאך ניט! איך בין זיכער, אז איהר וועט מיך ליעב בעקומען. איך וויל, אז איהר זאלט היינט טיילען מיט מיר אי פרייד אי לייד, אי שמחה, אי טרערען, כאטש איך האף, אז איך אמוועניגסטענס, וועל מיך ניט צעוויינען. נו, וואס זשע, איוואן פיעטראוויטש? שטעלט אייך נאר בלויז פאר, אז אויב עס וועט ניט זיין דאס, וואס מיר ווילט זיך, וועט מיין גאנצע בעגייסטערונג פארביי, פארפאלען ווערען, פארפליהען, און איהר וועט גאר ניט הערען; נו, און איהר זענט דאך דא בלויז צוליעב דעם אום עפעס צו הערען. ניט אמת? — האט ער צוגעגעבען, וויעדער מיט א חוצפה'דיגען צואווינקען, — נו, טא קלויבט אויס.

דאס סטראשען איז געווען זעהר וויכטיג. איך האב איינגעשטימט. צו וויל ער מיך ניט אמאל אנ'שכור'ען? — האב איך א טראכט געטהאן. גראד איז דא דאס ארט צו דערמאנען וועגען א געוויסען קלאנג וועגען דעם קניאז, א קלאנג, וועלכער איז שוין לאנג דערגאנגען צו מיר. מען האט גערעדט וועגען איהם, אז ער — שטענדיג אזוי אנשטענדיג און קארעקט אין געזעלשאפט — האט ליעב טיילמאל ביינאכט צו שכור'ן, זיך אנצוטרינקען ווי א פאס און צו פיהרען בעהאלטענערהייט אויסגעלאסענקייטען, עקעלהאפטע און געהיימע אויס־

געלאַסענקייטען... איך האָב געהערט וועגען איהם שרעקליכע קלאַנ־גען... מען זאָגט, אַז אַליאָשא האָט געוואוסט וועגען דעם, אַז דער פאָטער טרינקט טיילמאָל, און ער האָט זיך בעמיהט דאָס צו בעהאַל־טען פון אַלע, איבערהויפּט פון נאַטאַשאַ׳ן. איינמאָל האָט ער זיך שוין געהאַט ארויסגערעדט פאַר מיר, נאָר ער האָט באַלד פאַרקירעוועט דעם שמועס און האָט ניט געענטפערט אויף מיינע פראַגען. איבריגענס, איך האָב עס ניט נאָר פון איהם אַליין געהערט און, איך בין מודה, איך האָב עס פריהער ניט געגלויבט און איצטער האָב איך געוואַרט, וואָס דאָ וועט זיין.

מען האָט דערלאַנגט וויין; דער קניאַז האָט אָנגעגאָסען צוויי גלעזלעך, זיך און מיר.

— אַ ליעב, ליעב מיידעלע, כאָטש זי האָט מיך באַליידיגט! — האָט ער ווייטער גערעדט און צוגעקנאַקט נחת׳דיג מיט דער צונג איי־בער דעם וויין, — נאָר אָט די ליעבע בעשעפענישען זיינען דאָ גראָד ליעב, אָט גראָד אין אַזעלכע מאָמענטען... און זי האָט דאָך זיכער גע־טראַכט, אַז זי האָט מיך פאַרשעמט, איהר געדענקט אין יענעם אָוונט, אַז זי האָט מיך צוריבען? חאַ־חאַ־חאַ! און ווי עס קליידט איהר אַ פאַרב אין פּנים! איהר זענט אַ מבין אויף פרויען? טיילמאָל פּאַסט זיך שרעקליך צו אַ פּלוצלינגע פאַרב צו בלייכע באַקען, האָט איהר דאָס בעמערקט? אַך, גאָט מיינער! אָבער איהר זענט, דאַכט זיך, ווידער בייז אויף מיר?

— יאָ, איך בין בייז! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן, שוין ניט קענענדיג זיך איינהאַלטען, — איך וויל ניט, אַז איהר זאָלט איצטער רעדען וועגען נאַטאַליאַ ניקאָלאַיעוונאַ... דאָס הייסט, רעדען אין אַזאַ טאָן. איך... איך וועל אייך דאָס ניט ערלויבען!

— אַהאַ! נו, ענטשולדיגט, איך וועל אייך אָנטהאָן דאָס פער־גניגען און איך וועל ענדערען די טהעמע. איך טרעט דאָך אָב און אי־בין ווייך ווי אַ טייג. מיר וועלען רעדען וועגען אייך. איך האָב אייך ליעב, איוואַן פּיעטראָוויטש, ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי פריינד־שאַפטליך, ווי אויפריכטיג איך אינטערעסיר מיך מיט אייך...

— קניאַז, צי וואָלט ניט בעסער געווען צו רעדען וועגען דער זאַך, — האָב איך איהם איבערגעריסען.

— דאָס הייסט, וועגען א ו נ ז ע ר ז א ך, ווילט איהר זאַ־

גען. איך פארשטעה אייך פון א האלב ווארט, מיין פריינד, אבער איהר פארדעכטיגט אפילו ניט, ווי נאהנט מיר ווער׳לען זיך צוריהרען צו דער זאך, אויב מיר וועלען איצטער רעדען וועגען אייך און אויב, פאר־שטעהט זיך, איהר וועט מיר ניט איבערדרייסען. אזוי, אלזא, רעד איך ווייטער: איך האב אייך געוואלט זאגען, מיין טייערער איוואן פיעט־ראוויטש, אז לעבען אזוי ווי איהר לעבט, הייסט פשוט זיך אומברענ־גען. ערלויבט נאר מיר זיך צוצוריהרען צו דער איידעלער סחורה; איך רעד פון פריינדשאפט. איהר זענט ארעם, איהר נעמט ביי אייער פאר־לעגער אנ׳אוואנס, איהר צאהלט אייערע חוב׳עלעך, מיט דעם איברי־גען שפייזט איהר אייך א האלב יאהר מיט בלויז טהיי און איהר צי־טערט אויף אייער בוידעם אין ערוואַרטונג, ווען איהר וועט שוין אנ־שרייבען אייער ראמאן אין אייער פארלעגער׳ס זשורנאל; ניט אזוי?

— זאל זיין אזוי, אבער דאס איז דאך אלץ...

— ערליכער איידער גנב׳ענען, בוקען זיך, נעמען כאבאר, אינטרי־גירען, און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. איך וויים, איך וויים, וואס איהר ווילט זאגען, דאס אלץ איז שוין לאנג געדרוקט.

— און דערפאר האט איהר גארנישט וואס צו רעדען וועגען מיינע געשעפטען. צי, קניאז, דארף איך אייך לערנען איידעלקייט.

— נו, פארשטעהט זיך, אז ניט איהר. אבער וואס קען מען טהאן, ווען מיר ריהרען נעמליך אן אט די איידעלע סטרונע. מיר קענען זי דאך אויסמיידען. נו, איבריגענס, לאמיר צו רוה לאזען די בוידעמס. איך האב אליין אויך ניט קיין חשק צו זיי, סיידען אין געוויסע פאלען (און ער האט זיך עקעלדיג צולאכט) — אבער אט וואס מיך וואונדערט: פארוואס גלוסט זיך אייך צו שפיעלען די צווייטע ראלע? געוויס, איי־נער פון אייערע שרייבער, געדענק איך, האט געזאגט ערגיץ: אז, קען זיין, אז די גרעסטע העלדענטאט פון א מענשען ליעגט אין דעם, וואס ער קען זיך בעגרענעצען אין לעבען מיט דער צווייטער ראלע... דאכט זיך, עפעס אזוינס! וועגען דעם האב איך נאך געהערט ערגיץ א שמועס, אבער אליאשא האט דאך ביי אייך צוגענומען די כלה, איך וויים דאך דאס, און איהר, איהר זענט אייך נאך מקריב פאר זיי, און איהר דיענט זיי און איהר זענט שיער ניט ביי זיי א שיק־אינגעל... איהר וועט מיר שוין מוחל זיין, מיין ליעבער, אבער דאס איז דאך עפעס אן עקעל־האפטע שפיעל אין ברייטהארציגע געפיהלען... ווי ווערט עס אייך

גיט דערעסן, ווירקליך ווי שעהמט איהר אייך ניט! איך וואלט, דאכט זיך, אויף אייער ארט געשטארבען פון פארדרוס, און די הויפט־זאך: די שאנד, די שאנד!

— קניאז! איהר, דאכט זיך, האט מיך אומיסטען אהער גע־בראכט, אום מיך צו באליידיגען! — האב איך א געשריי געטהאן אוי־סער זיך פון כעס.

— א, ניין, מיין פריינד, ניין, איך בין אין דער מינוט גאנץ פשוט א געשעפטיגער מענש, און איך בין אויסען אייער גליק. מיט איין ווארט, איך וויל אויסגלייכען די גאנצע זאך. אבער לאמיר אויף א וויל איבערלאזען די ג א נ צ ע ז א ך, און איהר הערט מיך אויס ביז'ן סוף, בעמיהט אייך ניט צו היצען זיך כאטש א צוויי מינוט. נו, ווי מיינט איהר, ווי וואלט געווען, ווען איהר זאלט חתונה האבען? איהר זעהט, איך רעד דאך איצטער אינגאנצען וועגען א ז י י ט י ג ע ר ז א ך: וואס זשע קוקט איהר אויף מיר אזוי פארוואונדערט?

— איך ווארט, ווען איהר וועט אלץ ענדיגען, — האב איך געענט־פערט, ווירקליך קוקענדיג אויף איהם מיט פארוואונדערונג.

— עס איז נישטא וואס ארויסצוזאגען. מיר האט זיך נעמליך געוואלט וויסען, וואס איהר וואלט געזאגט, ווען אימיצער פון אייערע פריינד, וועלכער איז אויסען אייער גליק אויף אן אמת און אויף אייביג, ניט א גליק וואס קומט און געהט, וואלט איך פארגעשלאגען א מיידעל, א יונגע, א שעהנע, נאר... אזא וואס האט שוין עפעס אי־בערגעטראגען; איך רעד אלעגאריש, אבער איהר פארשטעהט מיך, נו, ווי צומביישפיעל נאטאליא ניקאלאיעוונא, פארשטעהט זיך, מיט אן אנשטענדיגער בעלוינונג... (בעמערקט, אז איך רעד וועגען א זייטי־גער זאך און ניט וועגען א ו נ ז ע ר זאך): נו, וואס וואלט איהר געזאגט?

— איך וועל אייך זאגען, אז איהר... זענט פון זינען אראב.

— הא־הא־הא! פע! איהר ווילט דאך מיך שיער שלאגען, וואס?

איך בין, ווירקליך, גרייט געווען מיך ארויפצוווארפען אויף איהם. לענגער האב איך ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט געמאכט אויף מיר דעם איינדרוק פון עפעס אן עקלהאפט בעשעפעניש, פון עפעס א גרוי־סען שפין, וועלכען איך האב שרעקליך געוואלט צודריקען. ער האט געשעפט נחת פון דעם וואס ער האט חוזק געמאכט איבער מיר: ער

האט זיך געשפּיעלט מיט מיר, ווי א קאץ מיט א מויז, מיינענדיג, אז איך בין אינגאנצען אין זיין מאכט. מיר האט זיך אויסגעוויזען (און איך האב עס פארשטאנען), אז ער האט געפונען עפּעס א בעפרידיגונג, און קען זיין, אפילו א מין ליידענשאפטליכע צופריעדענהייט, אין זיין חוצפּה־דיגקייט, אין זיין גראבקייט, אין דעם ציניזם, מיט וועלכען ער האט ענדליך אראבגעריסען פאר מיר זיין מאסקע. ער האט געוואלט זיך אנזעטיגען מיט מיין פארוואונדערונג, מיט מיין שרעק. ער האט מיך פון הארצען פאראכט און חוזק געמאכט פון מיר.

איך האב נאך פון אנהויב געהאט א פארגעפיהל, אז דאס אלץ ווערט געטהאן מיט אבזיכטען און אז עס פיהרט צו עפּעס; נאר איך בין געווען אין אזא לאגע, אז איך האב איהם געמוזט אויסהערען אין וואס עס זאל ניט געהן. דאס איז געווען אין נאטאשא׳ס אינטערעסען, און איך האב מיך געמוזט בעשליעסען אויף אלעם און אלץ איבערטראַגען, דערפאר ווייל אין דער מינוט איז, קען זיין, די גאנצע זאך בעשלאָסען געוואָרען. אבער ווי האט מען געקענט הערען אט די צינישע, ני־דערטרעכטיגע רייד וועגען איהר, ווי אזוי האט מען געקענט דאס קאלט־בלוטיג איבערטראַגען? און ער האט צו דעם צו אליין זעהר גוט פאר־שטאנען, אז איך קען איהם ניט אויסהערען, און דאס האט נאך שטאר־קער געמאכט די באליידיגונג. „איבריגענס, ער נייטיגט זיך דאך אליין אין מיר“, האב איך געטראכט, און גענומען איהם ענטפערען שארף און זידלעריש. ער האט דאס פארשטאנען.

— אט וואס, מיין יונגער פריינד, — האט ער אנגעהויבען ערנסט קוקענדיג אויף מיר, — מיר קענען ביידע אזוי ווייטער ניט געהן און דערפאר לאמיר זיך בעסער אבערעדען. איך, זעהט איהר, האב געהאט אין זינען אייך עפּעס ארויסצוזאגען, נו, און איהר דארפט שוין זיין אזוי פריינדליך, אז איהר זאלט איינשטימען אויסצוהערען וואס איך זאל ניט זאגען. איך וויל רעדען אזוי ווי איך וויל און ווי מיר געפעלט, און אויף אנ׳אמת דארף מען אזוי. נו, ווי זשע, מיין יונגער פריינד, וועט איהר האבען געדולד?

איך האב מיך געשטארקט און פארשוויגען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער האט געקוקט אויף מיר מיט אזא חוזק, ווי ער וואלט מיך אליין ארויסגערופען אויפ׳ן שארפסטען פראטעסט. אבער ער האט

פארשטאַנעז, אז איך האָב שוין איינגעשטימט ניט אוועקצוגעהן, און ער האָט ווייטער גערעדט:

— זייט ניט בייז אויף מיר, מיין פריינד. פארוואָס אייגענטליך זענט איהר בייז געוואָרען? בלויז אויף דער אויסערליכקייט, ניט אמת! אייגענטליך גענומען האָט איהר דאָך פון מיר קיין אנדער זאך ניט ער־וואַרט, ווי אזוי איך זאָל מיט אייך ניט רעדען: מיט דער גרעסטער העפליכקייט, צי אזוי ווי איצט; דער זין וואָלט דאָך אלץ געווען דער אייגענער, אזוי ווי איצט. איהר האסט מיך, ניט אמת? זעהט איהר, וויפיעל עס איז דאָ אין מיר פון אָט דער ליעבער פראָסטקייט, אָפענ־הערציגקייט, פון דער מענשליכקייט. איך בין מיך פאר אייך מודה אין אלעם, אפילו אין מיינע קינדישע קאפריזען. יא, מיין טייערער, יא, אביסעל מעהר מענשליכקייט פון אייער זייט, און מיר וועלען זיך צו־נויפקומען, מיר וועלען זיך פאָלשטענדיג צונויפרעדען און מיר וועלען ענדליך אמאָל פערשטעהן איינער דעם אנדערען. און אויף מיר זאָלט איהר אייך ניט וואונדערען; מיר זיינען שוין צום סוף אזוי דערעסען די אלע אומשולדיגקייטען, די אלע אליאָשאַ'ס ליעבעס־ליעדלעך, די גאנצע שילעראָוושינע, די אלע הויכע זאכען אין דעם שידוך מיט נאטא־שאַ'ן (איבריגענס, א גאנץ ליעב מיידעלע), אז איך בין, אזוי צו זאָ־גען, ניט ווילענדיג צופריעדען מיט דעם צופאל פון דעם אלעם זיך אויסצולאכען. נו, און א צופאל איז ארויסגעקומען. דערצו האָב איך געוואָלט פאר אייך אויסגיעסען מיין הארץ, חאַ־חאַ־חאַ!

— איהר מאכט מיך וואונדערען, קניאז, און איך דערקען אייך ניט. איהר פאלט אריין אין דעם טאָן פון א שכור: די אלע אונער־ווארטע אָפענהערציגקייטען...

— חאַ־חאַ־חאַ! און דאָס איז דאָך טיילווייז ריכטיג! א טייע־רער פארגלייך! חאַ־חאַ־חאַ! איך ה ו ל י ע, מיין פריינד, איך ה ו ל י ע, איך בין צופריעדען און פרעהליך, נו, און איהר, מיין דיכטער, דארפט מיר שוין ארויסווייזען אייער אלערמעגליכע גנעדיג־קייט. אבער לאָמיר בעסער טרינקען, — האָט ער בעשלאָסען, א גאנץ צופריעדענער מיט זיך און אָנגיעסענדיג אינ'ם בעכער, — אָט וואָס, מיין פריינד, שוין דער איינער נארישער אָוונד, איהר געדענקט ביי נאטאשאַ'ן, האָט מיך אינגאנצען דערענדיגט. אמת, אליין איז זי גע־וועזען זעהר ליעב, נאָר איך בין ארויס פון דאָרט מיט א שרעקליכען

כעס און איך וויל דאס ניט פארגעסען. ניט פארגעסען, ניט בעהאל־טען. פארשטעהסט זיך, עס וועט אויך אונזער צייט קומען און זי דער־נעהנטערט זיך אפילו גאנץ שנעל, אבער איצט וועלען מיר דאס אב־לאזען. אין דער זעלבער צייט האב איך אייך געוואלט ערקלערען, אז איך האב נעמליך א שטריך אין מיין כאראקטער, וועלכען איהר האט נאך ניט געקענט, — דאס איז דער האס צו די אלע געמיינע אומשול־דיגקייטען און ליעבעס, וואס זיינען גארנישט ווערט, און איינס פון די מיקאנטסטע פארגעניגענס איז פאר מיר שטענדיג געוועזען אליין אין אגהויב ארויפצוגעהן אויף דעם וועג, אריינגעהן אין דעם טאן, ארומ־צערטלען, ערמוטיגען עפעס דארט אן אייביג־יונגען שילער, און דער־נאך פלוצלונג מיט אמאל איהם צו איבעראשען; פלוצלונג אויפצוהוי־בען פאר איהם די מאסקע און פון דעם בעגייסטערטען פנים איהם צו מאכען אזא מין גרימאסע, צו ווייזען איהם די צונג גראד אין דער מי־נוט, ווען ער ערווארט צום ווענינסטען אזא מין סורפריז. וואס? איהר פערשטעהט דאס ניט, אייך ווייזט דאס אויס עקעלהאפט, אומגעלומ־פערט, גראב, אפשר, וואס?

— פארשטעהט זיך, אזוי.

— איהר זענט אפענהערציג. נו, וואס זשע קען מען טהאן, ווען מען פייניגט מיך אליין! איך אליין בין אויך אפענהערציג ווי א נאר, אבער אזוי איז שוין מיין כאראקטער. איבריגענס, איך וויל אייך דער־צעהלען געוויסע שטריכען פון מיין לעבען. איהר וועט מיך בעסער פער־שטעהן, און דאס וועט זיין זעהר אינטערעסאנט. יא, איך בין ווירקליך, קען זיין, היינט עהנליך אויף א שכור, און א שכור איז דאך אפענהער־ציג, ניט אמת?

— הערט, קניאז, איצט איז שפעט און, ווירקליך...

— וואס? גאט, ווי אונגעדולדיג! וואוהין איז זיך דא צו איי־לען? נו, וועלען מיר זיצען, וועלען מיר זיך דורכשמועסען פריינד־ליך, אויפריכטיג, אזוי, ווייסט איהר, ביי א גלאז וויין, ווי גוטע פריינד. איהר מיינט, איך בין שכור: עס מאכט ניט אויס, דאס איז בעסער. הא־הא־הא! ווירקליך, אט די גוטברידערליכע שמועסען געד־דענקען זיך שפעטער אזוי לאנג, מען דערמאנט זיך אן זיי מיט אזא נחת. איהר זענט ניט קיין גוטער מענש, איוואן פיעטראוויטש! איהר האט ניט אין זיך קיין סענטימענטאליטעט, קיין ווייכע געפיהלען. נו,

וואָס מאכט דאָרטען אוים נאָך אַ שעה־צוויי פאר אזא פריינד, ווי איך? דערצו בעלאנגט דאָך דאָס אויך צו דער זאַך... נו, ווי פארשטעהט מען דאָס ניט? און איז נאָך אַ ליטעראַט; איהר האָט דאָך בעדארפט דאנ־קען דעם צופאל. איהר קענט דאָך מיך אַבמאָהלען פאר אַ טיפ, חאַ־חאַ־חאַ! גאָט, ווי שעהן אָפענהערציג איך בין היינט!

מען האָט געזעהען, אז ער איז שוין בגילופין. זיין פנים האָט זיך געענדערט און האָט אָנגענומען עפּעס אַ בייזען אויסדרוק. איהם האָט זיך, ווייזט אוים, געוואָלט רעדען מיט גיפט, שטעכען, בייסען, חוזק מאכען. דאָס איז טיילוויז בעסער, וואָס ער איז אַ שכור, האָב איך געטראַכט: אַ שכור'ער ווערט שטענדיג אלץ ארויספּלאפּלען. אבער ער האָט זיך געהאַלטען ביים שכל.

— פריינד מיינער, — האָט ער אָנגעהויבען, הנאה האָבענדיג פון זיך אליין, — איך האָב מיך דאָ מודה געווען פאר אייך אין איין זאַך, וועלכע איז אפשר ניט געווען אויפ'ן פּלאַץ, וועגען דעם, אז עס קומט צו מיר טיילמאָל אַ פארלאנג וואָס איך קען ניט בייקומען, צו ווייזען אימיצען די צונג אין אַ געוויסען פאל. פאר דער נאאיווער און פּשוט'ער אָפענהערציגקייט מיינער האָט איהר מיך אָנגערופען שכור, און דאָס האָט מיך ווירקליך געמאַכט צום לאַכען. נאָר אויב איהר ווארפט מיר פאָר, אַדער איהר וואונדערט אייך איבער מיר, וואָס איך בין מיט אייך איצטער גראָב, און האַלט מיך ווי אַ פויער, מיט איין וואָרט, וואָס איך האָב פּלוצלונג געענדערט מיט אייך דעם טאָן, זענט איהר אין דעם פאל אינגאַנצען אומגערעכט. ערשטענס, געפעלט מיר אזוי, צווייטענס, בין איך ניט ביי זיך, נאָר מ י ט א י י ך... דאָס הייסט איך וויל זאָגען, אז מיר ה ו ל י ע ן א י צ ט ע ר, אזוי ווי גוטע פריינד, און דריטענס, האָב איך שרעקליך ליעב קאַפּריזען. ווייסט איהר, אז אַמאָל בין איך אפילו אוים קאַפּריז געווען אַ מעטאַפיזיקער און אַ פי־לאָנטראָפּ און האָב מיך געדרעהט שיער ניט מיט אזעלכע אידעען, ווי איהר? דאָס איז, איבריגענס, געווען שרעקליך לאַנג צוריק, אין די גאָלדענע טעג פון מיין יוגענד. איך געדענק, איך בין נאָך דאַמאָלס גע־קומען צו פאָהרען צו זיך אין דאָרף אריין מיט הומאַניטאַרע צוועקען און, פארשטעהט זיך, עס איז מיר געווען אומעטיג אויף וואָס די וועלט שטעהט; און איהר וועט ניט גלייבען, וואָס מיט מיר האָט זיך דאַ־מאָלס געטראָפען? אוים אומעט האָב איך מיך אָנגעהויבען צו בעקע־

נען מיט שעהנע מיידעלעך... וואָס, איהר פאַרקרימט שוין דאָס פּנים? אַ, מיין יונגער פריינד! מיר רעדען דאָך איצטער, ווי צוויי גוטע ברי־דער. ווען זשע קען מען אַ הוליע טהאָן, ווען זשע קען מען זיך פיהלען פריי! איך בין דאָך אַ רוסישע נאַטור, אַן עכטע רוסישע נאַטור, אַ פּאַטריאָט, איך האָב ליעב מיך צו פיהלען פריי, און דערצו דאַרף מען אויפכאַפּען די מינוט און הנאה האָבען פון לעבען. וועלען מיר שטאַר־בען — וואָס האָבען מיר דאָרט! נו, האָב איך מיך אַמאָל ארומגע־שלעפּט. איך געדענק אַ יונגע פּאַסטושקע איינע האָט געהאַט אַ מאַן, אַ שעהנער יונגער פּויער. איך האָב איהם גוט בעשטראָפט און געוואָלט איהם אָבגעבען פאַר אַ סאָלדאַט (אַמאָליגע שטראָפען, מיין פּאַעט!) און איך האָב איהם ניט אָבגעגעבען פאַר קיין סאָלדאַט. ער איז גע־שטאָרבען ביי מיר אין שפּיטאָל... איך האָב דאָך אין דאָרף געהאַט אַ שפּיטאָל, מיט צוועלף בעטלעך, — אויסגעצייכענט איינגעאָרדענט; אַ ריינקייט, דיעלען פון פּאַרקעט. איך האָב איהם, איבריגענס, שוין לאַנג איינגעלעגט, און דאַמאָלס בין איך שטאָלץ געווען מיט איהם: געווען אַ פילאַנטראָפּ; נו, און דעם פּויער האָב איך שיער ניט דער׳הרג׳עט צוליעב דעם ווייב... נו, וואָס האָט איהר אייך ווידער פאַרקרומט? עס עקעלט אייך צו הערען? עס רעגט אויף אייערע איידעלע געפיה־לען? נו, נו, בערוהיגט אייך! דאָס אַלץ איז פאַרביי. דאָס האָב איך געטהאָן ווען איך האָב ראָמאַנסירט, געוואָלט זיין וואוילטעטיג פאַר דער מענשהייט; גרינדען אַ פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט... אין אַזאַ חברה בין איך דאַמאָלס אריינגעפאַלען. דאַמאָלס האָט מען גע׳הרג׳עט, איצטער וועל איך ניט הרג׳ענען; איצטער דאַרף מען זיך פאַרקרימען; איצטער פאַרקרימען מיר זיך אַלע, — אַזאַ צייט איז אָנגעקומען... נאָר מעהר פון אַלץ מאַכט מיך איצט צום לאַכען דער נאַר איכמעניעוו. איך בין זיכער, אַז ער האָט געוואוסט די גאַנצע געשיכטע מיט דעם פּויער... און וואָס? דערפאַר ווייל ער האָט אַ גוטע נשמה, וועלכע איז דאַכט זיך געמאַכט פון קליאַטשע און דערפאַר ווייל ער האָט זיך דאַמאָלס איינגעליעבט אין מיר און מיך אָוועקגעלויבט פאַר זיך אַליין, — האָט ער ביי זיך בעשלאָסען קיין זאַך ניט צו גלויבען און האָט ניט געגלויבט; דאָס הייסט קיין פאַקט האָט ער ניט געגלויבט און צוועלף יאָהר איז ער געשטאַנען פאַר מיר, ווי אַ בארג אַזוי לאַנג, ביז עס האָט איהם אַליין ניט אָנגערירט. חאַ־חאַ־חאַ! נו, דאָס איז אַלץ אונזין! לאָמיר

אויסטרינקען, מיין יונגער פריינד. הערט: איהר האָט ליעב פרויען?
איך האָב גארנישט געענטפערט. איך האָב איהם נאָר געהערט. ער האָט שוין אנגעהויבען דאָס צווייטע פלעשיל.
— און איך האָב ליעב וועגען זיי צו רעדען ביי דער וועטשערע. איך וואָלט אייך בעקענט נאָך דער וועטשערע מיט איינער א מאַדמואַזעל פיליבערט, — איהר ווילט? ווי מיינט איהר? אבער וואָס איז מיט אייך? איהר ווילט אפילו ניט קוקען אויף מיר... הם!
ער האָט זיך פארטראַכט. נאָר פּלוצלונג האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט עפּעס בעדייטענד א קוק געטהאָן אויף מיר און האָט ווייטער גערעדט.
— אָט וואָס, מיין פּאָעט, איך וויל אייך ענטדעקען א סוד פון דער נאַטור, וועלכער איז אייך, דאַכט זיך, אינגאַנצען אומבעקאַנט. איך בין זיכער, אז אין דער מינוט האַלט איהר מיך פאר א זינדיגען מענש, און אפשר פאר א פּאַדלעץ, פאר א פאַרזעהעניש פון אויסגעלאַסענקייט און זינד. אבער אָט וואָס איך וועל אייך זאָגען! ווען עס וואָלט נאָר געקענט זיין (וואָס עס קען, איבריגענס, צוליעב דער מענשליכער נאַטור, קיינמאָל ניט זיין), ווען עס וואָלט געקענט זיין, אז יעדער פון אונז זאָל זיך בעשרייבען געניי, אבער אזוי, אז ער זאָל ניט קיין מורא האָבען ארויסצושרייבען ניט נאָר דאָס, וואָס ער האָט מורא צו זאָגען און וועט אויף קיין פאַל ניט זאָגען קיין מענשען, ניט נאָר דאָס, וואָס ער האָט מורא צו זאָגען זיינע בעסטע פריינד, נאָר אפילו דאָס, אין וועלכען ער האָט אָפטמאָל מורא זיך אליין מודה צו זיין, — וואָלט זיך דאָך דאמאָלס אויף דער וועלט אויפגעהויבען אזא געשטאַנק, אז מיר וואָלטען אלע דערשטיקט געוואָרען. אָט פאַרוואָס, פאַרקערט גערעדט, עס זיינען אזוי גוט, אונזערע וועלטליכע בעדינגונגען און פיהרונגען. עס איז דאָ אין זיי א טיעפער געדאַנק, — איך וועל ניט זאָגען א מאָראַלישער, נאָר פּשוט אזא וואָס פאַרהיט, א בעקוועמער, וואָס עס איז, פאַרשטעהט זיך, נאָך בעסער, דערפאַר ווייל מאָראַלישקייט איז אין גרונד גענומען די אייגענע בעקוועמליכקייט, דאָס הייסט זי איז ערפונדען געוואָרען ספּעציעל צוליעב דער בעקוועמליכקייט. אבער וועגען די פיהרונגען וועלען מיר שפּעטער רעדען, איך שלאָג מיך איצטער פון וועג אראָב, איהר וועט מיך שפּעטער וועגען דעם דערמאָנען. איך וועל ענדיגען אזוי: איהר בעשולדיגט מיך אין זינד, אויסגעלאַסענ־

קייט, אונמאראלישקייט און איך, קען זיין, בין איצטער שולדיג בלויז אין דעם, וואס איך בין אפענהערציגער פון אנדערע און ווייטער ניט; וואס איך בעהאלט ניט דאס, וואס איך בין אפענהערציגער פון אנדערע און ווייטער ניט; וואס איך בעהאלט ניט דאס, וואס אנדערע בעהאל־טען אפילו פון זיך אליין, ווי איך האב פריהער געזאגט... איך טהו דאס שלעכט, אבער איצטער וויל איך אזוי. איבריגענס, זייט רוהיג, — האט ער צוגעגעבען מיט א חוזק־שמייכעל, — איך האב געזאגט, אז איך בין שולדיג, אבער איך בעט דאך ניט קיין ענטשולדיגונג. בעמערקט אייך נאך: איך צוטומעל אייך ניט, איך פרעג אייך ניט וועגען דעם: צי האט איהר ניט ביי זיך אליין אזעלכע סודות, כדי איך זאל מיט אייע־רע סודות אויך זיך אליין גערעכט מאכען... איך האנדעל אנשטענדיג און איידעל. אין אלגעמיין האנדעל איך שטענדיג איידעל...

— איהר פאררעדט אייך איינפאך, — האב איך געזאגט, קוקענ־דיג אויף איהם מיט פאראכטונג.

— איך פאררעד מיך, חא־חא־חא! און זאגען אייך, וועגען וואס איהר טראכט איצטער? איהר טראכט: פארוואס האב איך עס אייך דא אהער אריינגעפיהרט און פלוצלונג, ניט אהין ניט אהער גענומען ווע־רען אפענהערציג פאר אייך? יא צי ניין?

— יא.

— נו, דאס וועט איהר שפעטער געוואר ווערען.

— און אויסער אלעם האט איהר אויסגעטרונקען כמעט צוויי פלעשלעך און... געווארען שכור'לעך.

— דאס הייסט פשוט שכור. און דאס קען זיין. „שכור'לעך"! דאס הייסט דאס איז צערטליכער איידער שכור. א, דו מענש פול מיט איידעלקייט! אבער... מיר האבען זיך, דאכט זיך, ווידער אנגעהוי־בען צו זידלען, און מיר האבען שוין געהאט אנגעהויבען צו רעדען וועגען אזא אינטערעסאנטער זאך. יא, מיין פאעט, אויב עס איז אויף דער וועלט נאך פארהאן עפעס גוטס און זיס, איז דאס די פרויען.

— ווייסט איהר, קניאז, איך פארשטעה דאך ניט פארוואס אייך איז איינגעפאלען אויסצוקלייבען גראד מיך צו פארטרויען אייערע סודות און ליעבשאפטליכע... נייגונגען.

— הם... איך האב דאך אייך געזאגט, אז דאס וועט איהר געוואר ווערען שפעטער. זייט ניט אונרוהיג; און, איבריגענס, באטש גלאט

אזוי, אהן שום אורזאכען; איהר זענט א פאעט, איהר וועט מיך פאר־שטעהן, און איך האב אייך שוין געזאגט וועגען דעם. עס איז דא א בעזונדערע פרייד אין דעם פלעצליכען אראבררייסען די מאסקע, אין דעם ציניזם, מיט וועלכען דער מענש רשדט זיך פלוצלונג אויס פאר א צווייטען אויף אזא אופן, אז ער האלט אז יענער איז אפילו ניט ווערט מען זאל זיך פאר איהם שעהמען. איך וועל אייך דערצעהלען אן אנעק־דאט: אין פאריז איז געווען א משוגע׳נער בעאמטער; מען האט איהם שפעטער ארייננעזעצט אין א משוגעים־הויז, ווען מען האט זיך איינ־גאנצען איבערצייגט, אז ער איז משוגע. גו, איז ווען ער איז משוגע געווארען, האט ער עטוואס אויסגעטראכט פאר זיין פארגעניגען: ער האט זיך אויסגעטהאן ביי זיך אין דער היים פונקט, ווי אדם הראשון, האט איבערגעלאזט אויף זיך בלויז די שיך, ארויפגעווארפען אויף זיך א ברייטען מאנטעל ביז צו די פיאטעס, זיך איינגעהילט אין איהם, און מיט א וויכטיגער, מאיעסטעטישער מינע ארוים אויף דער גאס. מילא, ווען מען גיט א קוק פון דער זייט, — א מענש, ווי אלע, שפאצירט זיך פאר פארגעניגען אין א ברייטען מאנטעל. נאר ווען עס איז איהם אויס־געקומען ערגיץ צו בעגעגענען א פארבייגעהער, ערגיץ אונטער פיער אויגען, אז ארום איז קיינער ניט געוועזען, איז ער שווייגענדיג צוגע־גאנגען צו איהם, מיט א טיעף ערנסט געזיכט זיך פלוצלונג אבגע־שטעלט פאר איהם, געעפענט זיין מאנטעל און זיך בעוויזען אין זיין גאנצער... ריינהארציגקייט. דאס האט געדויערט איין מינוט, דערנאך האט ער זיך ווידער איינגעהיעלט און שווייגענדיג, ניט בעוועגענדיג קיין איינציגען מוסקול פון זיין פנים, איז ער פארביי געגאנגען זיין צושויער, וואס איז פארשטיינערט געווארען פון ערשטוינונג, וויכטיג, גלייך, ווי דער גייסט אין האמלעט. אזוי איז ער זיך בעגאנגען מיט אלע, מיט מענער, פרויען און קינדער, און אין דעם איז בעשטאנען זיין פארגעניגען. א טייל פון אט טאקע דעם פארגעניגען קען מען געפינען, ווען מען כאפט פלוצלונג עפעס א שילער און מען שטעקט איהם ארוים א צונג, ווען דאס איז פאר איהם אבסאלוט אונערווארט.

— נו, איז דאך יענער געווען א משוגע׳נער, און איהר...

— בין ביים קלארען זינען?

— געוויס.

דער קניאז האט זיך צולאכט.

— איהר האט גאנץ רעכט, מיין ליעבער, — האט ער צוגעגעבען מיט א גאנץ חוצפה'דיגען אויסדרוק אויפ'ן פנים.

— קניאז, — האב איך מיך אנגערופען, ווערענדיג צוהיצט פון זיין גראבקייט, — איהר האסט אונז, און מיך אויך, און איהר זענט אייך איצטער נוקם פאר אלץ און פאר אלע. דאס אלץ איז ביי אייך פון קליינליכע אייגענליעבע. איהר זענט בייז און קליינליך־בייז. מיר האבען אייך בייז געמאכט און עס קען זיין, אז מעהר פון אלץ זענט איהר בלויז פאר יענעם אוועגט. פארשטעהט זיך, אז איהר האט מיט קיין זאך מיר ניט געקענט אזוי אבצאהלען, ווי מיט דער פאלשטענדיגער פאראכטונג צו מיר; איהר בעפרייט אייך אפילו פון דער געוועהנליכער, העפליכקייט וועלכע קומט יעדען, וועלכע מיר זיינען אלע שולדיג איינער דעם אנדערען. איהר ווילט מיר קלאר בעווייזען, אז איהר האלט, אז איך בין אפילו ניט ווערט איהר זאלט אייך שעהמען פאר מיר אזוי אפענהערציג און אזוי אונערווארט אייער עקעלהאפטע מאסקע און ארויסווייזענדיג זיך אין אזא מאראלישען ציניזם...

— און צו וואס זאגט איהר מיר דאס אלץ? — האט ער געפרעגט בייז און גראב קוקענדיג אויף מיר. — צו בעווייזען אייער קלונשאפט?

— צו ווייזען אייך, אז איך פארשטעה אייך און דאס אייך קלאר מאכען.

— וואס פאר א אידעע, מיין טייערער, — האט ער ווייטער גערעדט, און פלוצלונג געענדערט זיין טאן אויף דעם פריהריגען דעם פרעהליכען און פלאפלענדיג־גוטמוטיגען. — איהר האט מיך נאר אוועקגעשלאגען פון דער זאך. לאמיר טרינקען, מיין פריינד, אט גיעס איך אן. און איך האב נארוואס געוואלט דערצעהלען אן אויסגעצייכנעטע און זעהר אינטערעסאנטע מעשה. איך וועל עס אייך איבערגעבען אין אלגעמיינע שטריכען. איך בין אמאל געוועזן בעקאנט מיט א געוויסער פריילין: זי איז געוועזן ניט פון דער ערשטער יוגענד, נאר אזוי א יאהר זיבען־אכטאונצוואנציג, אנ'ערשט־קלאסיגע שעהנהייט: א טאליע, א פיגור, א גאנג! זי האט געקוקט דורכדרינגליך, ווי אן אדלער, נאר שטענדיג שארף און שטרענג; האט זיך געהאלטען גרויס און ניט צוגענגליך. מען האט זי געהאלטען פאר א קאלטע, ווי א סיבירער ווינטער, און זי האט אלע פארשראקען מיט איהר ווייט־האלטען־זיך. מיט

איהר גרויזאַמער גוטסקייט. טאַקע גרויזאַמער. עס איז ניט געווען אין איהר גאַנצען קרייז אַזאַ שטרענגער ריכטער, ווי זי. זי האָט בע־שטראָפט ניט נאָר א פעהלער, נאָר אפילו די קלענסטע שוואַכקייט אין אַנדערע פרויען, און האָט בעשטראָפט ניט אומצוקעהרען, אָהן אַפּע־לירונג. אין איהר קרייז האָט זי געהאַט א געוואַלדיגע בעדייטונג. זי האָט געקוקט אויף אַלע גלייכגילטיג־גרויזאַם, ווי א גייסטליכע פון א מיטעלאַלטערליכען מאָנאַסטיר. יונגע פרויען האָבען געציטערט פאַר איהר בליק, פאַר איהר וואָרט. איין בעמערקונג איהרע, איין אָנצוהע־רעניש האָט שוין געקענט קאַליע מאַכען א גוטען נאָמען, — אַזוי האָט זי זיך אוועקגעשטעלט אין געזעלשאַפט; — אפילו מענער האָבען מורא געהאַט פאַר איהר. צום סוף האָט זי זיך אריינגעלאָזט אין א מין מיס־טיציזם, איבריגענס, אויך א גאַנץ רוהיגער... נו, וואָס? עס איז ניט געווען קיין אויסגעלאַסענע פרוי, וואָס איז געווען אויסגעלאַסענער פון איהר, און איך האָב געהאַט דאָס גליק צו פאַרדיענען אינגאַנצען איהר צוטרוי. מיט איין וואָרט — איך בין געווען איהר געהיימער און געהיימניספולער ליעבהאָבער. די בעציהונגען זיינען געווען געמאַכט אַזוי פלינק, אַזוי מייסטערהאַפט, אז אפילו קיינער פון איהרע הויז־מענשען האָט ניט געקענט האָבען דעם מינדעסטען פאַרדאַכט; נאָר איהר איינציג קאַמערמיידעל, זעהר א שעהנע פראַנצויזקע איז געווען פאַרטרויט מיט אַלע איהרע סודות, אבער אויף דעם קאַמערמיידעל האָט מען זיך געקענט פאָלשטענדיג פאַרלאָזען: זי האָט אויך גענומען אַנ־טהייל אין דער זאַך, — ווי אַזוי? איך וועל דאָס איצטער אויסלאָזען. מיין יונגע בעל־הבית׳טע איז געווען אַזוי ליידענשאַפטליך, אז מאַרקיז דע סאַד אַליין האָט זיך געמעגט ביי איהר לערנען. נאָר דאָס שטאַרקס־טע, דאָס דורכדרינגענדסטע און אויפטרייסלענדע אין דער בעפריעדי־גונג, — איז געווען די געהיימניספולקייט און די חוצפּה׳דיגקייט פון דעם אָבנאַרען. דער חוזק איבער אַלעם, וועגען וועלכען די גרעפין האָט געפּרעדיגט אין דער געזעלשאַפט ווי וועגען א הויכער, אונצוגענגליכער זאַך און, צום סוף, דער אינערליכער, טייוולישער געלעכטער און דאָס בעוואוסטזיניגע שטיצען אַלעם, וואָס מען דאַרף ניט שטיצען, — און דאָס אַלץ אָהן גרעניצען, צוגעפיהרט ביז דער סאַמע לעצטער שטופע, ביז אַזא שטופע, וועגען וועלכער די הייסע פאַנטאַזיע וואָלט ניט גע־וואַגט אפילו א טראַכט צו טהאָן, — אָט אין דעם הויפּטזעכליך, איז

בעשטאַנען דער קלאָרסטער שטריך פון אַט דער בעפריעדיגונג. יא, דאָס איז געווען דער טייוועל אליין פארעקרפערט, אבער ער איז געוועזען צוויבערהאפט ניט צום בעזיעגען. איך קען מיך נאָך איצטער ניט דער־מאָנען אַן איהר אָהן בעגייסטערונג. אין דעם פייער פון די הייסטע בעפרידיגונגען, האָט זי פלוצלונג געלאכט הויך, אזוי ווי אויסער זיך, און איך האָב פולשטענדיג פארשטאַנען דאָס געלעכטער און האָב אליין געלאכט. נאָך איצטער פארהאקט עס מיר דעם אָטעם ביי דער בלויזער עראינערונג, כאָטש עס איז שוין אַ סך יאָהר אין דעם. אין אַ יאָהר ארום האָט זי מיך פארביטען. ווען איך וואָלט אפילו געוואָלט, וואָלט איך איהר ניט געקענט קיין שלעכטס טהאָן. נו, ווער וואָלט עס מיר געגלויבט? וואָס איז דאָס פאר א כאראקטער? וואָס וועט איהר זאָ־גען, מיין יונגער פריינד?

— פו, א מין געמיינהייט, — האָב איך געענטפערט, מיט עקעל אויסהערענדיג זיין ודוי.

— איהר וואָלט ניט געוועזען מיין יונגער פריינד, ווען איהר וואָלט אנדערש געענטפערט! איך האָב עס געוואוסט, אז איהר וועט אזוי זאָגען. הא־הא־הא! ווארט, מיין פריינד, איהר וועט צולעבען און איהר וועט פארשטעהן, און איצטער, — איצטער דארפט איהר נאָך א לעקעביל. ניין, איהר זענט ניט קיין פּאַעט נאָך דעם: די פרוי האָט פארשטאַנען דאָס לעבען און זי האָט עס געקענט אויסנוצען.

—- אָבער צו וואָס דארף מען דערגעהן צו אזא ווילדקייט?

— צו וואס פאר א ווילדקייט?

— צו וועלכען די פרוי איז דערגאנגען און איהר צוזאמען מיט איהר.

— אַ, איהר רופט דאָס אַן ווילדקייט, — א סימן, אז איהר זענט נאָך אלץ אויפ'ן שטריקעלע. זעלבסטפארשטענדליך, איך גיב צו, אז זעלבסטשטענדיגקייט קען זיך ארויסווייזען אין דעם פאלשטענדיגען געגענזאַץ, נאָר... לאָמיר רעדען איינפאכער, מיין פריינד... איהר וועט דאָך אליין צוגעבען, דאָס אלץ איז דאָך אַן אונזין.

— וואָס זשע איז ניט קיין אונזין?

— ניט קיין אונזין — דאָס איז די פערזענליכקייט, דאָס בין איך אליין. אלץ איז פאר מיר און די גאנצע וועלט איז פאר מיר בע־שאפען געוואָרען. הערט, מיין פריינד, איך גלויב נאָך אין דעם, אז מען

קען אויף דער וועלט גוט א לעב טהאן און דאס איז דער בעסטער גלויבען, דערפאר ווייל אהן איהם קען מען אפילו שלעכט ניט לעבען: עס וואלט אויסגעקומען איינצונעמען סם. מען זאגט, אז אזוי האט טאקע געטהאן עפעס א נאר. ער האט זיך פארפילאזאפירט אויף אזוי ווייט, ביז ער האט צושטערט אלץ, אפילו די געזעצליכקייט פון אלע נארמאלע און נאטירליכע מענשליכע פליכטען און איז דערגאנגען דערצו, אז עס איז איהם גארניט געבליבען; עס איז געבליבען בסך הכל גארניט, נו, האט ער ערקלערט, אז די בעסטע זאך אין לעבען איז די זויערשטאף פון בלאהעכץ. איהר וועט זאגען: דאס איז האמלעט, דאס איז שרעקליכע פארצווייפלונג, מיט איין ווארט, עפעס אזוינס, א גרויסע זאך, וואס אונז וועט זיך קיינמאל אפילו ניט חלומ׳ען. אבער איהר זענט א פאעט, און איך בין א פראסטער מענש, און דערפאר וועל איך זאגען, אז מען דארף קוקען אויף דער זאך פון דער איינפאך־פראקטישסטער זייט. איך, צומביישפיעל, האב מיך שוין לאנג בעפרייט פון אלע פלאנטערס און זאגאר פליכטען. איך האלט מיך פארפליכטעט נאר דאמאלס, ווען עס וועט מיר ברענגען עפעס א נוצען. איהר, פארשטעהט זיך, קענט ניט אזוי קוקען אויף זאכען, ביי אייך זיינען די פיס געפענטעט און אייער געשמאק איז קראנק. איהר רעדט וועגען אידעאלען, וועגען וואלטעטיגקייט. אבער, מיין פריינד, איך בין דאך אליין בערייט אלעם צוצוגעבען, וואס איהר וועט בעפעהלען; אבער וואס קען איך טהאן, אז איך וויים אויף זיכער, אז אויפ׳ן גרונד פון אלע מענשליכע וואוילטהאטען ליעגט דער טיעפסטער עגאאיזם. און וואס וואוילטהעטיגער די זאך איז — אלץ מעהר איז אין איהר פארהאן עגאאיזם. האב ליעב דיך אליין, — דאס איז דאס איינציגע געזעץ, וואס איך אנערקען. דאס לעבען — איז א געשעפט; אומזיסט ווארף ניט קיין געלט, אבער, זייט אזוי גוט און צאהלט פאר דאס, וואס מען טהוט פאר אייך, און איהר וועט ערפילען אלע אייערע פליכטען צו אייער נאהענטען, — דאס איז מיין מאראל, אויב איהר דארפט זי שוין אומבעדינגט, כאטש, איך בין אייך מודה, אז לויט מיין מיינונג איז בעסער ניט צו צאהלען דעם נאהענטען, נאר צו קענען איהם צווינגען צו טהאן אומזיסט. קיין אידעאלען האב איך ניט און וויל ניט האבען; קיין בענקשאפט נאך זיי האב איך קיינמאל ניט געפיהלט. אויף דער וועלט קען מען אזוי פרעהליך, אזוי פיין דורכלעבען אפילו אהן אידעאלען...

און אין אלגעמיין בין איך זעהר צופריעדען. וואס איך קען מיך בעגעהן אהן זויערשטאף פון בלאהעכץ. ווען איך וואלט געוועזן אביסעל וו א ו י ל טה ע ט י ג, וואלט איך מיך אפשר אהן דעם ניט געקענט בעגעהן, אזוי ווי יענער נארישער פילאזאף (אהן צווייפעל, א דייטש). ניין! אין לעבען איז נאך דא אזוי פיעל גוטס! איך האב ליעב בע־דייטונג, א טשין, א האטעל; א גרויסען אייגשטעל אין קארטען (איך האב שרעקליך ליעב קארטען). נאר די הויפטזאך, די הויפטזאך — פרויען... און פרויען אין דעם פארשיעדענסטען אויסזעהען: איך האב אפילו ליעב די בעהאלטענע, טונקעלע אויסגעלאסענהייט, וואס מאד־נער און אריגינעלער, אפילו מיט א ביסעלע שמוץ צוליעב פארשיע־דענארטיגקייט... חא־חא־חא! איך קוק אויף אייער פנים, מיט וואס פאר א פאראכטונג איהר קוקט איצטער אויף מיר.

— איהר האט רעכט, — האב איך געענטפערט.

— נו, לאמיר זאגען, אז איהר זענט גערעכט, אבער יעדענפאלס איז דאך בעסער שמוץ איידער בלאהער זויערשטאף. ניט אמת?

— ניין, איז שוין בלאהע זויערשטאף בעסער.

— איך האב אייך אומיסטען געפרעגט: „ניט אמת?" כדי הנאה צו האבען פון אייער ענטפער; איך האב איהם פריהער געוואוסט. ניין, מיין פריינד; אויב איהר האט אויף אנ'אמת ליעב מענשען, זאלט איהר יעדען קלוגען מענשען ווינשען אזא געשמאק, ווי איך האב, אפילו מיט שמוץ, אנדערש וועט דאך דער קלוגער מענש אין גיכען ניט האבען וואס צו טהאן אויף דער וועלט און עס וועלען בלייבען בלויז די נאראַ־נים. וועלען זיי דאס זיין גליקליך! ס'איז דאך איצטער נאך דא א שפריכווערטעל: די נאראנים קומט דאס גליק, און גוייסט איהר, עס איז נישטא קיין אנגענעהמערע זאך, ווי צו לעבען מיט נאראנים און צוצוגעבען אלץ: ס'איז בעקוועם! קוקט ניט אויף מיר, וואס איך האלט מיינער פאראורטיילען. וואס איך האלט מיך אן געוויסע בעדינגונ־גען, זוך בעדייטונג; איך זעה דאך, אז איך לעב אין א פוסטער געזעל־שאפט; אבער דערוויול איז אין דער געזעלשאפט ווארים, און איך גיב איהר צו, ווייז, אז איך שטעה פאר איהר אייזען און שטאל, און ביי א געלעגענהייט וועל איך זי דער ערשטער פארלאזען. איך קען דאך אלע אייערע נייע אידעען, כאטש איך האב קיינמאל ניט געליטען פון זיי, און עס איז טאקע נישטא פון וואס. קיין געוויסענביסען האב איך

קיינמאָל וועגן קיין זאַך ניט געהאַט. איך בין מיט אַלעם איינשטי־מיג, און מיר איז גוט, און אַזעלכע איז דאָ אַ גאַנצער לעגיאָן, און אונז איז ווירקליך גוט. אַלץ אויף דער וועלט קען פאַרלוירען געהן, נאָר מיר אַליין וועלען קיינמאָל ניט פאַרלוירען געהן. מיר עקזיסטירען פון זינט די וועלט עקזיסטירט. די גאַנצע וועלט קען אַמאָל פאַרפאַלען ווערען, נאָר מיר וועלען אַרויפשווימען, מיר שווימען שטענדיג אַרויף פון אויבען. יאָ: באַטש גיט אַ קוק אויף דעם אַליין, ווי אַזוי עס לעבען אַזעלכע מענשען ווי מיר. מיר לעבען דאַך ווי אין אַ גן עדן: האָט איהר אייך אַמאָל געוואונדערט איבער דעם? מיר דערלעבען ביז אַכציג, ביז ניינציג יאָהר! הייסט עס, אַז די נאַטור אַליין בעשיצט אונז, חע־חע־חע! איך וויל אומבעדינגט לעבען ביז ניינציג יאָהר. איך האָב ניט ליעב דעם טויט און איך האָב מורא פאַר איהם. דער שוואַרץ יאָהר ווייסט דאָך, ווי אַזוי עס קען נאָך אויסקומען צו שטאַרבען! אַבער צו וואָס רעדען וועגען דעם! דאָס האָט מיך דער פילאָזאָף, וואָס האָט זיך פער־סמ'ט, אַזוי צודרעהט. צום שוואַרצען יאָהר מיט דער פילאָזאָפיע! לאָמיר טרינקען, מיין טייערער! מיר האָבען דאָך אָנגעהויבען רעדען וועגען שעהנינקע מיידעלעך... וואוהין געהט איהר עס?

— איך געה, און אייך איז שוין אויך צייט...

— הערט אויף, הערט אויף! איך האָב, אַזוי צו זאָגען, געעפענט פאַר אייך מיין גאַנץ האַרץ, און איהר פיהלט אפילו ניט אַזאַ אָפענ־נעם בעווייז פון פריינדשאַפט. חע־חע־חע! אין אייך איז דאָ ווענינ ליעבע, מיין פאָעט! אָבער וואַרט נאָר, איך וויל נאָך אַ פלעשיל...

— דאָס דריטע?

— דאָס דריטע. און אַזוי, מיין יונגער פריינד, וועגען וואויל־טעטיגקייט האָב איך אייך שוין געזאָגט: „וואָס וואוילטהעטיגער די וואוילטעטיגקייט, אַלץ מעהר איז אין איהר עגאָאיזם“. איך וויל אייך דערצעהלען אַ וואונדערשעהנעם אַנעקדאָט אויף דער טהעמא: איך האָב אַמאָל ליעב געהאַט אַ מיידעל און ליעב געהאַט כמעט אויפריכ־טיג. זי האָט אפילו אַ סך פאַר מיר געאָפפערט...

— דאָס איז די, וועלכע איהר האָט בע'גנב'עט? — האָב איך גראָב געפרעגט, ניט וועלענדיג זיך מעהר צוריקהאַלטען.

דער קניאַז האָט אַ ציטער געטהאָן, זיין פנים האָט זיך געענדערט און ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע אָנגעצונדענע אויגען: און

זיין בליק איז געווען פארוואונדערונג און ווילדער צארן.

— ווארט נאר, — האט ער ארויסגערעדט אזוי ווי פאר זיך,— ווארט נאר, לאזט מיך נאר פארשטעהן. איך בין ווירקליך שכור, און מיר איז שווער צו בעגרייפען...

ער איז שטיל געבליבען און פארשענדיג, מיט דעם אייגענעם צארן געקוקט אויף מיר, צוהאלטענדיג מיין האנט מיט זיין האנט, ווי ער וואלט מורא געהאט, אז איך זאל ניט אוועקגעהן. איך בין זיכער, אז אין דער מינוט האט ער געטראכט און געזוכט, פון וואנען איך קען וויסען די זאך, וועלכע קיינער כמעט ווייסט ניט, און צי איז אין דער גאנצער זאך ניט פארהאן עפעס א געפאהר? דאס האט געדויערט אומגעפעהר א מינוט; נאר פלוצלונג האט זיך זיין פנים האסטיג געענדערט; דער פריהעריגער חוזק'דיגער, שכור'לעך־פרעהליכער אויסדרוק האט זיך ווידער בעוויזען אין זיינע אויגען. ער האט זיך צולאכט.

— חא־חא־חא! א קארטען־טאשער און ווייטער ניט! נו, וואס, איך בין ווירקליך געשטאנען פאר איהר ווי א בעשפיגענער, ווען זי האט מיר א זאג געטהאן אין די אויגען אריין, אז איך האב זי בע'גנב'עט! ווי זי האט געקוויטשעט דאמאלס, ווי זי האט געזידעלט! א ווילדע פרוי איז דאס געווען און... אהן שום אויסגעהאלטענקייט. אבער זאגט אליין: ערשטענס, האב איך זי גארנישט בע'גנב'עט, אזוי ווי איהר האט אייך איצטער אויסגעדריקט. זי האט מיר דאס געלט אליין געשענקט און עס איז שוין געווען מיין. נו, לאמיר זאגען, אז איהר וועט מיר שענקען אייער בעסטען פראק (רעדענדיג דאס, האט ער א קוק געטהאן אויף מיין איינציגען און גענוג מיאוסען פראק, וואס דער שניידער איוואן סקארניאגין האט מיר אויפגענעהט מיט דריי יאהר צוריק), איך בין אייך דאנקבאר, איך טראג איהם, פלוצלונג, אין א יאהר ארום האט איהר אייך צוקריעגט מיט מיר און איהר ווילט איהם צוריק, און איך האב איהם שוין אבגעטראגען. דאס איז ניט פיין; צו וואס זשע דארף מען שענקען? צווייטענס, וואלט איך, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דאס געלט איז געווען מיין, איהר אומבעדינגט דאס געלט אבגעגעבען צוריק, נאר זאגט אליין: וואו זשע האב איך פלוצלונג געקענט צונויפנעהמען אזא סומע? און די הויפטזאך, איך קען ניט פארטראגען די פאסטוך־ליעדער און די ווייכע ליעבעס, איך האב אייך

שוין דאָס געזאָגט, — נו, און דאָס איז עס געווען די אורזאך פון אלעם. איהר וועט ניט גלויבען, ווי געשפיעלט זי האָט פאר מיר, שרייענדיג, אז זי שענקט מיר דאָס געלט (וואָס איז צווישען אונז גערעדט געוועזען מיין). האָט מיך אָנגעכאפט א כעס, און מיר איז פלוצלונג איינגעפאלען א טייערער געדאנק, ווי אזוי צו בעשליעסען, דערפאר ווייל מיין גייסט פארלאָזט מיך קיינמאָל ניט: מיר איז איינגעפאלען, אז ווען איך גיב איהר אוועק דאָס געלט, מאך איך זי גאָר פילייכט אומגליקליך. איך וואָלט ביי איהר אוועקגענומען דאָס פערגעניגען צו זיין אינגאנצען אומגליקליך *דורך* מיר און צו פארשעלטען מיך דערפאר איהר גאנץ לעבען. גלויבט מיר, מיין פריינד, אין אזא מין אומגליק איז אפילו פארהאן עפעס א העכערע בעפרידיגונג זיך צו פיהלען פאָלשטענדיג גערעכט און גרויסמוטיג און דאָס האָבען דאָס פאָלשטענדיגע רעכט אָנצורופען דעם באליידיגער פאָדלעץ. די בעפרידיגונג פון צאָרן געפינט מען ביי פאָטעטישע נאַטורען, פארשטעהט זיך, — קען זיין, אז שפּעטער האָט זי ניט געהאט וואָס צו עסען, נאָר איך בין זיכער, אז זי איז געווען גליקליך. און איך האָב ביי איהר ניט געוואָלט צונעמען דאָס דאָזיגע גליק און האָב איהר דאָס געלט ניט אָבגעשיקט. אויף אזא אופן איז פארענטפערט מיין געזעץ, אז וואָס העכער און גרעסער די מענשליכע גוטהארציגקייט, אלץ מעהר איז דאָ אין איהם פון דעם עקעלהאפטעסטען עגאָאיזם... איז אייך דען דאָס ניט קלאָר? אבער... איהר האָט מיך געוואָלט רייצען, חאַ־חאַ־חאַ! נו, זייט אייך מודה, איהר האָט מיך געוואָלט רייצען?.. האַ...

— אַדיע! — האָב איך געזאָגט, אויפשטעהענדיג.

— איין מינוט! צוויי לעצטע ווערטער, — האָט ער א געשריי געטהאָן, ענדערענדיג פלוצלונג זיין עקעלהאפטען טאָן אויף אן ערנסטען. — הערט מיין לעצט וואָרט: פון אלעם, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, זעהט איהר קלאָר און העל (איך מיין, אז איהר אליין האָט דאָס אויך בעמערקט), אז איך וויל קיינמאָל און פאר קיינעם ניט אָבלאָזען מיין בעקוועמליכקייט. איך האָב ליעב געלט און איך דאַרף עס. קאַטערינאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט א סך דערפון; איהר פאָטער האָט צעהן יאָהר געהאלטען א וויין־האנדעל. זי האָט דריי מיליאָן און די דריי מיליאָן וועלען מיר זעהר צונוץ קומען. אליאָשאַ און קאַטיאַ —

זייַנען אַ טייערע פּאָר; ביידע זייַנען נאַראָנים אין העכסטען גראַד; און דאָס טאַקע דאַרף איך. און דערפאַר פאַרלאַנג איך אומבעדינגט און וויל, אַז זייער שידוך זאָל ווערען און וואָס גיכער. אין אַ וואָך צוויי דריי אַרום פאָהרט די גרעפין מיט קאַטיאַ'ן אין דאָרף אַריין. אַליאָשאַ דאַרף זיי בעגלייטען. לאָזט נאַטאַליאַ ניקאָלאַיעווּנאַ'ן וויסען פריהער וועגען דעם: עס זאָלען ניט זיין קיין קלאָגליעדער, עס זאָלען ניט זיין קיין ווייבע סצענעס, מען זאָל ניט אויפשטעהן געגען מיר. איך בין אַ בייזער מענש און נעם נקמה; פאַר מיינס בעשטעה איך. פאַר איהר האָב איך ניט קיין מורא: אַלץ וועט אָהן צווייפעל זיין, אַזוי ווי איך וויל, און דערפאַר ווען איך וואָרען איצטער, איז כמעט צוליעב איהר אַליין. זעהט זשע, אַז עס זאָלען ניט זיין קיין נאַרישקייטען און אַז זי זאָל זיך פיהרען מיט שכל, אַז ניט וועט איהר זיין שלעכט, זעהר שלעכט. שוין פאַר דעם אַליין דאַרף זי מיר זיין דאַנקבאַר, וואָס איך בין מיך ניט בעגאַנגען מיט איהר ווי מען דאַרף, לויט די געזעצען. ווייסט איהר, מיין דיכטער, אַז די געזעצען צוימען אַרום די רוה פון דער פאַמיליע; זיי גאַראַנטירען דעם פאַטער זיין זוהן'ס געהאָרכזאַמקייט און אַז די וואָס ציהען אָב די קינדער פון זייערע הייליגע פליכטען צו די עלטערען, ווערען פון דעם געזעץ ניט געשוינט. דערצו בעגרייפט אויך, אַז איך האָב פאַרבינדונגען, אַז זי האָט קיין פאַרבינדונגען ניט און... פאַרשטעהט איהר דען ניט, וואָס איך וואָלט מיט איהר געקענט טהאָן?... נאָר איך האָב עס ניט געטהאָן, דערפאַר וויל ביז איצטער האָט זי זיך געפיהרט מיט פאַרשטאַנד. זייט רוהיג: יעדע מינוט, צו זייער יעדער בעוועגונג האָבען זיך צוגעקוקט שאַרפע אויגען דאָס גאַנצע האַלבע יאָהר, און איך האָב געוואוסט אַלץ ביז דער לעצטער קלייניגקייט. און דערפאַר האָב איך רוהיג געוואַרט ביז אַליאָשאַ וועט זי אַליין אַוועקוואַרפען, אַ זאַך וואָס הייבט זיך שוין אָן; און דערווייל זאָל ער האָבען אַ גוטע פערווייל'ונג. איך בין אין זיין בעגריף געבליבען אַ גוטער פאָטער, און איך דאַרף, אַז ער זאָל וועגען מיר אַזוי טראַכטען. חאַ־חאַ־חאַ! איך דערמאָן מיך, אַז איך האָב איהר שיער ניט קאָמפּלימענטען געמאַכט, דאָמאָלס אָוועגד, וואָס זי איז געווען אַזוי גוטהאַרציג און אונאייגענונציג, וואָס זי האָט מיט איהם ניט חתונה געהאַט; איך וואָלט געוואָלט וויסען, ווי אַזוי זי וואָלט חתונה געהאַט. וואָס אַמבעלאַנגט מיין דאָמאָלסטיג קומען צו איהר, איז דאָס

אַלץ געווען איינציג צוליעב דעם, ווייל עס איז שוין צייט געווען צו פאַרענדיגען זייער ראָמאַן. נאָר איך האָב מיך בעדאַרפט איבערצייגען אין אַלעם מיט מיינע אויגען, מיט מיין אייגענער ערפאַרונג... נו, איז אייך שוין גענוג? אָדער איהר ווילט אייך אפשר דערוויסען נאָך: צו וואָס האָב איך אייך אַריינגעפיהרט אַהער, צו וואָס האָב איך מיך אַזוי געבראָכען פאַר אייך און געווען אַזוי פראָסט אָפענהערציג, אין דער צייט ווען מען האָט דאָס אַלץ געקענט אַרויסזאָגען אָהן שום אָפענהערציגקייטען, — יאָ?

— יאָ. — איך האָב מיך געשטאַרקט און דורשטיג געהערט. איך האָב איהם מעהר ניט געהאַט וואָס צו ענטפערען.

— איינציג דערפאַר, מיין פריינד, ווייל איך האָב אין אייך בעמערקט אַביסעל מעהר פאַרשטאַנד און אַ העלען בליק אויף דער זאַך, איידער אין אונזערעביידע נאַראָנים. איהר האָט געקענט פריהער אויך וויסען, ווער איך בין, טרעפען, זיך אויפשטעלען סברות וועגען מיר, נאָר איך האָב אייך געוואָלט בעפרייען פון דער גאַנצער מיה און איך האָב מיך ענטשלאָסען אייך אָפען צו ווייזען מ י ט ו ו ע מ ע ן איהר האָט צו טהאָן. ווירקליך, דער איינדרוק איז אַ גרויסע זאַך. פאַר־שטעהט זשע מיך, מיין פריינד. איהר ווייסט, מיט וועמען איהר האָט צו טהאָן, זי האָט איהר ליעב, און דערפאַר האָף איך איצטער, אַז איהר וועט בענוצען אייער גאַנצען איינפלוס (און איהר האָט טאַקע אויף איהר אַן איינפלוס), אַז איהר זאָלט זי בעפרייען פון ע ט ל י כ ע זאָרגען. אַנדערש וועלען זיין זאָרגען און איך פאַרזיכער, פאַרזיכער אייך, אַז דאָס איז ניט קיין שפאַס. נו, און צום סוף, די דריטע אורזאַך פון מיין אָפענהערציגקייט מיט אייך איז... (איהר האָט עס דאָך געטראָפען, מיין ליעבער), יאָ, מיר האָט זיך ווירקליך געוואָלט אַביסעל אַ שפּיי טהאָן אויף דער גאַנצער זאַך, און אַ שפּיי טהאָן טאַקע אין אייערע אויגען...

— און איהר האָט דערגרייכט אייער צוועק, — האָב איך געזאָגט, ציטערענדיג פון אויפרעגונג, — איך בין איינשטימיג, אַז איהר האָט מיט קיין זאַך ניט געקענט אַזוי אויסדריקען פאַר מיר אייער גאַנצען צאָרן און אייער גאַנצע פאַראַכטונג צו מיר און צו אַלע, ווי מיט די אָפענהערציגקייטען. ניט נאָר האָט איהר ניט קיין מורא געהאַט, אַז אייערע אָפענהערציגקייטען קענען אייך פאַר מ י ר קאָמפּראָמיטי־

רען, נאר איהר האט אייך אפילו ניט געשעהמט פאר מיר... איהר זענט ווירקליך עהנליך געווען אויף יענעם משוגע'נעם אינ'ם מאנטעל. איהר האט מיך פאר קיין מענש ניט געהאלטען.

— איהר האט געטראפען, מיין יונגער פריינד, — האט ער גע־זאגט אויפשטעהענדיג, — איהר האט אלץ געטראפען: ניט אומזיסט זענט איהר דאך א ליטעראט. איך האף, אז מיר צוגעהען זיך ווי פריינד, וועלען מיר ניט טרינקען אויף ברודערשאפט?

— איהר זענט שכור און נאר דערפאר ענטפער איך אייך ניט, ווי מען וואלט אייך בעדארפט ענטפערען.

— וויעדער א מין פארשווייגען, — ניט דערדערדט, ווי מען וואלט בעדארפט ענטפערען. חא־חא־חא! וועט איהר מיר ניט ערלויבען צו בעצאהלען פאר אייך?

— בעאונרוהיגט אייך ניט, איך וועל אליין בעצאהלען.

— נו, אהן צווייפעל. צו געהען מיר ניט איין וועג?

— איך וועל מיט אייך ניט פאהרען.

— אדיע, מיין פאעט. איך האף, איהר האט מיך פארשטאנען...

ער איז ארויסגעגאנגען מיט אביסעל אונזיכערע טריט און האט זיך ניט אומגעקערט צו מיר. דער לאקאי האט איהם אייגעזעצט אין דער קארעטע. איך בין געגאנגען מיין וועג. ס'איז געווען דריי אזייגער פארטאג. ס'איז גענאנגען א רעגען. די נאכט איז געווען א פינסטערע...

# פערטער טהייל.

## ערשטער קאפיטעל.

איך וועל ניט געהן בעשרייבען מיין כעס. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מען האט געקענט אלץ ערווארטען, בין איך דאך געוועזן איבערראשט; גלייך ער וואלט זיך אוועקגעשטעלט פאר מיר אין זיין גאנצער העסליכקייט גאנץ אונערווארט. איבריגענס, איך געדענק, מיי־נע עמפפינדונגען זיינען געוועזן אומעטיגע: ווי איך וואלט געוועזן מיט עפעס צוגעדריקט, פארשטויסען, און א שווארצע בענקשאפט האט אלץ מעהר און מעהר געגאגט מיר דאס הארץ; איך האב מיך געשראקען פאר נאטאשא'ן. איך האב געפיהלט, אז עס שטעהען איהר פאר א סך צרות און איך האב מיך טרויריג פארזארגט, ווי אזוי זיי אויסצומיי־דען, ווי אזוי צו פארגרינגערען די לעצטע מינוטען, איידער די גאנצע זאך וועט ענטשיעדען אויף שטענדיג. און אין דעם, אז די זאך וועט ענטשיעדען ווערען איז קיין צווייפעל ניט געוועזן. די ענטשיידונג האט זיך דערנעהענטערט, און ווי האט מען געקענט ניט וויסען פריהער, וואס די ענטשיידונג וועט זיין!

איך האב ניט בעמערקט, ווי איך בין צוגעקומען אהיים, כאטש דער רעגען האט מיך געווייקט דעם גאנצען וועג. עס איז שוין געוועזן א זייגער דריי אין דער פריה. איך האב נאך ניט בעוויזען א קלאפ צו טהאן אין מיין טהיר, ווי איך האב דערהערט א קרעכץ. און די טהיר האט זיך שנעל געעפענט, גלייך נעלי וואלט זיך גארנישט געלעגט שלאפען, נאר זי וואלט מיך די גאנצע צייט געהיטען ביי דער שוועל. א ליכטעל האט געברענט. איך האב א קוק געטהאן אויף נעלי'ס פנים און האב מיך דערשראקען: עס האט זיך אינגאנצען געענדערט; די אויגען האבען געברענט, ווי אין היץ, און האבען גע־קוקט עפעס ווילד, ווי זי וואלט מיך ניט דערקענט. זי האט געהאט שטארקען פיעבער.

— נעלי, וואס איז מיט דיר, דו ביזט קראנק ? — האב איך גע־פרעגט, איינבייגענדיג זיך צו איהר און ארומנעהמענדיג זי מיט א האנט.

זי האט זיך ציטעריג צוגעדריקט צו מיר, ווי זי וואלט מורא גע־האט פאר עפעס, האט עפעס גערעדט, שנעל, אבגעהאקט, ווי זי וואלט נאר אויף מיר געווארט, כדי עם מיר וואס גיכער צו דערצעהלען. נאר איהרע ווערטער האבען זיך ניט געקלעבט און זיינען געווען מאדנע; איך האב גארנישט פארשטאנען, זי האט גערעדט פון היץ.

איך האב זי שנעל צוגעפיהרט צום בעט. נאר זי האט זיך אלץ גע־ווארפען צו מיר און זיך צוגעדריקט פעסט, ווי זי וואלט געווען דער־שראקען, ווי זי וואלט מיך געבעטען זי צו בעשיצען פון אימיצען, און ווען זי האט זיך שוין געלעגט אין בעט אריין האט זי זיך נאך אלץ אנ־געכאפט פאר מיין האנט און זי פעסט געהאלטען, מורא האבענדיג, אז איך זאל ניט ווידער אוועקגעהן. איך בין געווען אזוי אויפגעטריי־סעלט און צורודערט, אז קוקענדיג אויף איהר, האב איך מיך אפילו צעוויינט. איך בין אליין געווען קראנק. דערזעהענדיג מיינע טרערען, האט זי זיך לאנג און אומבעוועגליך איינגעקוקט אין מיר, מיט אנ׳אנ־געשטרענגטער אנגעצויגענער אויפמערקזאמקייט, ווי זי וואלט זיך בע־מיהט עפעס צו פארשטעהן און צו בעגרייפען. מען האט געזעהען, אז דאס האט זי געקאסט גרויסע אנשטרענגונג. צום סוף, האט עפעס עהנ־ליכעס אויף א געדאנק דורכגעלויכטען אויף איהר פנים; נאך א שטארקען אנפאל פון דער פאליגער קראנקהייט, האט זי געווענליך א געוויסע צייט ניט געקענט צונויפנעמען איהרע געדאנקען און קלאר ארויסברענגען ווערטער. אזוי איז איצטער אויך געווען: נאכדעם ווי זי האט זיך שרעקליך אנגעשטרענגט מיר עפעס ארויסצוזאגען, און בע־גרייפענדיג, אז איך פארשטעה ניט, האט זי מיר אויסגעשטרעקט איהר הענטעל און אנגעהויבען אבצעווישען מיינע טרערען, דערנאך האט זי ארומגעכאפט מיין האלז, איהם איינגעבויגען צו זיך און א קוש גע־טהאן.

ס׳איז קלאר געווען: ווען איך בין אין דער היים ניט געווען, האט זי געהאט דעם אנפאל, און ער האט זיך געטראפען פונקט אין דעם אויגענבליק, ווען זי איז געשטאנען ביי דער סאמע טהיר. ערוואכענ־דיג פון דעם אנפאל, האט זי, ווארשיינליך, א לאנגע צייט ניט געקענט

קומען צו זיך. אין דער צייט מישט זיך אוים דיווירקליכקייט מיט דעם פיעבער, און זי האָט מסתמא פאַרגעשטעלט עפּעס שרעקליכעס, שווערליכע זאכען. אין דער אייגענער צייט האָט זי טרויריג בעגריפען, אַז איך דאַרף צוריקקומען און איך וועל קלאַפּען אין דער טהיר, און דערפאַר האָט זי, ליעגענדיג ביים סאַמע שוועל אויף דער ערד, האַלבוואכענדיג געוואַרט אויף מיין צוריקקומען און האָט זיך אויפגעהויבען אויף מיין ערשטען קלאַפּ.

— אָבער פאַרוואָס פּונקט האָט זי זיך געפונען ביי דער טהיר? האָב איך געטראַכט, און האָב פּלוצלונג מיט פאַרוואונדערונג בעמערקט, אַז זי איז געווען אָנגעטהאָן אין איהר שובעלע (איך האָב עס איהר נאָוואָס געקויפט ביי אַן אַלטער הענדלערקע, וועלכע פלעגט אַריינקומען צו מיר אין הויז און וועלכע האָט מיר טיילמאָל געגעבען איהר סחורה אויף אויסצאָהלען): האָט זי, הייסט עס, געוואָלט ערגיץ אַוועקגעהן אין גאַס אַריין, און זי האָט שוין וואַרשיינליך געהאַלטען אין עפענען די טהיר, ווי די עפּילעפּסיע האָט זי פּלוצלונג אָנגעכאַפּט. וואוהין זשע האָט זי געוואָלט געהן? צי האָט זי שוין ניט דאַמאָלס אויך געהאַט פיעבער?

דערווייל איז די היץ ניט פאַרביי, און זי איז אין גיכען ווידער אַריינגעפאַלען אין פיעבער און האָט גערעדט פון וועג. זי האָט שוין צוויי מאָל געהאַט אַן אָנפאַל ביי מיר אין הויז, נאָר עס האָט זיך שטענדיג געענדיגט גוט, און איצטער איז זי געווען אַזוי ווי אין היץ. זיצענדיג איבער איהר אַרום אַ האַלבע שעה, האָב איך צוגעשטעלט צו דער קאַנאַפּע די שטוהלען און האָב מיך געלעגט אין'ם אָנטהאָן. נעבען איהר, כדי איך זאָל מיך גיכער איבערוועקען אויב זי וועט מיך רופען. דאָס ליכט האָב איך ניט פאַרלאָשען. א סך מאָל האָב איך נאָך געקוקט אויף איהר, איידער איך בין אליין איינגעשלאָפען. זי איז געווען בלייך. די ליפּען פאַרברענט פון היץ און פאַרבלוטיגט, וואַרשיינליך. פון'ם פאַלען; פון איהם פּנים איז ניט אַראָב דער אויסדרוק פון שרעק און פון עפּעס א פיינליכער בענקשאַפט, וועלכע, ווי עס האָט אויסגעוויזען, האָט זי אַפילו אין שלאָף ניט פאַרלאָזט. איך האָב בעשלאָסען אויפצומאָרגענס ווי מעגליך פריהער אַראָבצוגעהן נאָך א דאָקטאָר, אויב איהר זאָל ווערען ערגער. איך האָב מורא געהאַט, אַז זי זאָל ניט בעקומען קיין אמת'ן פיעבער.

„דאס האט זי דער קניאז אנגעשראקען!" האב איך א טראכט געטהאן מיט א ציטער, און איך האב מיך דערמאנט זיין ערצעהלונג וועגען דער פרוי, וועלכע האט איהם געווארפען אין פנים אריין איהר געלט.

## צווייטער קאפיטעל.

צוויי וואכען זיינען פארביי; נעלי איז ביסלעכווייז :עזונט געווארען. קיין היץ האט זי ניט געהאט, אבער זי איז געווען שטארק קראנק. זי איז אויפגעשטאנען פון בעט שוין ענדע אפריל, אין א ליכטיגען, קלארען טאג. עס איז דאמאלס געווען, וואס מען רופט, די ליידענשאפטליכע וואך.

ארעם קינד! איך קען ניט ווייטער אנגעהן מיט מיין ערצעהלונג אין דער פריהריגער ארדנונג. א סך צייט איז שוין פארביי ביז דער איצטיגער מינוט, ווען איך פארשרייב דאס אלץ, וואס איז שוין פארגאנגען, נאר ביז איצטער דערמאנט זיך מיר מיט אזא שווערער, טיעפער בענקשאפט דאס בלייכע, דארינקע פנים'על, די דורכדרינגליכע, לאנגע בליקען פון איהרע שווארצע אויגען, ווען מיר פלעגען בלייבען אליין, און זי קוקט אויף מיר פון איהר בעט, קוקט, קוקט לאנג, ווי זי וואלט מיך ארויסגעפאדערט צו טרעפען וואס ביי איהר אין קאפ טהוט זיך; נאר זעהענדיג, אז איך טרעף ניט, נאר איך בלייב אזוי פארוואונדערט, ווי פריהער, האט זי שטיל, אזוי ווי פאר זיך א שמייכעל געטהאן און פלוצלונג צערטליך מיר אויסגעשטרעקט איהר הייס הענטעל מיט די דארע, אויסגעטריקענטע פינגערלעך. איצט איז אלץ פארביי, מען ווייסט שוין אלץ, נאר ביז איצטער ווייס איך ניט דעם גאנצען סוד פון דעם קראנקען, אויסגעפייניגטען, באליידיגטען הארץ.

איך פיהל, אז איך געה אוועק פון מיין ערצעהלונג, נאר אין דער מינוט ווילט זיך מיר טראכטען בלויז וועגען נעלי'ן. מאדנע: איצטער, ווען איך ליעג אויפ'ן שפיטאל־געלעגער אליין, א פארלאזטער פון אלע, וועלכע איך האב אזוי פיעל און שטארק ליעב געהאט, — איצטער

טרעפט טיילמאָל, אַז עפּעס אַ קליינער שטריך פון יענער צייט, וועל־כען איך האָב דאַמאָלס אָפט ניט בעמערקט און גיך פאַרגעסען, קומט מיר פּלוצלונג אויפ׳ן זכרון און בעקומט פּלוצלונג ביי מיר אין קאָפּ אַ גאַנץ אַנדערע בעדייטונג, אַ צוועקמעסיגע און אַזאַ וואָס ערקלערט מיר איצטער דאָס, וואָס איך האָב אפילו ביז איצטער ניט געקענט פאַרשטעהן.

די ערשטע פיער טעג פון איהר קראַנקהייט האָבען מיר, איך און דער דאָקטאָר, שרעקליך מורא געהאַט פאַר איהר. נאָר אויפ׳ן פינפ־טען טאָג האָט מיך דער דאָקטאָר אוועקגעפיהרט אין אַ זייט און מיר געזאָגט, אַז מורא האָבען איז נישטאָ פאַרוואָס, און זי וועט אומבע־דינגט געזונט ווערען. דאָס איז געווען דער אייגענער דאָקטאָר, דער בחור, וועלכען איך האָב געקענט פון לאַנג, אַ גוטער מענש און אַ מאָד־נער, וועלכען איך האָב נאָך גערופען ביי נעלי׳ס ערשטער קראַנקהייט, און וועלכער האָט זי אַזוי איבעראַשט מיט זיין גרויסען סטאַניסלאַוו אויפ׳ן האַלז.

— הייסט עס, אַז עס איז גאָרנישט פאַרהאַן וואָס מורא צו האָ־בען! — האָב איך געזאָגט, אַ דערפרעהטער.

— יאָ, זי וועט איצטער געזונט ווערען, נאָר דערנאָך וועט זי גאָר גיך שטאַרבען.

— ווי שטאַרבען! אָבער פאַרוואָס! — האָב איך אַ געשריי גע־טהאָן, אַ דערשלאָגענער פון אַזאַ משפט.

— יאָ, זי וועט אומבעדינגט גאָר אין גיכען שטאַרבען. די פּאַ־ציענטקע האָט אַן אָרגאַנישען האַרץ־שלאָג, און ביי די קלענסטע אונ־גינסטיגע אומשטענדען, וועט זי זיך ווידער אוועקלעגען. אפשר וועט זי ווידער געזונט ווערען, נאָר שפּעטער וועט זי זיך ווידער אוועקלע־גען און וועט צום סוף שטאַרבען.

— און קען מען זי דען אויף קיין פאַל ניט ראַטעווען? ניין, דאָס קען ניט זיין!

— אָבער דאָס מוז זיין. און דאָך, ווען מען זאָל בעזייטיגען די אונגינסטיגע אומשטענדען, ביי אַ רוהיג און שטיל לעבען, ווען עס וועט זיין מעהר צופריעדענהייט, קען די פּאַציענטקע דערווייטערט ווערען פון טויט, און עס זיינען אפילו פאַרהאַן פאַלען... אונערוואַרטע, אונגאָרמאַלע און מאָדנע... מיט איין וואָרט, די פּאַציענטקע קען אפילו

געהאלפען ווערען, ווען א סך גינסטיגע אומשטענדען זאלען זיך צונויפקומען, אבער ראדיקאל געהאלפען — קיינמאל ניט.

— אבער, גאט מיינער, וואס טהוט מען איצטער?

— פאלגען מיין עצה, פיהרען א רוהיג לעבען און איינגעמען די פראשקעס רעגעלמעסיג. איך האב בעמערקט, אז דאס מיידעל איז קאפריזנע, האט א נערוועזען כאראקטער און האט אפילו ליעב חוזק צו מאכען; זי האט זעהר ניט ליעב איינצונעהמען פראשקעס און האט זיך נארוואס פון זיי אינגאנצען אבגעזאגט.

— יא, דאקטאר. זי איזווירקליך א מאדנע מיידעל, אבער איך שרייב דאס אלץ צו צו איהר קרענקליכקייט, נעכטען איז זי געווען זעהר געהארכזאם; היינט ווידער ווען איך האב איהר צוגעטראגען די רעצעפט, האט זי א שטופ געטהאן דאס לעפעלע אזוי ווי ניט ווילענדיג, און אלץ האט זיך אויסגעגאסען. און ווען איך האב געוואלט צולאזען א נייעם פראשעק, האט זי ביי מיר ארויסגעריסען דאס גאנצע פידעלע און האט עס א קלאפ געטהאן אן דער ערד, און דערנאך האט זי זיך בעגאסען מיט טרערען... אבער דאכט זיך, ניט דערפון, וואס מען האט זי געצוואונגען איינצונעמען די פראשקעס. — האב איך צוגעגעבען, נאך א קורצער ווייל.

— הם! די אויפרעגונג. די אמאליגע גרויסע אומגליקען (איך האב גענוי און אפענהערציג דערצעהלט דעם דאקטאר א סך זאכען פון נעלי'ס געשיכטע, און מיין ערצעהלונג האט אויף איהם א גרויסען איינדרוק געמאכט). דאס אלץ צוזאמען, נו, דערפון קומט די קראנקהייט. דערווייל איז דאס איינציגע מיטעל — איינגעמען פראשקעס. און זי מוז איינגעמען דעם פראשעק. איך וועל געהן און וועל מיך נאך אמאל בעמיהען איהר איבערצוצייגען איהר פליכט צו פאלגען א דאקטאר'ס עצה און... דאס הייסט רעדענדיג אין אלגעמיין... איינצונעמען די פראשקעס.

מיר זיינען ביידע ארויס פון קיך (אין וועלכער אונזער שמועס איז פארגעקומען), נאר נעלי, דאכט זיך, האט אונז געהערט: וועניגסטענס האט זי אויפגעהויבען דעם קאפ פון'ם קישען און, אנלענענדיג דאס אויער צו אונזער זייט, האט זי זיך די גאנצע צייט אויפמערקזאם צוגעהערט. איך האב דאס בעמערקט אין דער שפארע פון דער האלב־געעפענטער טהיר; און ווען מיר זיינען אריין צו איהר, האט זיך

די שטיפעריין אויפסניי געגעבען א רוק ארונטער אונטער דער קאלדרע און האט געקוקט אויף אונז ביידע מיט א חוזק-שמייכעל. די ארעמע געבעך איז זעהר אויסגעדארט געווארען אין די פיער טעג פון איהר קראנקהייט: די אויגען זיינען ארייגעפאלען, די היץ איז נאך אלץ ניט פארביי. נאך מאדנער האט איהר געפאסט צום פנים דאס שטי־פערישע אויסזעהען און די פארריסענע פינקלענדיגע בליקען, וועלכע האבען זעהר פארוואונדערט דעם דאקטאר, דעם בעסטען פון אלע דייטשען אין פעטערבורג.

ער האט ערנסט, נאר ווי מעגליך בעמיהט זיך ווייכער צו מאכען זיין שטימע מיט דעם צערטליכסטען און צארטסטען טאן ערקלערט די נויטווענדיגקייט און היילזאמקייט פון די פראשקעס, און פאלגליך די פליכט פון יעדען קראנקען זיי איינצונעמען. נעלי האט אויפגעהויבען דעם קאפ, נאר פלוצלונג, הפנים, מיט א גאנץ ניט ווילענדיגער בעוועגונג פון איהר האנט, האט זי פארטשעפעט דאס לעפעלע, און די גאנצע מעדיצין האט זיך וויעדער אויסגעגאסען אויף דער ערד. איך בין זיכער, אז זי האט דאס געטהאן אומיסטען.

— דאס איז זעהר ניט קיין אנגענעהמע אונפארזיכטיגקייט, — האט דער אלטיטשקער רוהיג געזאגט, — און איך פארדעכטיג, אז איהר האט דאס געטהאן אומיסטען, און דאס איז זעהר ניט שעהן. אבער... מען קען אלץ פארריכטען און צומישען נאך א פראשעק.

נעלי האט זיך איהם צולאכט, גלייך אין די אויגען אריין.

דער דאקטאר האט מעטאדיש א שאקעל געטהאן מיט זיין קאפ.

— דאס איז זעהר ניט גוט, — האט ער געזאגט, צופיהרענדיג א נייעם פראשעק, — זעהר, זעהר ניט שעהן.

— זייט ניט בייז אויף מיר, — האט נעלי געענטפערט, און האט זיך פעסט בעמיהט ניט צוצולאכען זיך אויפסניי, — איך וועל עס אומבעדינגט איינגעמען... און האט איהר מיך ליעב?

— אויב איהר וועט אייך גוט אויפפיהרען, וועל איך אייך זעהר ליעב האבען.

— זעהר?

— זעהר.

— און איצט האט איהר מיך ניט ליעב?

— און איצט האב איך אייך אויך ליעב.

— און וועט איהר מיר א קוש טהאן, ווען איך וועל אייך וועלען א קוש טהאן?

— יא, אויב איהר וועט עס פערדיענען.

דא האט זיך נעלי ווידער ניט געקענט איינהאלטען און האט זיך אויפסניי צולאכט.

— די פאציענטקע האט א פרעהליכען כאראקטער, אבער איצטער איז דאס — נערוועז און קאפריז, — האט דער דאקטאר מיר איינגערוימט מיט א זעהר ערנסט פנים.

— נו, גוט, איך וועל אויסטרינקען דעם פראשעק, — האט נעלי פלוצלונג א געשריי געטהאן מיט איהר שוואכער שטים, — נאר ווען איך וועל אויפוואקסען און זיין א גרויסע, וועט איהר מיך נעמען פאר א ווייב?

דער נייער שפאס, וואס זי האט אויסגעטראכט, איז איהר, הפנים, זעהר געפעלען; איהרע אויגען האבען אזוי געגליהט, און די ליפלעך האבען אזוי אונטערגעציטערט פון געלעכטער, ווארטענדיג אויף אן ענטפער פון דעם עטוואס ערשטוינטען דאקטאר.

— נו, יא, — האט ער געענטפערט, שמייכלענדיג ניט ווילענדיג איבער דעם נייעם קאפריז, — נו, יא, אויב איהר וועט זיין א גוט און וואויל מיידעל, ווען איהר וועט פאלגען און וועט...

— איינגעהמען די פראשקעס? — האט נעלי אונטערגעכאפט.

— אהא! נו יא, איינגעהמען די פראשקעס. א וואויל מיידעל,— האט ער מיר אויפסניי איינגערוימט, — זי האט אין זיך א סך, א סך... גוטסקייט און קלוגשאפט, נאר, דאך... פאר א ווייב... א מאדנער קאפריז...

און ער האט איהר ווידער אונטערגעטראגען די מעדיצין. נאר דאס מאל האט זי אפילו ניט אבגענארט, נאר האט פראסט פון אונטען ארויף א שטויס געטהאן דאס לעפעלע, און די גאנצע מעדיצין האט זיך צוגאסען דעם ארעמען אלטיטשקען גלייך אויפ'ן ווייסען האר־ציל און אויפ'ן פנים. נעלי האט זיך הויך צולאכט, נאר ניט מיט דעם פריהריגען פשוט'ען און פרעהליכען געלעכטער. אויף איהר האט דורכ־געבליצט עפעס גרויזאמעס, שלעכטס. די גאנצע צייט האט זי כמעט ווי אויסגעמיעדען מיין בליק, האט געקוקט אויפ'ן דאקטאר און מיט חוזק, דורך וועלכען עס האט אפילו ארויסגעקוקט די אומרוהיגקייט,

האָט זי געוואָרט. וואָס וועט דאָ איצטער טהאָן דער „קאַמישער" אַלטיטשקער.

— אַ! איהר האָט וויעדער... אַזאַ אומגליק! אבער... מען קען צופיהרען נאָך אַ פּראַשעק, — האָט דער אַלטער אַרויסגערעדט, זיך אָבווישענדיג מיט'ן טיכעל דאָס פּנים און דאָס הארציל.

דאָס האָט נעלי'ן שרעקליך איבעראַשט. זי האָט געוואָרט, אַז מיר זאָלען בייז ווערען, זי האָט געמיינט, אַז מען וועט זי אַנהויבען זידלען איהר פאַרוואָרפען, און אפשר האָט זי אומבעוואוסטזיניג, אין דער מינוט, געוואָלט טאַקע דאָס, אום צו האָבען אַן'אויסרייד זיך באַלד צוצעוויינען, צוקלאַגען, ווי אין היסטעריק, צו צעוואַרפען וויעדער די קישענס, ווי ניט לאַנג צוריק, און אפילו צוברעכען עפּעס פון כעס, און מיט דעם אַלעם איינצושטילען איהר קאַפּריזנע, אַנגעוועהטאַגט קינדיש הארץ. אַזעלכע קאַפּריזען טרעפען זיך ניט נאָר ביי קראַנקע, און ניט נאָר ביי נעלי'ן. ווי אָפט פלעגט עס טרעפען, אַז איך בין געגאַנגען הין און צוריק איבער'ן צימער מיט אַן אומבעוואוסטזיניגען פאַרלאַנג, אַז אימיצער זאָל מיך וואָס גיכער באַליידיגען, אָדער זאָל זאָגען אַ וואָרט, וואָס מען קען אַננעמען פאַר אַ באַליידיגונג, און גיכער צו וואָס עס איז אויסלאָזען דאָס הארץ. פרויען וויעדער „אויסגיעסענדיג" זיך דאָס הארץ אויף אַזאַ אופן, הויבען אָן צו וויינען מיט די אויפריכטיגסטע טרערען, און די צאַרטסטע פון זיי געהען אפילו צו ביז היסטעריק. די זאַך איז זעהר אַ פּראָסטע און אַ בעל־הבית'ישע, און וואָס טרעפט זיך אָם אָפטעסטען, ווען עס איז דאָ אַ צווייטער, קיינעם ניט בעוואוסטער טרויער אין הארץ און וועלכען עס ווילט זיך, נאָר מען קען ניט קיינעם אַרויסזאָגען.

נאָר פּלוצלונג, אַן איבעראַשטע פון דער הימלישער גוטסקייט פון דעם אַלטיטשקען, וועלכען זי האָט באַליידיגט און פון דער געדולד, מיט וועלכער ער האָט איהר וויעדער צופיהרט אַ דריטען פּראַשעק, ניט פאַרוואָרפענדיג איהר קיין איינציג וואָרט, איז נעלי פּלוצלונג שטיל געבליבען. דער חוזק־שמייכעל איז אַראָב פון איהרע ליפּעלעך, די פאַרב האָט איהר אַ זעץ געטהאָן אין פּנים אַריין, די אויגען זיינען פייכט געוואָרען: זי האָט פון אַ זייט אַ קוק געטהאָן אויף מיר און האָט זיך גלייך אָבגעווענדט. דער דאָקטאָר האָט איהר אונטערגעטראָגען די מעדיצין. זי האָט עס רוהיג און שרעקענדיג אויסגעטרונקען, האָט אַנגע־

כאפט דעם אלטענ׳ס רויטע, דיקע האנט און האט איהם לאנגזאם א קוק געטהאן אין די אויגען אריין.

— איהר... זענט בייז, וואס איך בין א שלעכטע, — האט זי ארויסגעזאגט, נאר זי האט ניט דערענדיגט, האט זיך געטהאן א רוק ארונטער דער קאלדרע, זיך איינגעדעקט איבער׳ן קאפ און האט זיך הויך, היסטעריש צוקלאגט.

— א, קינד מיינס, וויינט ניט... דאס איז גארנישט... דאס זיינען נערוועז; טרינקט אביסעל וואסער.

נאר נעלי האט ניט געהערט.

— בערוהיגט אייך.. רעגט אייך ניט אויף, — האט ער ווייטער גערעדט, שיער אליין וויינענדיג איבער איהר, ווייל ער איז געווען זעהר א וויכהארציגער מענש, — איך פארגיב אייך און וועל אייך נעמען פאר א ווייב, אויב איהר וועט אייך אויפפיהרען ווי א וואויל מיידעל, און איהר וועט...

— איינגעמען די פראשקעס! — האט זיך דערהערט פון אונטער דער קאלדרע מיט א דינינקען נערוועזען געלעכטער, ווי א גלעקעלע, וואס האט זיך איבערגעריסען פון געוויין, — א געלעכטער, וואס איז מיר זעהר בעקאנט געווען.

— א גוט קינד, וואס אנערקענט איהר פעהלער, — האט דער דאקטאר געזאגט פייערליך און שיער ניט מיט טרערען אין די אויגען. — ארעם מיידעל!

און פון דאמאלס אן האט זיך צווישען איהם און נעלי׳ן אנגעהויבען עפעס א מאדנע, וואונדערליכע סימפאטיע. מיט מיר, פארקערט, איז נעלי אלץ געווארען אנגעכמורעטער, נערוועזער און אויפגערעגטער. איך האב ניט געוואוסט צו וואס דאס צוצושרייבען און האב מיך גע־וואונדערט אויף איהר, און נאך מעהר, ווייל די ענדערונג איז פארגע־קומען אין איהר עפעס פלוצלונג. די ערשטע טעג פון דער קראנקהייט איז זי געווען מיט מיר בעזונדערס צארט און צערטליך; דאכט זיך, זי האט זיך ניט געקענט זאט קוקען אויף מיר, האט מיך ניט אבגעלאזט פון זיך, האט געכאפט מיין האנט מיט איהר הייסער האנט און מיך גע־זעצט נעבען זיך, און אויב זי האט בעמערקט, אז איך בין אומעטיג און צורודערט, האט זי זיך בעמיהט מיך פרעהליכער צו מאכען, האט געשפאסט, געשפיעלט מיט מיר און געשמייכעלט צו מיר, אונטערדריי־

קענדיג דערביי אָפּען איהרע אייגענע ליידען. זי האָט ניט געוואָלט, אז איך זאָל ארבייטען ביינאכט, אָדער איך זאָל זיצען און זי היטען. און זי האָט זיך געזארגט, ווען זי האָט געזעהען, אז איך פאָלג זי ניט. טיילמאָל האָט איך בעמערקט, אז זי איז פארזאָרגט: זי האָט אָנגעהויבען צו רעדען פון עפּעס אנדערש. זי האָט אזוי ווי אויסגעמיעדען צו רעדען וועגען נאַטאַשאַ'ן, און דאָס האָט מיך איבערראַשט. ווען איך בין געקומען האָט זי זיך געפרעהט. און ווען איך האָב גענומען מיין הוט צום אוועקגעהן, האָט זי געקוקט מיעד און האָט עפּעס מאָדנע, אזוי ווי מיט פאָרוואורף, מיך בעגלייט מיט די אויגען:

אויפ'ן פיערטען טאָג פון איהר קראנקהייט בין איך א גאנצען אָוונט און אפילו ביז שפּעט נאָך האַלבער נאכט געזעסען ביי נאַטאַשאַ'ן. מיר האָבען דאמאָלס געהאט וועגען וואָס צו רעדען. אוועקגעהענדיג פון דערהיים האָב איך געזאָגט מיין קראנקער, אז איך וועל צוריקקומען זעהר שנעל, אויף וואָס איך האָב טאקע אליין גערעכענט. בלייבענדיג ביי נאַטאַשאַ'ן כמעט ניט ווילענדיג, בין איך געווען רוהיג וועגען נעלי'ן: זי איז געבליבען ניט אליין. מיט איהר איז געזעסען אלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא, וועלכע איז געוואָר געוואָרען פון מאַסלאָבאָיעוו'ן, וואָס איז אריינגעקומען צו מיר אויף א מינוט, אז נעלי איז קראנק און איך האָב גרויסע צרות און בין איינער אליין. גאָט מיינער, ווי די גוטינקע אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא האָט זיך עס גענומען פאַרען.

— וועט ער, הייסט עס, איצטער אפילו אויף קיין מיטאָגען צו אונז ניט קומען!... אוי, גאָט מיינער! און אליין איז ער עס, נעבעך, אליין. נו, ווען מיר איהם איצטער ווייזען אונזער גוטהארציגקייט. אָט האָט זיך געמאכט א געלעגענהייט. דאַרף מען זי ניט אָבלאָזען.

און זי האָט זיך באלד בעוויזען ביי אונז, און האָט געבראכט מיט זיך אויף א דראָשקע א גאנץ פּעקיל. נאָכדעם ווי זי האָט מיט'ן ערשטען וואָרט געלאָזט ווישען, אז זי וועט שוין איצטער ניט אוועקגעהן פון מיר און אז זי איז געקומען אום מיר צו העלפען אין מיינע צרות, האָט זי אויפגעבונדען דאָס פּעקיל. דאָרט איז געווען סירופּ, איינגעמאכץ פאר דער קראנקער, הינדעלעך און א הוהן, אויב די קראנקע וועט אָנהייבען געזונט צו ווערען, עפּעל צום באַקען, פּאָמעראַנצען, (קיעווער טרוקענע איינגעמאכץ אויב דער דאָקטאָר וועט עס הייסען געבען), און צום

סוף, וועש, ליילעכער, סערוועטלעך, פרויען־העמדער, בינדעס, קאמפרע־סען, — אזוי ווי אויף א גאנצן לאזארעט.

— דאס אלץ האבן מיר דאך, — האט זי מיר געזאגט, שנעל און אייליג ארויסרעדענדיג יעדעס ווארט, ווי זי וואלט זיך אין ערגיץ געאיילט: — נו, און איהר לעבט אט ווי א בחור. איהר האט דאך די אלע זאכען ווייניג. טא לאזט שוין מיך... און פיליפ פיליפיטש האט אזוי געהייסען. נו, וואס זשע איצטער... גיכער, גיכער! וואס זשע דארף מען איצטער טהאן? וואס איז מיט איהר? זי איז ביי די געדאנקען? אוי, ווי אונבעקוועם עס איז איהר צו ליעגען, מען דארף פאררינכטען דאס קישען, אז דער קאפ זאל ליעגען נידריגער, ווייסט איהר... צי וואלט ניט בעסער געווען א לעדערען קישען? אויף א לעדערען קישען איז דאך קיהל. אוי, וואס פאר א נאר איך בין! און ס'איז מיר גאר אויפ'ן זינען ניט געקומען מיטצוברענגען. איך וועל פאהרען דערנאך — צי דארף מען אמאל ניט מארען פייער? איך וועל אייך צושיקען מיין אלטע. איהר האט דאך ניט קיין שום דיענסט... נו, וואס זשע טהוט מען איצטער? וואס איז דאס גאר? גראז... דער דאקטאר האט עס פארשריבען? מסתמא צו מאכען ברוסט־טהיי? אט געה איך מאכען פייער...

נאר איך האב זי בערוהיגט, און זי האט זיך זעהר פארוואונדערט, און איז אפילו טרויריג געווארען, וואס עס ווייזט זיך ארויס, אז עס איז נישטא אזויי פיעל צו טהאן. דאס האט איהר, איבריגענס, ניט אינגאנ־צען צוגענומען דעם קוראזש. זי איז באלד געווארען גוטע פריינד מיט נעלי'ן און האט מיר א סך געהאלפען די גאנצע צייט פון איהר קראנק־הייט: זי איז געקומען צו אונז כמעט יעדען טאג, און שטענדיג איז זי געקומען מיט אזא פנים, ווי עפעס וואלט פארפאלען געווארען אדער עס וואלט ערגיץ אוועקגעפאהרען, און מען דארף עס וואס שנעלער כאפען. זי האט שטענדיג צוגעגעבען, אז אזוי האט פיליפ פיליפיטש געהייסען. נעלי'ן איז זי זעהר געפעלען. זיי האבען ליעב בעקומען איינע די אנ־דערע, אזוי ווי צוויי שוועסטערען, און איך מיין, אז אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא איז אין א סך זאכען געווען פונקט אזא קינד, ווי נעלי. זי האט איהר דערצעהלט פארשיעדענע געשיכטען, האט זי געמאכט לאכען, און נעלי האט שפעטער אפטמאל געבענקט, ווען אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא איז אהיימגעפאהרען. נאר דאס ערשטע קומען איהר'ס

האָט פארוואונדערט מיין קראנקע, נאָר זי האָט זיך באלד אנגעשטויסען צו וואס דער אומגעבעטענער גאַסט איז געקומען, און האָט זיך, ווי געווענליך, אפילו אָנגע'ברוגז'ט, איז געוואָרען שווייגענדיג און ניט העפליך.

— צוליעב וואס איז זי געקומען צו אונז ? — האָט נעלי געפרעגט, ווי מיט אן אומצופריעדענעם אויסזעהן, ווען אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא איז אוועקגעפאהרען.

— דיר העלפען, נעלי, און דיך צוצוזעהן.

— נו, וואָס... פאר וואָס ? איך האָב דאָך פאר איהר קיין זאַך ניט געטהאָן.

— גוטע מענשען ווארטען ניט, נעלי, אז מען זאל זיי פריהער עפּעס טהאָן. זיי האָבען אהן דעם אויך ליעב צו העלפען יענע, וואס נויטיגען זיך. גענוג, נעלי ; אויף דער וועלט זיינען דאָ זעהר א סך גוטע מענשען, נאָר דיין אומגליק וואס דו האָסט זיי קיינמאָל ניט בעגעגענט, און ניט בעגעגענט, ווען דו האָסט זיי בעדארפט.

נעלי איז שטיל געבליבען : איך בין אָבגעטראָטען פון איהר. נאָר א פערטיל שעה שפּעטער האָט זי מיך אליין צוגערופען צו זיך מיט א שוואכערע שטים, האָט געבעטען א טרונק, און האָט מיך פּלוצלונג פעסט ארומגענומען, איז צוגעפאלען צו מיין ברוסט און האָט מיך לאנג ניט ארויסגעלאזט פון איהרע הענט. צומארגענס, ווען אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא איז געקומען צו פאָהרען, האָט זי זי בעגעגענט מיט א פרעהליכען שמייכעל, נאָר גלייך זי וואָלט זיך נאָך אלץ מיט עפּעס געשעהמט פאר איהר.

---

## דריטער קאַפּיטעל.

אָט אין דעם טאָג טאקע בין איך עס געווען ביי נאטאשא'ן דעם גאנצען אווענט. איך בין געקומען שוין שפּעט. נעלי איז געשלאָפען. אלעקסאנדרא סעמיאנאָוונא האָט אויך געוואלט שלאָפען, נאָר זי איז אלץ געזעסען איבער דער קראנקער און האָט געווארט אויף מיר. באלד

האָט זי מיר שטיל און שנעל אנגעהויבען דערצעהלען, אז נעלי איז אין אנהויב געווען זעהר פרעהליך, האָט אפילו אביסעל געלאכט, נאָר דער־נאָך איז זי געווארען אומעטיג, און זעהענדיג אז איך קום ניט, איז זי שטיל געבליבען און האָט זיך פארטראכט. דערנאָך האָט זי זיך אנ־געהויבען בעקלאגען, אז דער קאָפּ טהוט איהר וועה, האָט זיך צע־וויינט און אזוי צוקלאָגט זיך, אז איך אפילו האָב שוין ניט גע־וואוסט, וואס מיט איהר צו טהאָן, — האָט אלעקסאנדרא סעמיאנאָוו־נאַ צוגעגעבען. — זי האָט שוין געהאט אנגעהויבען מיט מיר צו רע־דען וועגען נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונאַ, נאָר איך האָב איהר גאר ניט גע־קענט זאגען: האָט זי מיך אויפגעהערט אויסצופרעגען, און האָט אלץ דערנאָך געוויינט, און אזוי איז זי איינגעשלאפען אין טרערען. נו, זייט זשע מיר געזונט, איוואן פּיעטראָוויטש; איהר איז דאָך לייכטער, ווי איך האָב בעמערקט, און איך דארף אהיימגעהן, אזוי האָט פיליפּ פיליפּיטש געהייסען. איך בין אייך שוין מודה איצטער, ער האָט דאך מיך דאס מאָל נאָר אויף צוויי שעה ארויסגעלאזען, און איך האָב מיך שוין אליין פארזוימט. נו, וואס, גארנישט, זייט רוהיג וועגען מיר; ער וועט זיך ניט דערוועגען צו בייזערען... נאָר אָט אפשר... אוי, גאט מיינער, טייערינקער איוואן פּיעטראוויטש, וואס זאל איך טהאָן: ער קומט איצטער כסדר אהיים שכור׳לעך! ער איז מיט עפּעס זעהר פארנומען, מיט מיר רעדט ער ניט, בענקט נאָך עפּעס, ער טראגט א וויכטיגע זאך אין קאָפּ; איך זעה דאס שוין; און דאך איז ער אין אווענט שכור... איך גיב נאָר א טראכט: ער איז איצטער אהיימגעקומען, ווער וועט איהם דארט לעגען שלאָ־פען? נו, איך פאהר, איך פאהר, זייט געזונט. זייט געזונט, איוואן פּיעטראָוויטש. איך האָב דא ביי אייך די ביכער איבערגעקוקט: ווי־פיעל ביכער איהר האָט דאָס, און אלץ מוז זיין קלוגע; און איך בין אזא נאַר, האָב קיינמאָל קיין זאך ניט געלעזען... נו, ביז מארגען...

נאָר צומארגענס איז נעלי אויפגעשטאַנען אַן אומעטיגע און אן אנגעכמורעטע, און האָט מיר ניט גערן געענטפערט. אליין האָט זי מיט מיר ניט אנגעהויבען צו רעדען, אזוי ווי זי וואָלט ברוגז געווען אויף מיר. איך האָב נאָר בעמערקט עטליכע בליקען איהרע, וואס זי האָט געוואָרפען אויף מיר פון דער זייט ווי בגנבה: אין די בליקען איז געווען א סך פון עפּעס א בעהאלטענעם הארציגען וועהטאג, נאָר דאָך

האָט אין זיי דורכגעקוקט א צערטליכקייט, וועלכע איז ניט געוועזען ווען זי האָט געקוקט גלייך אויף מיר. אין דעם טאָג איז פארגעקומען די סצענע מיט׳ן דאקטאר ביים איינגעהמען די מעדיצין; איך האָב ניט געוואוסט, וואס צו טראכטען.

נאָר נעלי האָט זיך צו מיר אינגאנצען געענדערט. איהרע אויסטערלישקייטען, קאפריזען, טיילמאָל שיער ניט האס צו מיר, דאס אלץ האָט זיך געצויגען ביז׳ן סאמע טאָג, ווען זי האָט אויפגעהערט צו וואוינען מיט מיר, ביז צו דער סאמער קאטאסטראפע, וואס האָט אויפגעלעזט אונזער גאנצען ראָמאַן. אבער וועגען דעם שפעטער.

עס האָט זיך, איבריגענס, געטראפען טיילמאָל, אז זי איז פלוצלונג געווארען אויף אונגעפעהר א שעה צערטליך צו מיר אזוי ווי פריהער. איהרע צערטליכקייטען, דאכט זיך, האָבען זיך פארטאָפעלט אין יענעם אויגענבליק; עפטער פון אלץ האָט זי אין די מינוטען ביטער געוויינט. נאָר די שעה׳ען זיינען פארביי שנעל, און זי איז ווידער אריינגעפאלען אין דער פריהעריגער בענקשאפט און האָט ווידער פיינדליך געקוקט אויף מיר, אָדער געמאכט קאפריזען, אזוי ווי ביים דאקטאָר, אדער פלוצלונג, דערזעהענדיג, אז מיר געפעלט ניט עפעס איהרע א נייע שטיפעריי, האָט זי אנגעהויבען הויך צו לאכען און שטענדיג כמעט האָט זי געענדיגט מיט טרערען.

זי האָט זיך אפילו צוקריגט מיט אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא׳ן, האָט איהר געזאגט, אז זי וויל פון איהר קיין זאך ניט. און ווען איך האָב מיך אנגעהויבען צו בייזערען אויף איהר טאקע פאר אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא׳ן, האָט זי זיך צוהיצט, פעענטפערט מיט עפעס א האסטיגען אנגעזאמעלטען כעס, נאָר איז פלוצלונג שטיל געבליבען און האָט פונקט צוויי טעג קיין איינציג וואָרט מיט מיר ניט גערעדט, ניט געוואלט איינגעהמען קיין איינציגע מעדיצין, האָט אפילו ניט געוואָלט עסען און טרינקען און נאָר דער אלטיטשקער דאקטאָר האָט געקענט רעדען מיט איהר און איהר בעווייזען, אז זי איז אומגערעכט.

איך האָב שוין געזאגט, אז צווישען דעם דאקטאר און איהר, האָט זיך פונ׳ם טאָג אָן, ווען זי האָט איינגענומען די מעדיצין, אנגעהויבען עפעס א וואונדערליכע סימפאטיע. נעלי האָט איהם זעהר ליעב בעקומען און האָט איהם שטענדיג בעגעגענט מיט א פרעהליכען שמייכעל, ווי אומעטיג זי זאָל ניט געוועזען זיין פאר זיין קומען. פון זיין

זייט, האָט דער אַלטיטשקער אנגעהויבען צו קומען צו אונז יעדען טאָג, און טיילמאָל אפילו צו צוויי מאָל אין טאָג, אפילו אויך דאמאָלס, ווען נעלי האָט אנגעהויבען ארומצוגעהן און איז שוין אינגאַנצען גע־זונט געוואָרען און, דאכט זיך, זי האָט איהם אזוי געפאַנגען, אז ער האָט ניט געקענט קיין טאָג איבערלעבען, ניט הערענדיג איהר געלעכ־טער און איהרע שטיפערייען איבער איהם, וועלכע זיינען ניט זעלטען געוועזן גאַנץ שפּאַסיג. ער האָט אנגעהייבען צו ברענגען ביכלעך מיט בילדער, אַלץ פון אַ בעלעהרענדען כאַראַקטער. איינם האָט ער אויס־מיסטען געקויפט פאַר איהר. דערנאָך האָט ער איהר אנגעהויבען צו ברענגען זיסע זאַכען, קאָנפעקטען אין פיינע קעסטעלעך. אין אזעלכע פאַלען פלעגט ער געוועהנליך אריינקומען מיט אַ יום טוב׳דיגען אויסזעהן, ווי עס וואָלט געווען זיין געבורטסטאָג, און נעלי האָט באַלד געטראָפען, אַז ער איז געקומען מיט אַ פּרעזענט. נאָר דעם פּרעזענט האָט ער ניט געוויזען, ער האָט נאָר כיטרע געלאַכט, האָט זיך גע־זעצט נעבען נעלי׳ן, האָט געגעבען אנצוהערעניש, אז אויב אַ געוויסע יונגע מיידעל האָט זיך געקענט גוט אויפפיהרען און פאַרדיענען אַכ־טונג אין זיין אבוועזענהייט, איז אזא יונג מיידעל ווערט אַ גוטע בע־לוינונג. ביי דעם האָט ער אזוי נאַאיוו און גוטהאַרציג געקוקט אויף איהר, אז נעלי, כאָטש זי האָט געלאַכט פון איהם מיט דעם אָפּען־הערציגסטען געלעכטער, האָט אבער אין דער אייגענער צייט אַן אויפ־ריכטיגע, צערטליכע צוגעבונדענקייט דורכגעפינקעלט אין דער מינוט אין איהרע אויפגעלויכטענע אויגעלעך. צום סוף האָט זיך דער אַלטער פייערליך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, האָט ארויסגענומען דאָס קעסטעלע מיט די קאָנפעקטען און, דערלאַנגענדיג נעלי׳ן, האָט ער אומבאַדינגט צוגעגעבען: „מיין צוקינפטיגער און ליעבער פרוי". אין דער מינוט איז ער אליין געווען זיכער גליקליכער פון נעלי׳ן.

נאָך דעם האָבען זיך אנגעהויבען שמועסען, און יעדעם מאָל האָט ער איהר ערנסט און איבערצייגענד איינגערעדט צו היטען דאָס גע־זונט און האָט איהר געגעבען גוטע מעדיצינישע עצות.

— מעהר פון אַלץ דאַרף מען היטען דאָס געזונט, — האָט ער גערעדט מיט אַ צוועקמעסיגען טאָן: — און צום ערשטען, און איבער־הויפּט צוליעב דעם, אום צו בלייבען לעבען; און צווייטענס, אום שטענדיג צו זיין געזונט, און אויף אזא אופן צו דערגרייכען גליק אין

לעבען. אויב איהר האָט, מיין ליעב קינד, עפּעס צרות, דאן פאר־געסט זיי, אדער, בעסער פון אלץ, בעמיהט אייך וועגען זיי ניט צו טראכטען. און אויב איהר האָט ניט קיין שום צרות, דאן... טראַכט אויך ניט וועגען זיי, נאָר בעמיהט אייך צו טראכטען וועגען פאר־געניגען... וועגען עפּעס פרעהליכע, שפּיעלעוודיגע זאכען.

— און וועגען וועלכע פרעהליכע און שפּיעלעוודיגע זאכען קען מען טראכטען? — האָט נעלי געפרעגט.

דער דאקטאר איז באלד געבליבען אהן לשון.

— נו, דארט... וועגען עפּעס אן אומשולדיגע שפּיעל, וואס פּאסט פאר אייערע יאהרען; אדער דארט... נו, עפּעס אזוינס...

— איך וויל ניט שפּיעלען; איך האָב ניט ליעב צו שפּיעלען, — האָט נעלי געזאגט. — איך האָב בעסער ליעב נייע קליידער.

— נייע קליידער! הם. נו, דאס איז שוין ניט אזוי גוט. מ'דארף זיך אין אלעם בעפרידיגען מיט א בעשיידענעם מזל אין לעבען. און, איבריגענס... ווייסט איהר... מען קען אויך ליעב האָבען נייע קליידער.

— און איהר וועט מיר לאזען א סך קליידער אויפנעהען, ווען איך וועל מיט אייך חתונה האָבען?

— נו, אן איינפאל! — האָט געזאגט דער דאקטאר און האָט זיך שוין ניט ווילענדיג פארוואָלקענט. נעלי האָט שטיפעריש געשמייכעלט און האָט אפילו איינמאָל, ווען זי האָט זיך פארגעסען, מיט דעם שמייכעל א קוק געטהאָן אויף מיר. — און, איבריגענס... איך וועל אייך לאזען נייען א קלייד, אויב איהר וועט עם פארדיענען מיט אייער אויפפיהרונג, — האָט דער דאקטאר ווייטער גערעדט.

— און פּראָשקעס וועט מען דארפען יעדען טאג איינעהמען, ווען איך וועל מיט אייך חתונה האָבען?

— נו, דאמאָלס וועט מען שוין מעגען ניט אלעמאָל איינגעמען די פּראשקעס, — און דער דאקטאר האָט אנגעהויבען צו שמייכלען.

נעלי האָט איבערגעריסען דעם שמועס מיט א געלעכטער. דער אלטער האָט געלאכט נאָך איהר און האָט מיט ליעבע געקוקט אויף איהר פרעהליכקייט.

— א שפּיעלעוודיגער קאָפּ! — האָט ער געזאגט, זיך ווענדענ־דיג צו מיר. — נאָר מען זעהט נאָך אלץ דעם קאפּריז און א געוויסע צורייצטקייט.

ער איז גערעכט געווען. איך האָב אבסאָלוט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. זי האָט אזוי ווי איגנאָנצען ניט געוואָלט רעדען מיט מיר, ווי איך וואָלט מיך אין עפּעס פאַרזינדיגט געגען איהר. דאס איז מיר געווען זעהר ניט צום הארצען. איך בין אפילו אליין געוואָרען אנגע'ברוגז'ט און האָב מיט איהר איינמאָל א גאַנ־צען טאָג ניט גערעדט, נאָר אויפ'ן צווייטען טאָג האָב איך מיך גע־שעהמט. זי האָט אפּט געווײנט, און איך האָב אבסאָלוט ניט גע־וואוסט מיט וואָס זי צו טרייסטען. איבריגענס, זי האָט איינמאָל איבערגעריסען מיט מיר איהר שווייגען.

איינמאָל בין איך צוריקגעקומען אהיים פאַרנאַכט און האָב דערזעהן, אז נעלי האָט שנעל בעהאַלטען אונטער'ן קישען א בוך. דאָס איז געווען מיין ראָמאַן, וועלכען זי האָט גענומען פון טיש און געלעזען, ווען איך בין אין דער היים ניט געווען. צו וואָס זשע האָט זי איהם בעדאַרפט בעהאַלטען פון מיר? גלייך זי שעהמט זיך, — האָב איך א טראַכט געטהאָן, נאָר איך האָב ניט אַרויסגעוויזען, אז איך האָב עפּעס בעמערקט. א פערטעל שעה שפּעטער, ווען איך בין אַרויס אויף א מינוט אין קיך אריין, איז זי האסטיג אראָפּגע־שפּרונגען פון בעט און אוועקגעלעגט דעם ראָמאַן אויפ'ן פריהע־ריגען אָרט; ווען איך בין אריינגעקומען צוריק, האָב איך איהם שוין דערזעהן ליעגען אויפ'ן טיש. א מינוט שפּעטער האָט זי מיך צוגערופען צו זיך; אין איהר שטים האָט געקלונגען עפּעס אַן אויפרעגונג. שוין פיער טעג, ווי זי האָט כמעט ניט גערעדט מיט מיר.

— איהר... וועט היינט... געהן צו נאַטאַשאַ'ן? — האָט זי מיך געפרעגט מיט א קול, וואס האָט זיך איבער־געריסען.

— יא, נעלי, איך דאַרף זי היינט נויטיג זעהן.

— נעלי האָט געשוויגען.

— איהר... האָט זי... זעהר ליעב? — האָט זי ווידער געפרעגט מיט א שוואַכער שטים.

— יא, נעלי, זעהר ליעב.

— איך האָב זי אויך ליעב, — האָט זי שטיל צוגעגעבען. נאָכ־דעם האָט ווידער איינגעטראָטען א שטילקייט.

— איך וויל געהן צו איהר און מיט איהר וועל איך וואוינען, —

האָט נעלי ווידער אנגעהויבען, — מיט אן אונדרייסטען בליק אויף מיר.

— דאס קען מען ניט, נעלי, — האָב איך געענטפערט, אביסעל פארוואונדערט. — איז דיר דען שלעכט ביי מיר?

— פארוואס קען מען ניט? — און זי האָט אויפגעפלאמט: — איהר רעדט דאך מיר איין, אז איך זאל געהן וואוינען צו איהר פאָטער; און איך וויל ניט געהן. זי האָט א דיענסט?

— זי האָט.

— נו, טאָ זאָל זי אוועקשיקען איהר דיענסט, און איך וועל ביי איהר דיענען. איך וועל איהר אלץ טהאָן און וועל פון איהר קיין זאך ניט נעהמען; איך וועל זי ליעב האָבען און וועל איהר קאָכען עסען. זאָגט עס איהר אַזוי היינט.

— אָבער צו וואָס, וואָס איז דאָס פאר א פאנטאזיע, נעלי? און וואס מיינסטו וועגען איהר: מיינסטו טאקע, אז זי וועט דיך וועלען נעהמען אנשטאט א קעכין? אויב זי וועט דיך שוין נעהמען, וועט זי דיך נעהמען ווי איהר'ס גלייכען, ווי איהרע א יונגערע שוועסטער.

— ניין, איך וויל ניט, ווי א גלייכע. אזוי וויל איך ניט...

— פארוואס?

נעלי האָט געשוויגען. איהרע ליעפּלעך האָבען געציטערט: זי האָט געוואלט וויינען.

— דער, וועמען זי ליעבט איצטער, דער וועט דאך אוועקפאָהרען פון איהר און וועט זי איבערלאזען איינע אליין? — האָט זי צום סוף געפרעגט.

איך האָב מיך פארוואונדערט.

— פון וואנען ווייסטו דאס, נעלי?

— איהר האָט מיר אלץ אליין געזאגט, און אייערנעכטען, ווען אלעקסאנדרא סעמיאנאָוונא'ס מאן איז געקומען צו געהן אין דער פריה, האָט ער עס מיר אלץ געזאגט.

— איז דען מאסלאָבאָיעוו געקומען צו געהן אין דער פריה?

— ער איז געקומען, — האָט זי געענטפערט, און אראָבגעלאזט די אויגען.

— און פארוואס האָסטו מיר ניט געזאגט, אז ער פלעגט קומען?

— אזוי...

איך האָב מיך פארטראכט א ווייל. גאט ווייסט, צו וואס דער מאַסלאָבאָיעוו שלעפּט זיך ארום מיט זיינע סודות. וואס האָט ער דא פארפיהרט? מען וואלט איהם בעדארפט זעהן.

— נו, טאָ וואס זשע געהט עס דיך אָן, נעלי, אויב ער וועט זי אוועקוואַרפען?

— איהר האָט דאך זי שטארק ליעב, — האָט נעלי געענטפערט, ניט אויפהויבענדיג די אויגען אויף מיר. — און אויב איהר האָט זי ליעב, וועט איהר זי מסתמא נעהמען פאר א ווייב, ווען יענער וועט אוועקפאהרען.

— ניין, נעלי, זי האָט מיך ניט אזוי ליעב, ווי איך האָב זי ליעב, און איך... ניין, דאס וועט ניט זיין, נעלי.

— און איך וואלט אייך ביידע בעדיענט, אזוי ווי אייערע א דיענסט, און איהר וואלט אייך געלעבט און געוועזן צופריעדען, — האָט זי ארויסגערעדט כמעט שעפּטשענדיג, ניט קוקענדיג אויף מיר.

— „וואס איז מיט איהר, וואס איז מיט איהר!" — האָב איך געטראכט, און די גאנצע נשמה האָט זיך אין מיר איבערגעקעהרט. נעלי איז שטיל געבליעבען און האָט מעהר דעם גאנצען אָווענט קיין איינציג וואָרט ניט ארויסגערעדט. און ווען איך בין אוועקגעגאנגען, האָט זי זיך צעוויינט, האָט געוויינט א גאנצען אָווענט, ווי אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא האָט מיר איבערגעגעבען, און אזוי איז זי אנטשלאפען געווארען וויינענדיג. אפילו ביינאכט, אין שלאף, האָט זי געוויינט און האָט עפּעס ביינאכט גערעדט פון וועג.

נאָר פון דעם טאָג אָן איז זי געווארען נאָך פארוואלקענטער און שווייגענדיגער און האָט שוין מיט מיר אינגאנצען ניט גערעדט. אמת, איך האָב בעמערקט א צוויי דריי בליקען איהרע, וואס זי האָט געוואָרפען אויף מיר בגנבה, און אין די בליקען איז געוועזן אזוי פיעל צערטליכקייט! נאָר דאס איז פארביי צוזאמען מיט דעם אויגענבליק, וואס האָט ארויסגערופען די פלוצליכע צערטליכקייט, און אזוי ווי אבצושטויסען דעם ארויסרוף איז נעלי, מיט יעדער שעה, געווארען אלץ טרויריגער, אפילו אין דער אנוועזענהייט פון דעם דאקטאר, וועלכער האָט זיך געוואונדערט איבער דער ענדערונג פון איהר כאראקטער. אין דער צייט איז זי דערווייל אינגאנצען געזונט געווארען, און דער דאקטאָר האָט איהר צום סוף ערלויבט צו שפּאצירען אויף דער פרישער

לופט, נאָר זעהר ווענינ. דאָס וועטער איז געווען זוניג, וואַרעם. עס איז געווען די ליידענשאַפטליכע וואָך, וועלכע איז דאס מאָל אויסגע־פאַלען זעהר שפּעט; איך בין ארוים אין גאַס אין דער פריה; איך האָב בעדאַרפט אומבעדינגט צו זיין ביי נאַטאַשאַ׳ן, נאָר איך האָב בעשלאָסען צו זיין פריהער צוריק אין דער היים, צו נעהמען נעלי׳ן און צו געהן מיט איהר שפּאַצירען; אין דערהיים האָב איך זי דער־ווייל איבערגעלאָזט אַליין.

נאָר איך קען גאָר ניט אויסדריקען, וואָס פאַר א צרה עס האָט געוואַרט אויף מיר אין דערהיים. איך האָב מיך געאיילט אהיים. איך קום צוגעהן און זעה, אַז דער שליסעל שטעקט אין דרויסען אין דער טהיר. איך געה אריין: עס איז קיינער נישטאָ. איך בין פאַרגליווערט געוואָרען. איך קוק: אויפ׳ן טיש א צעטעלע און דערויף איז אויפ־געשריבען מיט בלייפעדער מיט א דיקער נערוועזער האַנדשריפט:

„איך בין אוועק פון אייך און וועל מעהר צו אייך קיינמאָל ניט קומען, נאָר איך האָב אייך זעהר ליעב.

אייער געטרייע נעלי".

איך האָב א געשריי געטהאָן פון שרעק און מיך געלאָזט לויפען פונ׳ם צימער.

---

## פיערטער קאַפּיטעל.

עאיך האָב נאָך ניט בעוויזען ארויסצולויפען אין גאַס, ניט בעוויזען צו בעגרייפען וואס און ווי מען טהוט איצט, ווי איך האָב פּלוצ־לונג דערזעהן, אַז ביי אונזער טויער שטעלט זיך אָב א דראָשקע און פון דער דראָשקע געהט ארויס אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָווונא און פיהרט נעלי׳ן ביי דער האַנט. זי האָט זי געהאַלטען פעסט, ווי זי וואלט מורא געהאט, אז זי זאל נאָך אמאָל ניט אנטלויפען. איך האָב מיך גלייך א לאָז געטהאָן צו זיי.

— נעלי, וואס איז מיט דיר! — האָב איך א געשריי געטהאָן:
— וואוהין ביזטו אוועק, פאַרוואָס?

— ווארט, איילט אייך ניט: קומט נאר גיכער ארויף צו אייך, דארט וועט איהר שוין אלץ געוואר ווערען, — האט אלעקסאנדרא סע־מיאנאוונא שנעל א זאג געטהאן: — איהר וועט שוין הערען וואס איך האב אייך צו דערצעהלען, איוואן פיעטראוויטש, — האט זי שנעל גע־מורמעלט אויפ'ן וועג. — מען דארף זיך נאר וואונדערען... אט קומט, וועט איהר באלד געוואר ווערען.

אויף איהר פנים איז געווען אויפגעשריבען, אז זי האט געהאט אויסערגעוועהנליך וויכטיגע נייעס.

— גערה, נעלי, גערה, לעג דיך צו אביסעל. — האט זי געזאגט, ווען מיר זיינען אריין אין צימער: — דו ביזט דאך מיעד; א קלייניגקייט וויפיעל דו ביזט ארומגעלאפען; און נאך א קראנקהייט דערצו; לעג דיך, טייבעלע, לעג דיך. און מיר לאמיר דערווייל אוועקגעהן פון דא־נען, מיר וועלען איהר ניט שטערען, זאל זי איינשלאפען. — און זי האט מיר א וואונק געטהאן, אז איך זאל ארויסגעהן מיט איהר אין קיך אריין.

נאר נעלי האט זיך ניט צוגעלעגט, זי האט זיך געזעצט אויף דער קאנאפע און זיך פארשטעלט מיט ביידע הענט דאס פנים.

מיר זיינען ארויס און אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא האט מיר שנעל גענומען דערצעהלען אין וואס עס האנדעלט זיך. דערנאך בין איך גע־וואר געווארען נאך מעהר איינצעלהייטען. אט ווי אזוי דאס אלץ איז געשעהען.

אוועקגעהענדיג פון מיר א שעה צוויי פאר מיין צוריקקומען און איבערלאזענדיג מיר דאס צעטעלע, איז נעלי אוועקגעלאפען דאס ערש־טע צו דעם אלטימשקען דאקטאר. זיין אדרעס האט זי נאך פריהער גע־האט אויסגעפונען. דער דאקטאר האט מיר דערצעהלט, אז ער איז אזוי פארגליווערט געווארען, ווען ער האט דערזעהען ביי זיך נעלי'ן, און די גאנצע צייט, וואס זי איז געווען ביי איהם, „האט ער ניט געגלויבט זיי־נע אויגען". איך גלויב נאך איצטער ניט, — האט ער צוגעגעבען צום סוף פון זיין ערצעהלונג, — און איך וועל דאס קיינמאל ניט גלויבען. און דאך, איז נעלי ווירקליך געווען ביי איהם. ער איז געזעסען רוהיג אין זיין קאבינעט, אין דער שטוהל, אין שלאפראק און ביים קאפע, ווען זי איז אריינגעלאפען און זיך געווארפען צו איהם אויפ'ן האלז, ער האט נאך צייט געהאט צו קומען צו זיך. זי האט געוויינט, איהם

ארומגענומען און געקושט, געקושט איהם די הענט און איהם געבעטען פעסט, כאטש אהן צוזאמענהאנג, אז ער זאל זי נעמען וואוינען צו זיך: זי האט געזאגט, אז זי וויל ניט און קען ניט מעהר לעבען מיט מיר, און דערפאר איז זי אוועק פון מיר; אז איהר איז שווער; אז זי וועט שוין מעהר ניט לאכען פון איהם און רעדען וועגען נייע קליידער און וועט זיך גוט אויפפיהרען, וועט זיך לערנען, וועט זיך אויסלערנען איהם „וואשען און פרעסען די מאנישקעס" (זי האט זיך, הפנים, פאר־געשטעלט איהר גאנצע רעדע אויפ'ן וועג, און אפשר נאך פריהער) און, צום סוף, אז זי וועט פאלגען און וועט כאטש יעדען טאג איינגע־מען יעדען סארט פראשקעס. און אז אויב זי האט דאמאלס געזאגט, אז זי האט געוואלט מיט איהם חתונה האבען, האט זי דאך דאס געמאכט א שפאס, אז זי טראכט אפילו ניט וועגען דעם. דער אלטער דייטש איז געווען אזוי איבערראשט, אז ער איז געזעסען די גאנצע צייט מיט אן אפען מויל, אויפהייבענדיג זיין האנט, אין וועלכער ער האט געהאל־טען דעם ציגאר, און האט פארגעסען אין דעם ציגאר אזוי, אז ער איז אויסגעגאנגען.

— מאדמואזעל, — האט ער ענדליך ארויסגערעדט, ווען ער האט ווי־עס־איז צוריקבעקומען דאס לשון: — מאדמואזעל, אויף וויפיעל איך האב אייך פארשטאנען, בעט איהר, אז איך זאל אייך געבען אן ארט ביי מיר. אבער דאס איז — אונמעגליך! איהר זעהט, איך בין זעהר געענגט און איך האב ניט קיין בעדייטענדע איינקונפט... און נאך אלעם, אזוי גלאט, אונאיבערלעגט... דאס איז שרעקליך! און, א חוץ אלעם, זענט איהר, ווי איך זעה, אנטלאפען פון אייער הויז. דאס איז זעהר ניט שעהן און אומעגליך... און נאך אלעמען האב איך אייך נאר ערלויבט אביסעל צו שפאצירען אין א העלען טאג, אונטער דער אויפ־זיכט פון אייער פריינד, און איהר ווארפט אוועק אייער פריינד, וואס האט אייך גוטס געטהאן און איהר לויפט צו מיר. אין דער צייט ווען איהר דארפט היטען זיך און... און... איינגעמען די מעדיצין. און נאך אלעם... נאך אלעם, פארשטעהע איך קיין זאך ניט...

נעלי האט איהם ניט געלאזט אויסרעדען. זי האט ווידער אנגעהויבען צו וויינען, וויעדער איהם געגומען בעטען, נאר עס האט גארניט גע־האלפען. דער אלטיטשקער איז אלץ מעהר און מעהר אריינגעפאלען אין ערשטוינונג און האט אלץ מעהר און מעהר קיין זאך ניט פארשטאנען.

צום סוף האט איהם נעלי אוועקגעווארפען, האט א געשריי געטהאן: „אוי, גאט מיינער!“ און איז ארויסגעלאפען פון צימער. „איך בין קראנק געווען יענעם גאנצען טאג, — האט דער דאקטאר צוגעגעבען, פארענדיגענדיג זיין ערצעהלונג: — און אויף ביינאכט האב איך איינגענומען דעקאקט...“

און נעלי האט זיך א לאז געטהאן צו די מאסלאבאיעווס. זי האט זיך פארזארגט אויך מיט זייער אדרעס און האט זיי אבגעזוכט, כאטש ניט אהן מיה. מאסלאבאיעוו איז געווען אין דער היים. אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא האט אזא פאטש געטהאן מיט די הענט, ווען זי האט דערהערט נעלי'ס געבעט, אז זיי זאלען זי נעמען צו זיך. און אויף איהרע פראגען: פארוואס זי וויל אזוי, צי עס איז איהר דען שווער ביי מיר? — האט נעלי גארנישט געענטפערט און זיך א ווארף געטהאן, וויינענדיג, אויף א שטוהל. „זי האט אזוי געקלאגט, אזוי געקלאגט, — האט מיר אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא דערצעהלט, — אז איך האב געמיינט, זי וועט דערפון שטארבען“. נעלי האט זיך געבעטען כאטש פאר א קעכין, כאטש פאר א דיענסט, זי האט געזאגט, אז זי וועט אויסקעהרען די שטוב און וועט זיך אויסלערנען וועש וואשען. (אויף דעם וואשען וועש האט זי געלעגט עפעס בעזונדערע האפנונגען און האט עפעס דאס געהאלטען פאר דער שטארקסטער מעלה, כדי מען זאל זי נעמען). אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא'ס מיינונג איז געווען זי איבערצולאזען ביי זיך ביז די זאך וועט קלאר ווערען, און מיר לאזען וויסען. נאר פיליפ פיליפיטש איז געווען אויסדריקליך געגען דעם און האט גלייך געהייסען אבפיהרען די אנטלאפענע צו מיר. אויפ'ן וועג האט זי אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא ארומגענומען און געקושט, פון וואס נעלי האט נאך שטארקער אנגעהויבען צו וויינען. קוקענדיג אויף איהר האט זיך אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא אויך צעוויינט. האבען זיי ביידע א גאנצען וועג געוויינט.

— פארוואסזשע, פארוואסזשע, נעלי, ווילסטו ביי איהם ניט וואוינען: וואס, ער באליידיגט דיך, צי וואס? — האט אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא געפרעגט, בעגיסענדיג זיך מיט טרערען.

— ניין, ער באליידיגט מיך ניט...

— נו, פארוואסזשע?

— אזוי, איך וויל ביי איהם ניט וואוינען... איך קען ניט... איך

בין כסדר אזוי שלעכט צו איהם... און ער איז א גוטער... און ביי אייך וועל איך ניט זיין קיין שלעכטע, איך וועל ארבייטען, — האט זי ארויס־געריעדט, וויינענדיג, ווי אין היסטעריק.

— פארוואסזשע ביזטו צו איהם אזא שלעכטע, נעלי?...

— אזוי.

— און נאך דעם „אזוי", האב איך פון איהר ארויסגעקראגען,— האט אלעקסאנדרא סעמיאנאווגא געענדיגט, אבווישענדיג איהרע טרער־רען: — וואס איז זי אזא וויינענדיגע וואס? זאל דאס זיין פון גע־בוירענשאפט? ווי מיינט איהר, איוואן פיעטראוויטש?

מיר זיינען אריין צו נעלי'ן; זי איז געלעגען בעהאלטען דאס פנים אין קישען און האט געוויינט. איך האב מיך געשטעלט פאר איהר אויף די קניה, האב גענומען איהרע הענט און זיי גענומען קושען. זי האט ביי מיר ארויסגעריסען די הענט און זיך נאך שטארקער צעוויינט. איך האב ניט געוואוסט וואס אפילו צו רעדען. אין דער מינוט איז אריינגע־קומען דער אלטער איכמעניעוו.

— איך בין צו דיר געקומען וועגען א זאך, איוואן, וואס מאכסטו! — האט ער געזאגט, קוקענדיג אויף אונז אלע און מיט פאראכטונג דערזעהענדיג מיך אויף די קניהען. דער אלטער איז קראנק געווען די גאנצע לעצטע צייט. ער איז געווען בלייך און דאר, נאך אזוי ווי ער וואלט זיך בעוויזען פאר א העלד פאר אימיצען, האט ער געהאסט זיין קראנקהייט, האט ניט געפאלגט וואס אננא אנדרעיעווגא האט איהם אנגעזאגט, האט זיך ניט אוועקגעלעגט און איז ווייטער אומגעגאנגען ביי זיינע געשעפטען.

— ענטשולדיגט מיר דערוויל, — האט זיך אנגערופען אלעק־סאנדרא סעמיאנאווגא, קוקענדיג פעסט אויף דעם אלטען. — פיליפ פיליפאוויטש האט מיך געהייסען צוריקקומען אזוי גיך ווי מעגליך. מיר האבען א זאך צו בעזארגען. און אין אווענט, פארנאכט, וועל איך קומען צו אייך און וועל זיצען א שעה צוויי.

— ווער איז זי? — האט מיר דער אלטער איינגערוימט, הפנים, טראכטענדיג פון עפעס אנדערש. איך האב איהם ערקלערט.

— הם, און איך בין געקומען וועגען א זאך, איוואן.

איך האב געוואוסט וועגען וואס פאר א זאך און האב געווארט, אז ער זאל קומען צו מיר. ער איז געקומען איבעררעדען מיט מיר און

מיט נעלי׳ן און בעטען, אז זי זאָל פון מיר איבערגעהן צו איהם. אננא אנדרעיעוונא האט ענדליך איינגעשטימט ארייננצונעמען אין הויז א יתומה. געשעהען איז דאס נאך אונזערע סודות׳דיגע שמועסען: איך האב איבערצייגט אננא אנדרעיעוונא׳ן און האב איהר געזאגט, אז דער אנבליק פון דער יתומה, וואס איהר מאמע איז אויך געווען פארשאָלטען פון איהר פאטער, וועט אפשר איבערקעהרען דעם אלטען׳ס הארץ אויף אנדערע געדאנקען. איך האב איהר אזוי קלאָר געמאכט מיין פּלאן, אז זי האט שוין איצטער אליין גענומען צושטעהן צום מאן, אז ער זאָל נעמען די יתומה. דער אלטער האט זיך גערן גענומען צו דער זאך: ער האט געוואלט, ערשטענס, צופריעדען שטעלען זיין אננא אנדרעיעוונא, און צווייטענס, האט ער געהאט זיינע בעזונדערע אורזאכען... נאר דאס אלץ וועל איך שפּעטער גענויער ערקלערען...

איך האב שוין געזאגט, אז נעלי האט ניט ליעב געהאט דעם אלטען נאך פון זיין ערשטען וויזיט. דערנאך האב איך בעמערקט, אז אפילו עפּעס א שנאה האט זיך בעוויזען אויף איהר פּנים. ווען מען האט פאר איהר דערמאנט איכמעניעוו׳ס נאמען. דער אלטער האט אנגעהויבען די זאך גלייך, אהן ארומרייד. ער איז גלייך צוגעגאנגען צו נעלי׳ן, וועל־כע איז נאך אלץ געלעגען, מיט׳ן פּנים אין קישען, און אננעמענדיג זי פאר דער האנט, האט ער געפרעגט: צי וויל זי איבערגעהען צו איהם וואוינען אנשטאט דער טאכטער.

— איך האב געהאט א טאכטער,, איך האב זי ליעב געהאט מעהר פון זיך אליין, — האט דער אלטער פארענדיגט. — נאר איצטער איז זי ניט מיט מיר. זי איז געשטארבען. צי ווילסטו פארטרעטען איהר ארט אין מיין הויז און אין... מיין הארץ?

און אין זיינע אויגען, די טרוקענע און ענטצינדענע פון הייסען פיבער, האט אויפגעקאכט א טרער.

— ניין, איך וויל ניט, — האט נעלי געענטפערט, ניט אויפהוי־בענדיג דעם קאפּ.

— אבער פארוואס, מיין קינד? דו האסט קיינעם ניט. איוואן קען דיך ניט אייביג האלטען ביי זיך, און ביי מיר וועסטו זיין, ווי אין דיין אייגענער היים.

— איך וויל ניט, ווייל איהר זענט א שלעכטער מענש. יא, א שלעכטער, א שלעכטער, — האט זי צוגעגעבען, אויפהויבענדיג דעם

קאָפּ און זעצענדיג זיך אויפ'ן בעט אנטקעגנען דעם אַלטען. — איך בין אַליין שלעכט און ערגער פון אַלע, נאָר איהר זענט נאָך ערגער פון מיר!... — זאָגענדיג דאָס, איז נעלי בלייך געוואָרען, איהרע אויגען האָבען אויפגעפינקעלט; אַפילו איהרע ציטערדיגע ליפּען זיינען בלייך געוואָרען און האָבען זיך פאַרקרומט פון עפּעס אַ שטאַרקען געפיהל, וואָס איהר איז צוגעקומען. דער אַלטער האָט פאַרוואונדערט געקוקט אויף איהר.

— יאָ, נאָך ערגער פון מיר, דערפאַר, ווייל איהר ווילט ניט מוחל זיין אייער טאָכטער; איהר ווילט זי אינגאַנצען פאַרגעסען און איהר נעמט צו זיך אַנ'אַנדער קינד, און קען מען דען פאַרגעסען אַן אייגען קינד? וועט איהר מיך דען ליעב האָבען? אַזוי ווי איהר וועט אַ קוק טהאָן אויף מיר, וועט איהר אייך דאָך גלייך דערמאָנען, אַז איך בין אייך אַ פרעמדע, און אַז איהר האָט געהאַט אַן אייגענע טאָכטער, וועלכע איהר האָט אַליין פאַרגעסען, ווייל איהר זענט אַ שרעקליך שלעכטער מענש. און איך וויל ניט זיין ביי קיין שרעקליך שלעכטע מענשען: איך וויל ניט, איך וויל ניט!... — נעלי האָט זיך צעוויינט און פאַרביינעהענדיג אַ קוק געטהאָן אויף מיר.

— איבערמאָרגען איז קריסטוס-געבורט, אַלע קושען זיך און נעמען זיך אַרום, אַלע מאַכען שלום, אַלע זינד ווערען מוחל... איך ווייס דאָך... נאָר איהר... בלויז איהר... אוי! שרעקליכער מענש! געהט אוועק!

זי האָט זיך בעגאָסען מיט טרערען. די רעדע האָט זי, דאַכט זיך, שוין לאַנג בעטראַכט און זי געהאַלטען גרייט אויפ'ן פאַל, ווען דער אַלטער וועט זי נאָכאַמאָל איינלאַדען צו זיך. דער אַלטער איז געוועזען ערשטוינט און איז בלייך געוואָרען. אַ קרענקליך געפיהל האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין פּנים.

— און צו וואָס, צו וואָס, פאַרוואָס זאָרגען זיך אַזוי אַלע וועגען מיר? איך וויל ניט, איך וויל ניט! — האָט נעלי פּלוצלונג אַ געשריי געטהאָן, אַזוי ווי אויסער זיך; — איך וועל בעסער געהן בעטלען!

— נעלי, וואָס איז מיט דיר? נעלי, מיין פריינד! — האָב איך ניט ווילענדיג אַ געשריי געטהאָן, נאָר מיט מיין אויסגעשריי האָב איך בלויז צוגעגאָסען אייל צום פייער.

— יאָ, איך וועל בעסער געהן איבער די גאַסען און בעטלען, און

דא וועל איך ניט בלייבען, — האט זי געשריגען און געוויינט, — מיין מאמע האט אויך געבעטעלט, און ווען זי איז געשטארבען, האט זי מיר אליין געזאגט: זיי ארעם און בעסער בעטעל, אײדער... א נדבה צו בעטען איז ניט קיין חרפה... איך בעט ניט ביי איין מענשען, איך בעט ביי אלע, און אלע זיינען ניט איין מענש; ביי איינעם איז א חרפה, און ביי אלע איז ניט קיין חרפה: אזוי האט מיר א בעטלערקע אמאל געזאגט; איך בין דאך א קליינע, איך האב ניט וואו צו נעמען. דערפאר בעט איך ביי אלע, איך וויל ניט, איך וויל ניט, איך בין א שלעכטע, איך בין ערגער פון אלע: אזא שלעכטע בין איך!

און נעלי האט פלוצלונג אונערווארט געכאפט פון טישעל א שאל און אווארף געטהאן אז דער ערד.

— נו, אט האט עס זיך צובראכען, — האט זי צוגעגעבען, — איך וועל די אנדערע אויך צוברעכען... פון וואס וועט איהר דאמאלס טרינקען טהיי?

זי איז געווען אזוי ווי ווילד, און אזוי ווי זי וואלט אליין געפיהלט א בעפרידיגונג אין דער ווילדקייט, אזוי ווי זי וואלט אליין אנערקענט, אז דאס איז אי א שאנד אי ניט שעהן, און אין דער אייגענער צייט האט זי זיך אזוי ווי אליין אונטערגעהעצט אויף ווייטערדיגע שטיקלעך.

זי איז קראנק, וואניא, אט וואס — האט דער אלטער געזאגט: — אדער... אדער איך פארשטעה גארנישט. וואס דאס איז פאר א קינד. א גוטען טאג!

ער האט גענומען זיין היטעל און מיר געדריקט די האנט. ער איז געווען ווי א דערשלאגענער: נעלי האט איהם שרעקליך באליידיגט: אלץ האט אין מיר אויפגעקאכט:

— דו האסט אויף איהם קיין רחמנות ניט געהאט, נעלי! — האב איך א געשריי געטהאן, ווען מיר זיינען געבליבען אליין: — און דו שעהמסט דיך ניט, דו שעהמסט דיך גארנישט! ניין, דו ביזט ניט קיין גוטע, דו ביזט אין אמת'ן א שלעכטע! — און אזוי ווי איך בין געווען אהן א היטעל, אזוי בין איך נאכגעלאפען דעם אלטען. איך האב איהם געוואלט בעגלייטען ביז צום טויער און כאטש צוויי ווערטער איהם זאגען צו טרייסטען. אראבלויפענדיג פון די שטיגען, האב

איך נאָך אזוי ווי געזעהען פאַר מיר נעלי'ס פּנים, וואָס איז שרעקליך בלייך געוואָרען פון מיינע פאַרוואורפען.

איך האָב גיך דעריאָגט מיין אלטען.

— דאָס אָרעמע מיידעלע איז באַליידיגט, און זי האָט זיך איהרע אייגענע צרות, גלויב מיר, איוואַן; און איך האָב איהר גענומען דערצעהלען וועגען מיינע, — האָט ער געזאָגט, מיט א ביטערען שמייכעל. — איך האָב איהר אָנגעריהרט א וואונד. מען זאָגט דער זאַטער קען דעם הונגעריגען ניט פאַרשטעהן; און איך, וואַניא, וועל צוגעבען. אַז דער הונגעריגער דעם הונגעריגען פאַרשטעהט אויך ניט שטענדיג. נו. זיי געזונט!

איך האָב געהאט אָנגעהויבען צו רעדען וועגען עפּעס אנדערש. נאָר דער אלטער האָט בלויז א מאַך געטהאָן מיט דער האנט

— גענוג מיך צו טרייסטען; בעסער זעה, אַז דיינע זאָל ניט אנטלויפען פון דיר; זי זעהט אזוי אויס, — האָט ער צוגעגעבען מיט א געוויסען כעס און איז אוועק פון מיר מיט שנעלע טריט, דרעהענדיג און סלאַפּענדיג מיט זיין שטעקען איבער'ן טראָטואַר.

און ער האָט ניט ערוואַרט, אַז ער וועט זיין א נביא.

וואָס האָט זיך געטהאָן מיט מיר, ווען איך האָב, צוריקקומענדיג אהיים, צו מיין שרעק, ווידער ניט געפונען נעלי'ן! איך האָב מיך א לאָז געטהאָן אין הויז אריין, האָב זי געזוכט אויף די שטיגען, גערופען, געקלאַפּט אפילו ביי די שכנים און געפרעגט אויף איהר; איך האָב ניט געקענט און ניט געוואָלט גלויבען, אַז זי איז ווידער אנטלאָפען. און ווי אזוי האָט זי געקענט אנטלויפען? עס איז בלויז איין טויער דאָ אין הויז; זי האָט געמוזט פאַרבייגעהן אונז, ווען איך האָב גערעדט מיט דעם אלטען. נאָר באַלד איז מיר, צו מיין פאַרצווייפלונג איינגעפאַלען, אַז זי האָט געקענט פריהער זיך בעהאַלטען ערגיץ אויף די שטיגען און וואַרטען ביז איך וועל פאַרבייגעהן צוריק אין הויז אריין. און דערנאָך צו אנטלויפען, אזוי אַז איך האָב זי אויף קיין פאַל ניט געקענט טרעפען. יעדענפאַלס האָט זי ניט געקענט ווייט אוועקגעהן.

אין טיעפער אונרוהיגקייט בין איך ווידער ארויסגעלאָפען זי זוכען. און האָב אויף יעדען פאַל געלאָזט די טהיר אָפען.

פאַר אלעם האָב איך מיך געלאָזט געהן צו די מאַסלאָבאָיעווס.

די מאסלאבאיעווס האב איך ניט געטראָפּען אין דער היים, ניט איהם, ניט אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא. נאָכדעם ווי איך האב זיי איבער־געלאָזט א צעטעלע, אין וועלכען איך האב זיי געלאָזט וויסען וועגען דער נייער צרה און זיי געבעטען, אז אויב נעלי וועט קומען צו זיי זאָ־לען זיי מיר גלייך לאָזען וויסען, בין איך אוועק צום דאָקטאר; דער איז אויך ניט געווען אין דערהיים, די דיענסט האט מיר געלאָזט ווי־סען, אז אויסער דעם ערשטען מאָל איז זי דאָ מעהר ניט געווען. וואס איז געווען צו טהאָן? איך בין אוועק צו דער בובנאָווא און בין געוואר געווארען פון דער בעקאנטער גרעבערקע, אז די בעל הבית'טע זיצט פאר עפּעס פון נעכטען אָן ביי דער פּאָליציי, און נעלי'ן האט מען דארט פון ד א מ א ל ס א ן ניט געזעהען. א מיעדער, א פאר־מאטערטער בין איך ווידער אוועקגעלאָפען צו די מאָסלאָבאָיעווס: דער אייגענער ענטפער: ס'איז קיינער ניט געוועזען און זיי אליין זיינען נאָך ניט צוריקגעקומען. מיין צעטעלע איז געלעגען אויפ'ן טיש. וואס האב איך געקענט טהאָן?

מיט א פּיינליכער בענקשאפט האב איך מיך אומגעקעהרט אהיים שפּעט אין אָווענד. איך האב בעדאַרפט דעם אָווענט צו זיין ביי נאטאַ־שאַ'ן; זי האט מיך אליין גערופען צו זיך נאָך אין דער פריה. נאָר איך האב אפילו גאר ניט געגעסען יענעם טאָג. דער געדאנק וועגען נעלי האט מיר צוטרייסעלט מיין גאנצע נשמה. וואס זשע איז דאָס אזוינס? — האב איך געטראכט. — זאל דאָס זיין אזא מין אויסגאנג פון איהר קראנקהייט? צי איז זי ניט אמאָל משוגע, אדער זי ווערט משוגע? אבער, גאָט מיינער, — וואו איז זי איצטער, וואו וועל איך זי געפי־נען!

ווי נאָר איך האב דאָס ארויסגערעדט, האב איך פּלוצלונג דערזע־הען נעלי, עטליכע טריט פון מיר, אויף דעם וו־־ער בריק. זי איז גע־שטאַנען ביי א לאמטערן און האט מיך ניט געזעהען. איך האב געוואָלט צולויפען צו איהר, נאָר איך האב מיך אבגעשטעלט: „וואס קען זי דאָ טהאָן?" האב איך געטראכט א פארוואונדערטער און, זייענדיג זיכער, אז איך וועל זי שוין איצטער מעהר ניט פארלירען, האב איך בעשלאָ־סען צו ווארטען און זעהען וואס זי טהוט. א מינוט צעהן זענען פארביי, זי איז אלץ געשטאַנען, קוקענדיג אויף די פארבייגעהער. צום סוף איז פארבייגעגאַנגען א גוט געקליידעטער אלטיטשקער און נעלי איז צוגע־

גאַנגען צו איהם; יענער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט, נאָר ער האָט עפּעס אַרויסגענומען פון קעשענע און איהר דערלאַנגט. זי האָט זיך פאַר איהם פאַרנייגט. איך קען ניט אויסדריקען, וואָס איך האָב דער־פיהלט אין דעם אויגענבליק. מיין האַרץ האָט זיך פּיינליך צוזאַמענ־געדריקט; אַזוי ווי עפּעס טייערס, וואָס איך האָב ליעב געהאַט, גע־צערמעלט און פאַרנעטערט, וואָלט באַליידיגט און בעשפּיגען געוואָרען פאַר מיר אין דער מינוט, נאָר אין דער אייגענער צייט האָבען זיך טרע־רען אַ גאַס געטהאַן פון מיינע אויגען.

יאָ, טרערען פאַר דער אָרעמער נעלי, כאָטש איך האָב אין דער אייגענער צייט געפיהלט אַן אונבעזיעגבאַרען צאָרן: זי האָט ניט אויס נויט געבעטעלט; זי איז ניט געווען קיין אוועקגוואָרפענע, קיין פאַר־לאָזענע פון אימיצען: זי איז ניט אַנטלאָפען פון קיין מענשען, וואָס האָבען זי שרעקליך אונטערדריקט, נאָר פון איהרע פריינד, וואָס האָ־בען זי ליעב געהאַט און גוט בעהאַנדעלט. זי האָט אַזוי ווי געוואָלט אימעצען איבעראַשען אָדער איבערשרעקען מיט דעם וואָס זי טהוט; אַזוי ווי זי וואָלט זיך בערימט פאַר אימעצען; נאָר עפּעס בעהאַל־טענעס צייטיגעס איז אין איהר נשמה... יאָ, דער אַלטער איז גערעכט געווען; זי איז באַליידיגט, איהר וואונד האָט זיך ניט געקענט פאַר־היילען, און זי האָט זיך אַזוי ווי אומיסטען בעמיהט צו עפענען די וואונד מיט דער בעהאַלטענקייט, מיט דעם ניט צוטרוי צו אונז אַלע: אַזוי ווי זי וואָלט זיך בעפרידיגט אַליין מיט איהר וועהטאָג, מיט דעם ע ג אָ א י ז ם פ ו ן ל י י ד ע ן, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריי־קען. דאָס פאַר'סמ'ען איהר אייגענעם וועהטאָג און דאָס בעפריעדיגען זיך דערמיט איז מיר געווען פאַרשטענדליך: דאָס איז די בעפריעדי־גונג פון אַ סך ערנידריגטע און באַליידיגטע, אַזעלכע וואָס דאָס מזל האָט צוגעדריקט און וועלכע אַנערקענען אין זיך די אונגערעכטיגקייט פון'ם מזל. אַבער אויף וואָס פאַר אַן אונגערעכטיגקייט פון אונז האָט זיך נעלי געקענט בעקלאָגען? זי האָט אונז אַזוי ווי געוואָלט איבעראַ־שען און איבערשרעקען מיט איהרע טהאַטען, מיט איהרע קאַפּריזען און ווילדע קונצען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אויך אין אמת פאַר אונז בע־ריהמט... אַבער ניין! זי איז איצטער אַליין, קיינער פון אונז זעהט ניט. אַז זי האָט געבעטען אַ נדבה. איז דען מעגליך, אַז זי זאָל אַליין פאַר זיך

האבען געפונען א בעפריעדיגונג אין דעם? צו וואס דארף זי א נדבה, צו וואס דארף זי געלט?

ווען זי האט בעקומען איהר נדבה, איז זי אראב פון דער בריק און איז צוגעגאנגען צו די ליכטיג בעלויכטענע פענסטער פון א געשעפט. דא האט זי גענומען איבערצעהלען וואס זי האט בעקומען: איך בין געשטאנען א צעהן טריט פון ווייטען. געלט האט זי שוין געהאט אין דער האנט געגוג; הפנים, זי האט פון דער פריה אן געבעטען. צונויפדריקענדיג דאס געלט אין דער האנט איז זי אריבערגעגאנגען די גאס און איז אריין אין א געוועלבעל. איך בין גלייך צוגעגאנגען צו דער טהיר פונ'ם געוועלבעל, וואס איז געווען אויפגעפראלט, און איך האב געקוקט: וואס וועט זי דארטען טהאן?

איך האב געזעהען, אז זי האט אנידערגעלעגט אויפ'ן בופעט דאס געלט און מען האט איהר דערלאנג א שאל, אן איינפאכע שאל אויף טהיי, א זעהר עהנליכע אויף דער, וואס זי האט ניט לאנג צוריק צערבראכען, צו ווייזען מיר און איכמעניעוו'ן וואס פאר א שלעכטע זי איז. די שאל האט געקאסט אפשר א פופצעהן קאפיקעס, און אפשר אפילו וועניגער. דער סוחר האט עס איינגעוויקעלט אין א פאפיר, האט עס פארבונדען און דערלאנגט נעלי'ן, וועלכע איז געשווינד און מיט א צופריעדענעם אויסזעהן ארויס פונ'ם געוועלביל.

— נעלי! — האב איך א געשריי געטהאן, ווען זי איז צוגעקומען נעבען מיר: — נעלי!

זי האט אויפגעציטערט, א קוק געטהאן אויף מיר, די שאל האט זיך ארויסגעגליטשט פון איהרע הענט, איז אראבגעפאלען אויפ'ן טראטואר און האט זיך צובראכען. נעלי איז בלייך געווען; נאר א קוק טהוענדיג אויף מיר און זייענדיג איבערצייגט, אז איך האב אלץ געזעהען און וויים אלץ, איז זי פלוצלונג רויט געווארען; די פארב האט ארויסגעוויזען א פייניגליך געפיהל פון שאנד, וואס זי האט ניט געקענט בייקומען. איך האב זי אנגענומען ביי דער האנט און זי אהיים געפיהרט; צו געהן איז געווען ווייט. מיר האבען קיין איינציג ווארט ניט ארויסגערעדט אויפ'ן וועג. אהיימקומענדיג האב איך מיך אנידערגעזעצט; נעלי איז געשטאנען פאר מיר, א פארטראכטע און דערשלאגענע, בלייך אזוי ווי פריהער, מיט די אויגען אראבגעלאזט צו דער ערד. זי האט ניט געקענט קוקען אויף מיר.

— נעלי, דו האָסט געבעטען אַ נדבה?

— יאָ! — האָט זי אַרויסגעמורמעלט און נאָך שטאַרקער אַראָבגעלאָזט די אויגען.

— דו האָסט געוואָלט אַנזאַמלען געלט, אַבצוקויפען די שאַל, וואָס דו האָסט ניט לאַנג צובראָכען?

— יאָ....

— אָבער האָב איך עס דען דיר פאַרגעוואָרפען, האָב איך דען דיר עפּעס בעזאָגט פאַר דער שאַל? זעהסטו דען ניט, נעלי, וויפיעל שלעכטסקייט, וויפיעל זעלבסטצופריעדענע שלעכטסקייט עס איז דאָ אין דעם וואָס דו טהוסט? איז דאָס גוט? צי איז עס דיר דען ניט קיין שאַנד? צי...

— אַ שאַנד... — האָט זי אַרויסגעמורמעלט מיט אַ שטילער שטים, און אַ קליינע טרער האָט זיך אַראָבגעקאַלערט פון איהר באַק.

— אַ שאַנד... — האָב איך איבערגע׳חזר׳ט נאָך איהר: — נעלי, ליעבע, אויב איך בין שולדיג געגען דיר, פאַרגיב מיר און לאָמיר זיך איבערבעטען.

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר, טרערען האָבען אַ שפּריץ געטהאָן פון איהרע אויגען, און זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו מיר אויף דער ברוסט.

אין דער מינוט איז אַריינגעלאָפען אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ.

— וואָס! זי איז אין דערהיים? ווידער? אוי, נעלי, נעלי, וואָס טהוט זיך עס מיט דיר? נו, יאָ, גוט, וואָס זי איז כאָטש אַמוועניגסטענס אין דערהיים... וואו האָט איהר זי געפונען איוואַן פּיעטראָוויטש?

איך האָב אַ וואונק געטהאָן צו אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ, אַז זי זאָל ניט אויספרעגען און זי האָט מיך פאַרשטאַנען. איך האָב מיך צערטליך געזעגענט מיט נעלי׳ן, וועלכע האָט נאָך אַלץ ביטער געוויינט און האָב געבעטען די גוטע אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ צו זיצען מיט איהר ביז איך וועל צוריקקומען, און אַליין בין איך אַוועקגעלאָפען צו נאַטאַשאַ׳ן. איך האָב פאַרשפּעטיגט און האָב מיך געאיילט.

אין יענעם אָוענט איז אונזער גורל בעשטימט געוואָרען: מיר האָבען געהאַט זעהר פיעל איבערצורעדען, איך און נאַטאַשאַ. נאָר איך

האב דאך אריינגעדרעהט א ווארט וועגען נעלי און האב איהר דער־צעהלט אלץ, וואס האט זיך געטראפען מיט אלע איינצעלהייטען. מיין ערצעהלונג האט זעהר פאראינטערעסירט נאטאשא'ן און אפילו גע־מאכט א שטארקען איינדרוק אויף איהר.

— ווייסטו וואס, וואניא, — האט זי זיך אנגערופען נאך א קור־צען טראכטען: — מיר דאכט זיך, זי האט דיך ליעב.

— וואס... וואס מיינסטו? — האב איך געפרעגט א פארוואונ־דערטער.

— יא, דאס איז דער אנהויב פון ליעבע, פון פרויען־ליעבע...

— וואס רעדסטו, נאטאשא, הער אויף! זי איז דאך א קינד!

— וואס ווערט אין גיכען פערצעהן יאהר אלט. דאס איז זי פאר־ביטערט דערפאר וואס דו פארשטעהסט ניט איהר ליעבע. און זי, קען זיין, פארשטעהט זיך אליין ניט; א פארביטערונג, אין וועלכער עס איז פארהאן א סך קינדישקייט, ערנסטקייט און פיין. די הויפטזאך — זי איז אייפערזיכטיג אויף דיר דורך מיר. דו האסט מיך אזוי ליעב, אז אין דערהיים זארגסטו דיך מסתמא אויך וועגען מיר אליין, רעדסט און טראכסט און דערפאר לעגסטו אויף איהר ווייניג אכט. זי האט דאס בעמערקט און עס טהוט איהר וועה דערפאר. זי וויל אפשר רעדען מיט דיר, זי פיהלט א נויטווענדיגקייט צו עפנען פאר דיר איהר הארץ, און קען ניט, שעהמט זיך, פארשטעהט זיך אליין ניט,ווארט א געלע־גענהייט, און דו, אנשטאט צו פארשנעלערען די געלעגענהייט, דער־ווייטערסטו דיך פון איהר, אנטלויפסט פון איהר צו מיר און אפילו, ווען זי איז קראנק געווען, האסטו זי אויף גאנצע טעג איבערגעלאזט אליין. און וועגען דעם וויינט זי: דו פעהלסט איהר און מעהר פון אלץ טהוט איהר וועה, וואס דו בעמערקסט דאס ניט. דו האסט זי אט איצטער, אין אזא מינוט, אויך איבערגעלאזט אליין צוליעב מיר. און זי וועט מארגען קראנק זיין דערפון. און ווי אזוי האסטו זי געקענט איבערלאזען? געה צו איהר געשווינדער...

— איך וואלט זי טאקע ניט איבערגעלאזט, נאר...

— נו, יא, איך האב דיך אליין געבעטען צו קומען. און איצטער געה.

— איך געה, נאר זעלבסטפערשטענדליך, איך גלויב דערפון קיין זאך ניט.

— דערפאר, ווייל דאס איז ניט אזוי ווי ביי אנדערע. דערמאן

דיך איהר געשיכטע, בעגרייף אלץ, און דו וועסט גלויבען. זי איז אויפ־געוואקסען ניט אזוי ווי איך מיט דיר...

צוריקגעקומען בין איך דאך שפּעט. אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא האָט מיר דערצעהלט, אז נעלי האָט ווידער, אזוי ווי אין יענעם אָוענד, זעהר א סך געוויינט, און איז אזוי איינגעשלאָפען אין טרע־רען". אזוי ווי דאמאָלס. — און איצטער וועל איך שוין אוועקגעהן, איוואן פּיעטראָוויטש, אזוי האָט מיך פיליפּ פיליפּיטש געהייסען. ער וואַרט, נעבעך, אויף מיר.

איך האָב איהר געדאנקט און מיך געזעצט ביי נעלי'ן צוקאָפּענס. מיר איז אליין שווער געווען, וואָס איך האָב זי געקענט איבערלאָזען אין אזא צייט. לאנג, ביז אין דער טיעפער נאכט אריין בין איך גע־זעסען איבער איהר און געטראכט... א צייט פון שיקזאל איז דאָס געווען.

נאָר מען דארף דערצעהלען, וואָס עס איז געשעהען אין די צוויי וואָכען...

## פינפטער קאַפּיטעל.

ביז צו דעם אָוענד, וואָס איך וועל אייביג געדענקען, וועלכע איך האָב פאַרבראכט מיט דעם קניאז אין ב.'ס רעסטאָראַנט, האָב איך מיך עטליכע טעג דורכאנאנד געשראקען פאַר נאַטאַשאַ'ן. „מיט וואָס האָט איהר דער פאַסקודנער קניאז געסטראשעט און מיט וואָס איי־גענטליך האָט ער זיך געוואָלט נוקם זיין אן איהר?" — האָב איך מיך אליין געפרעגט יעדע ווייל און האָב מיך פאַרלוירען אין פאַרשיעדענע נאָכקלערענישען. איך בין, ענדליך, געקומען צום בעשלוס, אז זיינע סטראשונקעס זיינען ניט קיין אונזין, ניט קיין פּלאַפּלעריי, און אזוי לאנג ווי זי לעבט מיט אליאָשא'ן האָט איהר דער קניאז ווירקליך גע־קענט אנטהאָן א סך אונאנגענעמליכקייטען ער איז קליינליך, נקמה'־דיג, שלעכט און אויסגערעכענט. — האָב איך געטראכט. שווער, אז ער זאָל קענען פאַרגעסען א באַליידיגונג און זאָל זיך ניט בענוצען מיט שום א געלעגענהייט זיך נוקם צו זיין. יעדענפאַלס האָט ער מיר אנ־

געוויזען אויף איין פונקט אין דער גאנצער זאך און האט זיך ארויסגעזאגט וועגען דעם פונקט גענוג קלאר: ער האט פעסט געפאדערט אז אליאשא מיט נאטאשא'ן זאלען זיך צושיידען, און ער האט ערווארט פון מיר, אז איך זאל זי צוגרייטען צו א נאהנטער צושיידונג און אזוי צוגרייטען, אז עס זאלען ניט זיין קיין „סצענעס מיט קיין קלאגליעדער". פארשטעהט זיך, אז ער האט זיך אלץ מעהר בעמיהט, אז אליאשא זאל בלייבען מיט איהם צופריעדען און זאל איהם ווייטער רעכנען פאר א צערטליכען פאטער: און דאס האט ער זעהר נויטיג בעדארפט כדי עס זאל איהם זיין דערנאך זעהר בעקוועם צו בעל־הבית'עווען מיט קאטיא'ס געלט. און אזוי, איז מיר פארגעשטאנען צוצוגרייטען נאטאשא'ן צו דער נאהנטער צושיידונג. נאר אין נאטאשא'ן האב איך בעמערקט א שטארקע ענדערונג; פון איהר פריהריגער אפענהערציגקייט מיט מיר איז שוין קיין זכר ניט געוועזען; נאך וועניג דאס, זי איז עפעס געווארען צו מיר אזוי, ווי זי וואלט קיין צוטרוי ניט געהאט. מיין טרייסטען האט זי בלויז געפייניגט; מיינע פראגען האבען זי אלץ מעהר און מעהר פערדראסען, זי אפילו בייז געמאכט. איך פלעג ביי איהר זיצען און קוקען אויף איהר! זי געהט, מיט פארלעגטע הענט, איבער'ן צימער פון איין ווינקעל אין אנדערען, א פאראומערטע, א בלייכע, אזוי ווי זי וואלט זיך פארגעסען, פארגעסענדיג אפילו, אז איך בין דא, נעבען איהר. און ווען עס איז איהר אויסגעקומען א קוק צו טהאן אויף מיר (זי האט אפילו מיינע בליקען אויסגעמיעדען), האט אן אומגעדולדיגער פארדרוס פלוצלונג דורכגעשיינט אויף איהר פנים, און זי האט זיך האסטיג אומגעדרעהט. איך האב פארשטאנען, אז זי האט אליין בעטראכט עפעס איהרען אן אייגענעם פלאן, וועגען דער נאהנטער צושיידונג. וואס איהר איז פארגעשטאנען. און האט זי דאס געקענט דען אהן וועהטאג, אהן ביטערקייט בעטראכטען? און איך בין געוועזען איבערצייגט, אז זי איז שוין געוועזען ענטשלאסען אויף א צושיידונג. נאר דאך האט מיך געפייניגט און גשראקען איהר פאראומערטע פארצווייפלונג. דערצו נאך, רעדען מיט איהר, טרייסטען זי האב איך טיילמאל ניט געוואגט, און דערפאר האב איך מיט שרעק ערווארט מיט וואס דאס וועט זיך ענדיגען.

און וואס אמבעלאנגט דעם, וואס זי האט זיך אזוי שטרענג און ניט צוטריטליך געהאלטען געגען מיר, איז חאטש דאס האט מיך בע־

אומרוהיגט, כאָטש עס האָט מיך געפּייניגט, בין איך אָבער געווען איי־
בערצייגט אין מיין נאַטאַשאַ'ס האַרץ: איך האָב געזעהען, אַז עס איז
איהר זעהר שווער און אַז זי איז געווען צופיעל צורודערט. יעדע זייר־
טיגע אַריינמישונג האָט דערוועקט אין איהר פאַרדרוס, כעס. אין אַזאַ
פאַל ווערט אונז אַלץ פאַרדראָסיגער דאָס אַריינמישען זיך פון נאָהנטע
פריינד, וועלכע ווייסען אונזערע סודות. נאָר איך האָב אויך זעהר גוט
געוואוסט, אַז אין דער לעצטער מינוט וועט נאַטאַשאַ ווידער קומען
צו מיר און וועט ביי מיר אין האַרץ זוכען אַ פאַרלייכטערונג פאַר זיך.

ווענען מיין געשפּרעך מיט'ן קניאַז האָב איך איהר, פאַרשטעהט
זיך, גאָרנישט געזאָגט: מיין ערצעהלונג וואָלט זי נאָר אויפגערעגט
און נאָך מעהר צורודערט. איך האָב איהר בלויז געזאָגט אַזוי, פאַר־
בייגעהענדיג, אַז איך בין געווען מיט'ן קניאַז ביי דער גרעפין און
האָב מיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ שרעקליכער פאַדלעץ. נאָר זי האָט
אפילו גאָרנישט געפרעגט ווענען איהם, מיט וואָס איך בין געווען
זעהר צופריעדען: דערפאַר האָט זי זשעדנע אויסגעהערט אַלץ וואָס
איך האָב איהר דערצעהלט ווענען מיין זעהונג מיט קאַטיאַ'ן. אויסהע־
רענדיג, האָט זי ווענען איהר אויך גאָרנישט געזאָגט, נאָר אַ פאַרב
האָט בעדעקט איהר בלייך פּנים, און כמעט יענעם גאַנצען טאָג איז זי
געווען בעזונדערס אויפגערעגט. איך האָב קיין זאַך ניט בעהאַלטען
ווענען קאַטיאַ'ן און האָב מיך מודה געווען, אַז אפילו אויף מיר האָט
קאַטיאַ געמאַכט אַ אויסגעצייכענטען איינדרוק. און צו וואָס האָט מען
דאָס בעדאַרפט בעהאַלטען? נאַטאַשאַ וואָלט דאָך געטראָפען, אַז איך
בעהאַלט, און זי וואָלט נאָר ברוגז געוואָרען אויף מיר דערפאַר, און
דערפאַר האָב איך אומיסטען דערצעהלט ווי מעגליך גענויער, און זיך
בעמיהט צו פאַרלויפען אַלע איהרע פראַגען, נאָך מעהר דערפאַר, ווייל
איהר אַליין איז אין איהר לאַגע שווער געווען מיך אויסצופרעגען:
איז דען ווירקליך לייכט, אונטער'ן אויסזעהען פון גלייכגילטיגקייט
זיך אויסצופרעגען ווענען די מעלות פון דער נעגנערין?

איך האָב געמיינט, אַז זי ווייסט נאָך ניט אַז אַליאָשאַ האָט אויף
דעם פעסטען בעפעהל פון'ם קניאַז, בעדאַרפט באַלייטען די גרעפין און
קאַטיאַ'ן אין דאָרף אַריין, און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי איהר דאָס
אויפצודעקען, אַז ער זאָל עס איהר אַזוי ווייט ווי מעגליך ווייכער מאַ־
כען. אָבער ווי גרויס איז געווען מיין ערשטוינונג, ווען נאַטאַשאַ האָט

מיך ביי מיינע ערשטע ווערטער אבגעשטעלט און געזאגט, אז עס איז נישטא וואס זי צו טרייסטען, אז עס איז שוין פינף טעג, ווי זי ווייסט וועגען דעם.

— גאט! — האב איך א געשריי געטהאן: — ווער האט עס דיר דען געזאגט?

— אליאשא.

— וואס? ער האט עס שוין געזאגט?

— יא, איך בין אויף אלעם ענטשלאסען, וואניא, — האט זי צו־געגעבען מיט אזא אויסזעהען, וואס האט קלאר און אזוי ווי אומגע־דולדיג מיך געווארענט, אז איך זאל אפילו ווייטער ניט רעדען וועגען דעם.

אליאשא איז געווען אפט געקומען צו נאטאשא׳ן נאר אלץ אויף א מינוט; איין מאל נאר איז ער געזעסען ביי איהר עטליכע שעה דורכאנאנד; נאר דאס איז געווען אהן מיר. אריינגעקומען איז ער גע־ווענליך אן אומעטיגער; געקוקט אויף איהר ניט דרייסט און צערט־ליך; נאר נאטאשא האט אזוי צערטליך, אזוי ליעב איהם בעגעגענט, אז ער האט באלד אלץ פערגעסען און איז פרעהליך געווארען. צו מיר האט ער אויך אנגעהויבען צו קומען זעהר אפט, כמעט יעדען טאג. אמת, ער האט זיך זעהר געפלאגט, נאר ער האט קיין איינציגע מינוט ניט געקענט בלייבען מיט זיין בענקשאפט און איז יעדע מינוט גע־קומען צו לויפען צו מיר נאך טרייסט.

וואס האב איך איהם געקענט זאגען? ער האט מיר פארגעווארפען אז איך בין קאלט, אז איך בין גלייכגילטיג, אפילו אז איך בין שלעכט צו איהם; ער האט געבענקט, געוויינט, איז אוועקגעגאנגען צו קאַ־טיא׳ן און האט זיך שוין דארטען געטרייסט.

דעם אייגענעם טאג, וואס נאטאשא האט מיר געלאזט וויסען, אז זי ווייסט וועגען דעם אוועקפאהרען (דאס איז געווען אומגעפעהר א וואך נאך מיין שמועס מיט׳ן קניאז), איז ער אריינגעלאפען צו מיר א פארצווייפעלטער, האט מיך ארומגענומען, איז מיר געפאלען אויף דער ברוסט און האט זיך צעוויינט ווי א קינד. איך האב געשוויגען און גע־ווארט וואס ער וועט זאגען.

— איך בין א געמיינער, נידערטרעכטיגער מענש, וואניא, — האט ער אנגעהויבען צו מיר: — ראטעווע מיך פון מיר אליין, איך

ווייז ניט דערפאר וואס איך בין נידעריג און געמיין, נאר דערפאר, וואס דורך מיר וועט נאטאשא זיין אומגליקליך. איך לאז זי דאך איבער אן אומגליקליכע... וואניא, מיין פריינד, זאג מיר, בעשליעס דו פאר מיר, וועמען פון זיי האב איך מעהר ליעב: קאטיא'ן צי נאטאשא'ן?

— דאס קען איך ניט בעשליעסען, אליאשא, — האב איך געענט־פערט: — דו דארפסט עס בעסער וויסען פון מיר...

— ניין, וואניא, ניט דאס; איך בין דאך ניט אזא נאר צו שטע־לען אזעלכע פראגען; אבער דאס איז עס דאך, וואס איך אליין ווייס דא גארנישט. איך פרעג מיך אליין און קען ניט ענטפערען. און דו קוקסט פון דער זייט און ווייסט אפשר מעהר פון מיר... נו, אויב דו ווייסט אפילו ניט, טא זאג, ווי ווייזט זיך דיר אויס?

— מיר דאכט זיך, אז דו האסט קאטיא'ן ליעב מעהר.

— אזוי דאכט זיך דיר! ניין, ניין, איך זאג דיר, ניין! דו האסט גארנישט געטראפען. איך האב נאטאשא'ן ליעב אהן א גרעניץ. איך קען זי פאר קיין זאך אין דער וועלט, קיינמאל ניט פארלאזען; איך האב דאס קאטיא'ן אויך געזאגט, און קאטיא איז מיט מיר פאלשטענ־דיג איינשטימיג. וואס זשע שווייגסטו? אט האב איך געזעהען, דו האסט נארוואס געשמייכעלט. אי, וואניא, דו האסט מיך קיינמאל ניט געטרייסט, ווען מיר איז צו שווער געווען, אזוי ווי איצטער... זיי גע־זונט!

ער איז ארויסגעלאפען פון צימער, איבערלאזענדיג א שטארקען איינדרוק אויף דער פארוואונדערטער נעלי, וועלכע האט שווייגענדיג אויסגעהערט אונזער געשפרעך. זי איז נאך דאמאלס קראנק געווען, איז געלעגען אין בעט און האט איינגענומען מעדיצין. אליאשא האט מיט איהר קיינמאל ניט גערעדט און ווען ער איז געקומען, האט ער זיך אויף איהר כמעט ניט אומגעקוקט.

אין צוויי שעה ארום איז ער ווידער געקומען, און איך האב מיך פארוואונדערט איבער זיין פרעהליך פנים. ער האט זיך ווידער גע־ווארפען צו מיר אויפ'ן האלז און מיך ארומגענומען.

— געענדיגט די זאך! — האט ער א געשריי געטהאן: — אלע מיספארשטענדנישען זענען געענדיגט. פון אייך בין איך גלייך אוועק צו נאטאשא'ן: איך בין געווען צורודערט, איך האב ניט געקענט זיין אהן איהר. אריינגעהענדיג, בין איך געפאלען פאר איהר אויף די קני־

הען און האב געקושט איהרע פיס: איך האב דאס געמוזט, איך האב עס געוואלט: אהן דעם וואלט איך געשטארבען פון בענקשאפט. זי האט מיך שווייגענדיג ארומגענומען און האט זיך צעוויינט. דא האב איך איהר גלייך געזאגט, אז איך האב קאטיא'ן ליעב מעהר פון איהר...

— וואס זשע האט זי געזאגט?

— זי האט גאר ניט געענטפערט, נאר זי האט מיך געצערטעלט און געטרייסט, — מיך, וועלכער האט איהר דאס געזאגט! זי קען טרייסטען, איוואן פיעטראוויטש! א, איך האב אויסגעוויינט פאר איהר אלע מיינע צרות, אלץ האב איך פאר איהר ארויסגעזאגט. איך האב אפען געזאגט, אז איך האב זעהר ליעב קאטיא'ן, נאר אז ווי איך זאל זי ניט ליעב האבען און ווענען איך זאל ניט ליעב האבען, קען איך מיך דאך אהן איהר, אהן נאטאשא'ן, ניט בעגעהן און וועל שטארבען. יא, וואניא, א טאג וועל איך אהן איהר ניט איבערלעבען, איך פיהל דאס, יא! און דערפאר האבען מיר בעשלאסען גלייך חתונה צו האבען: און אזוי ווי פאר'ן אבפאהרען קען מען דאס ניט טהאן, ווייל עס איז איצט דער גרויסער פאסט און קיינער וועט איצטער די חתונה ניט וועלען מאכען, איז שוין נאך מיין צוריקקומען, און דאס וועט זיין ארום דעם ערשטען יוני. דער פאפא וועט דאס ערלויבען, אין דעם איז קיין צווייפעל נישטא. און וואס אמבעלאנגט קאטיא'ן, איז וואס זשע איז דא אזוינס? איך קען דאך ניט לעבען אהן נאטא־שא'ן... מיר וועלען חתונה האבען און מיר וועלען אויך פאהרען דארט אהין, וואו קאטיא איז...

ארעמע נאטאשא! ווי עס האט איהר געמוזט זיין אויפ'ן הארץ צו טרייסטען דאס אינגעל, זיצען איבער איהם, אויסצוהערען זיין ודוי און אויסצוטראכטען פאר איהם, דעם נאאיווען עגאאיסט, אום איהם צו בערוהיגען, א מעשה וועגען א גיכער חתונה. אליאשא האט זיך ווירקליך בערוהיגט אויף עטליכע טעג. ער איז אייגענטליך געלאפען צו נאטאשא'ן צוליעב דעם, וואס זיין שוואך הארץ איז ניט געווען בכח אליין די צרות איבערצוטראגען. נאר דאך ווען די צייט פון צושיידען זיך האט זיך דערנעהנטערט, איז ער ווידער געווארען אונרוהיג, האט געוויינט, און איז ווידער געקומען צולויפען צו מיר און האט אויסגעוויינט זיינע צרות. די לעצטע צייט איז ער געווארען אזוי צוגעבונדען צו נאטאשא'ן, אז ער האט זי אפילו אויף קיין איינ־

ציגען טאָג ניט געקענט איבערלאָזען, ניט נאָר אויף אנדערטהאַלבען חדשים. ער איז אָבער דאָך געווען פאָלשטענדיג איבערציינגט ביז צו דער לעצטער מינוט, אז ער לאָזט זי איבער בלויז אויף אנדערטהאַלבען חדשים און אז נאָך זיין צוריקקומען וועט פארקומען זייער חתונה. וואָס אמבעלאנגט נאַטאַשאַ'ן ווידער, האָט זי גאנץ גוט פארשטאַנען, אז איהר גאַנצער גורל ענדערט זיך, אז אליאָשאַ וועט זיך שוין איצטער קיינמאָל צו איהר ניט אומקעהרען, און אז אזוי דאַרף זיין.

דער טאָג פון זייער צושיידונג איז אָנגעקומען. נאַטאַשאַ איז געווען קראַנק, — אַ בלייכע, מיט אַן אויסזעהען פון היץ, מיט פאַרברענטע ליפּען. האָט זי פון צייט צו צייט גערעדט אליין מיט זיך, פון צייט צו צייט האַסטיג און פעסט אַ קוק געטהאָן אויף מיר, האָט ניט געוויינט, ניט געענטפערט אויף מיינע פראַגען און האָט אויפגעציטערט, ווי אַ בלעטעל אויפ'ן בוים, ווען עס האָט זיך דערהערט אליאָשאַ'ס קלינגעדיגע שטים, ביי זיין אריינקומען. זי האָט אויפגעפלאַמט ווי די רויטקייט אויפ'ן הימעל און האָט זיך געאיילט צו איהם; האָט איהם ציטעריג ארומגענומען, איהם געקושט, געלאַכט... אליאָשאַ האָט זיך איינגעקוקט אין איהר, האָט טיילמאָל מיט אונרוהיגקייט אויסגעפרעגט, צי איז זי געזונט, האָט זי געטרייסט, אז ער פאָהרט אוועק ניט אויף לאַנג, אז דערנאָך איז זייער חתונה: נאַטאַשאַ האָט געמאַכט אָפענע אָנשטרענגונגען, האָט זיך אליין בעצווינגען און דערשטיקט איהרע טרערען. זי האָט ניט געוויינט פאַר איהם.

איינמאָל האָט ער אָנגעהויבען רעדען וועגען דעם, אז מען דאַרף איהר איבערלאָזען געלט אויף דער גאנצער צייט פון זיין אָבפאָהרען, און אז זי זאָל ניט זאָרגען, דערפאַר ווייל דער פאָטער האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען אַ סך אויף דער רייזע. נאַטאַשאַ'ס פּנים האָט זיך פארוואָלקענט. און ווען מיר זיינען געבליבען אליין אין צווייען, האָב איך איהר געלאָזט וויסען, אז איך האָב פאַר איהר *הונדערט און פופציג* רובעל אויף יעדען פאַל. זי האָט ניט געפרעגט, פון וואַנען דאָס געלט איז. דאָס איז געווען צוויי טעג פאַר אליאָשאַ'ס אוועקפאָהרען און אַ טאָג פאַר דעם ערשטען און לעצטען זעהען זיך פון נאַטאַשאַ'ן מיט קאַטיאַ'ן. קאַטיאַ האָט געשיקט מיט אליאָשאַ'ן אַ צעטעלע, אין וועלכען זי האָט געבעטען נאַטאַשאַ'ן, אז זי זאָל איהר ערלויבען זי צו בעזוכען מאָרגען; דערביי האָט זי אויך געשריבען צו

מיר: זי האט מיך אויך געבעטען צו זיין דערביי ווי זיי וועלען זיך זעהען.

איך האב בעשלאסען אומבעדינגט צו זיין צוועלף אזייגער (די שעה וואס קאטיא האט בעשטימט) ביי נאטאשא׳ן, ניט קוקענדיג אויף קיין שום שטערונג: און זארג מיט שטערונגען זענען געווען א סך. שוין ניט רעדענדיג וועגען נעלי׳ן, האב איך די לעצטע צייט געהאט זעהר א סך זארג ביי די איכמעניעוו׳ס.

די זארגען האבען זיך אנגעהויבען נאך מיט א וואך צוריק. אננא אנדרעיעוונא האט נאך מיר געשיקט אין איין פריהמארגען מיט א ביטע, אז איך זאל אליץ אוועקווארפען און זאל גלייך קומען צו איהר שנעל וועגען א זעהר וויכטיגער זאך, וואס מען קען אויף קיין רגע ניט אבלעגען. ווען איך בין געקומען צו איהר האב איך זי געטראפען אליין: זי איז אומגעגאנגען איבער׳ן צימער אינגאנצען אין פיעבער פון אויפרעגונג און שרעק, ערווארטענדיג מיט א צימער ניקאלאי סערגעאיטש׳עס צוריקקומען. ווי געווענליך, האב איך פון איהר א לאנגע צייט ניט געקענט ארויסקריגען אין וואס עס געהט און וואס זי האט זיך אזוי דערשראקען, און דערווייל איז, ווייזט אויס, יעדע מינוט געווען טייער. נאך הייסע און ניט נויטיגע פארוואורפען: „פארוואס איך קום ניט און איך פארלאז זיי, ווי יתומים, אליין אין זייערע צרות, אזוי אז „גאט ווייסט, וואס אהן מיר קומט פאר,“— האט זי מיר ערקלערט, אז ניקאלאי סערגעאיטש, איז פאר די לעצטע דריי טעג געווען אזוי אויפגערעגט, אז מען קען עס גארנישט בעשרייבען“.

— ער איז גארנישט דער אייגענער מענש, — האט זי מיר געזאגט, — ביינאכט, אין היץ, אז איך זאל ניט הערען, בעט ער אויף די קניהען פאר׳ן הייליגען בילד, רעדט פון שלאף און ווען ער איז וואך געהט ער אום ווי צומישט: מען האט נעכטען געגומען עסען בארשט, קען ער דעם לעפעל געבען זיך ניט געפינען, פרעגסט איהם וועגען איין זאך, ענטפערט ער דיר וועגען עפעס אנדערש. יעדע מינוט געהט ער אוועק פון הויז: „אליץ וועגען געשעפטען, זאגט ער, געה איך, מען דארף זעהען דעם אדוואקאט“: און היינט אין דער פריה האט ער זיך גאר פארמאכט ביי זיך אין קאבינעט: „איך דארף, זאגט ער, שרייבען א נויטיג פאפיר וועגען דעם פראצעס“. נו, טראכט איך מיר,

וואָס פאַר אַ פּאַפּיר דאַרפסטו דאָרט שרייבען, אַז דו האָסט קיין לעַ־פּעל אויפ׳ן טיש ניט געקענט געפינען? נאָר איין שליסעל־לאָך האָב איך אריינגעקוקט: ער זיצט, שרייבט, און וויינט, אַז ער בעגיעסט זיך מיט טרערען. וואָס זשע, טראַכט איך, פאַר אַ געשעפטליכע פּאַפּירען שרייבט מען עס אזוי? איז איהם אפשר אזא שאַד אונזער איכמע־ניעווקע: הפּנים, אַז אונזער איכמעניעווקע איז שוין אינגאַנצען פאַר־פאַלען! און ווי איך טראַכט אזוי, שפּרינגט ער פּלוצלינג אויף פון בענקעל, און גיט אַ קנאַק די פעדער אויפ׳ן טיש, איז רויט געוואָרען, די אויגען פינקלען, האָט אַ כאַפּ געטהאָן דאָס היטעל און געהט ארויס צו מיר. „איך, זאָגט ער, אננא אנדרעיעוונא, וועל באַלד קומען". ער איז אוועק און איך לויף גלייך צו צו זיין שרייבטישעל: פּאַפּירען וועגען אונזער פּראָצעס ליעגען דאָרט ביי איהם אַ ים, אַז צוריהרען זיך צו זיי לאָזט ער מיך שוין ניט. וויפיעל מאָל איך בעט איהם: „לאָז מיך כאָטש איינמאָל די פּאַפּירען אויפהייבען, איך וואָלט דעם שטויב פון׳ם טישעל אַבגעווישט". וואו, ער שרייט, מאַכט מיט די הענט: אזוי נערוועז איז ער דאָ געוואָרען אין פּעטערבורג, אַ שרייער. בין איך אזוי צוגעגאַנגען צום טיש און געזוכט: וועלכעס פּאַפּיר האָט ער עס איצטער אָנגעשריבען? דערפאַר ווייל איך ווייס זיכער, אַז ער האָט זי מיט זיך ניט גענומען, און ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש, האָט ער עס ארונטערגערוקט אונטער אַנדערע פּאַפּירען. און אָט, טאַ־טעלע, איוואַן פּעטראָוויטש, וואָס איך האָב דאָרט געפונען, נאַ, זעה.

און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ בייגעלע בריעף־פּאַפּיר, האַלב פאַר־שריבען, נאָר אזוי פאַרפּאַטשקעט, אַז אין טייל ערטער איז ניט גע־ווען מעגליך איבערצולעזען.

אָרעמער אַלטער! פון די ערשטע שורות האָט מען געקענט פאַר־שטעהן, וואָס און צו וועמען ער האָט געשריבען. דאָס איז געווען אַ בריעף צו נאַטאַשאַ׳ן, צו זיין געליעבטער נאַטאַשאַ׳ן. ער האָט אָנגע־הויבען הייס און צערטליך; ער האָט זיך געווענדט צו איהר מיט אַ פאַרגעבונג און האָט זי גערופען צו זיך. עס איז שווער געווען ארויס־צוקלויבען זיך פון דעם גאַנצען בריעף, וואָס איז געווען אויפגעשריבען ניט גלייך און מיט אימפּעט, מיט אַ סך פלעקען. מען האָט נאָר גע־זעהן, אַז דאָס הייסע געפיהל, וואָס האָט איהם געצוואונגען צו כאַפּען די פען און אויפשרייבען די ערשטע, האַרציגע שורות, האָט שנעל, נאָך

אַט די שורות, זיך פאַרענדערט אין אַן אַנדער געפיהל: דער אַלטער האָט אָנגעהויבען דער טאָכטער צו מאַכען פאַרוואורפען, האָט איהר מיט העלע פאַרבען בעשריבען איהר פאַרברעכען, האָט איהר מיט צאָרן דערמאָנט איהר אייגענשפּאַרטקייט, האָט איהר פאַרגעוואָרפען, אַז זי האָט קיין געפיהל ניט, אַז זי האָט אפשר קיין איינציג מאָל ניט אַ טראַכט געטהאָן, וואָס זי האָט געטהאָן מיט'ן טאַטען און מיט דער מאַמען. פאַר איהר שטאָלץ האָט ער איהר געסטראַשעט מיט אַ שטראָף און מיט אַ קללה, און האָט געענדיגט מיט דער פאָדערונג, אַז זי זאָל באַלד און אונטערטעניג זיך אומקערען אַהיים און דאַמאָלס, דאַמאָלס ערשט, קען זיין, נאָך אַ אונטערטעניג, שעהן און ניי לעבען, „אין דיין אייגענער משפּחה", וועלען מיר זיך בעשליעסען דיר מוחל צו זיין. האָט ער געשריבען. מען האָט געזעהען, אַז דאָס אורשפּרינגליכע גרויסע געפיהל זיינס, האָט ער, נאָך עטליכע שורות, אָנגענומען פאַר אַ שוואַכקייט, האָט זיך גענומען שעהמען פאַר איהר, און צום סוף, דערפיהלענדיג די פּיין פון אַ באַליידיגטען שטאָלץ, האָט ער געענדיגט מיט כעס און מיט דראָהונג. די אַלטיטשקע איז געשטאַנען פאַר מיר, פאַרלעגט די הענט און האָט מיט שרעק ערוואַרט, וואָס איך וועל זאָגען נאָכ'ן איבערלעזען דעם בריעף.

איך האָב איהר אַלץ גלייך אַרויסגעזאָגט, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען. נעמליך: אַז דער אַלטער קען מעהר ניט לעבען אָהן נאַטאַשאַ'ן און אַז מען קען אויף זיכער זאָגען אַז עס איז נויטיג זיי זאָלען זיך אינגיכען איבערבעטען: נאָר אַז דאָך, הענגט אַלץ אָב פון די אומשטענדען. איך האָב איהר דערביי ערקלערט אַז איך שטוים מיך אָן, אַז ערשטענס, האָט איהם וואַרשיינליך דער שלעכטער רעזולטאַט פון'ם פּראָצעס שטאַרק צורודערט און אויפגעטרייסעלט, שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, אויף וויפיעל זיין אייגענליעבע איז געווען צורייצט פון דעם קניאַז'ס זיעג איבער איהם, און וויפיעל צאָרן עס האָט זיך אין איהם אויפגעוועקט ביי אַזאַ רעזולטאַט. אין אַזעלכע מינוטען קען זיך די נשמה ניט זוכען קיין מיטגעפיהל, און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער דערמאָנט אָן דער, וועלכער ער האָט שטענדיג ליעב געהאַט מעהר פון אַלץ אין דער וועלט. און צום סוף, אפשר נאָך דאָס: ער האָט מסתמא געהערט (דערפאַר ווייל ער פאָלגט עס נאָך און ווייסט אַלץ וועגען נאַטאַשאַ'ן), אַז אַליאָשאַ פאַרלאָזט זי אינגיכען. ער האָט

געקענט פארשטעהן, ווי זי פיהלט זיך איצטער, און ער האט לויט זיך געפיהלט, ווי נויטיג זי האט בעדארפט א טרייסט. נאר דאך האט ער זיך ניט געקענט בייקומען, ווייל ער האט זיך געהאלטען פאר ערנידעריגט און באליידיגט פון דער טאכטער. איהם איז ווארשיינליך געקומען אויפ'ן געדאנק, אז דאך געהט זי ניט צו איהם פריהער; אז, קען זיין, אז זי טראכט אפילו ניט וועגען זיי און פיהלט ניט קיין בעדערפניש זיך איבערצובעטען. אזוי האט ער געמוזט טראכטען, האב איך פארענדיגט מיין מיינונג און אט פארוואס ער האט דעם בריעף ניט בעענדיגט און, אפשר וועלען נאך פון דעם אלעם ארויסקומען נייע באליידיגונגען, וועלכע וועלען זיך נאך שטארקער דערפיהלען ווי די ערשטע און, ווער ווייסט, דאס איבערבעטען זיך, וועט זיך נאך אפשר אויף לאנג אבלעגען...

די אלטיטשקע האט געוויינט, ווען זי האט מיך אויסגעהערט. צום סוף, ווען איך האב געזאגט, אז איך מוז גלייך אוועקגעהן צו נאטאשא'ן, און אז איך האב שוין פארשפעטיגט צו איהר, האט זי זיך א כאפ געטהאן און ערקלערט, אז זי האט פארגעסען די ה ו י פ ט ז א ך. ווען זי האט אפיר גענומען דעם בריעף פון אונטער די פאפירען האט זי ניט ווילענדיג אויף איהם אומגעדרעהט דעם טינטער. ווירקליך, א גאנצער ווינקעל איז געווען פארגאסען מיט טינט, און די אלטיטשקע האט שרעקליך מורא געהאט, אז דער אלטער וועט נאך דעם פלעק דערקענען, אז אהן איהם האט מען דא איבערגעווארפען די פאפירען און אז אננא אנדרעיעוונא האט איבערגעלעזען דעם בריעף צו נאטאשא'ן. איהר שרעק איז געווען זעהר בעגריגדעט: שוין דערפון אליין, וואס מיר ווייסען זיין סוד, האט ער פון שאנד און פארדרום געקענט פארלענגערען זיין כעס און פון שטאלצקייט זיך פארעקשנ'ען און איהר ניט פארגעבען.

נאר בעטראכטענדיג די זאך, האב איך איינגערעדט דער אלטיטשקער זי זאל זיך ניט בעאונרוהיגען. ער איז אויפגעשטאנען פונ'ם בריעף אזוי אויפגערעגט, אז ער האט ניט געקענט געדענקען אלע קלייניגקייטען און איצטער ווארשיינליך, וועט ער מיינען, אז ער האט אליין פארפאטשקעט דעם בריעף און האט פארגעסען וועגען דעם. טרייסטענדיג אויף אזא אופן די אלטע אננא אנדרעיעוונא, האבען מיר פארזיכטיג אוועקגעלעגט דעם בריעף אויף זיין פריהריגען ארט, און

מיר איז איינגעפאלען, אוועקגעהענדיג, איבערצורעדען מיט איהר ערנסט וועגען נעלי'ן. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס ארעמע פארווארפענע יתומה'לע, וואס איהר מאמע איז אויך געווען פארשאלטען פון איהר פאטער, וואלט געקענט מיט איהר טרויריגער, טראגישער ערצעהלונג וועגען איהר אמאליג לעבען און וועגען דעם טויט פון איהר מוטער ריהרען דעם אלטען און בעוועגען איהם צו בריטהארציגע געפיהלען. אלץ איז פארטיג, אלץ איז צייטיג געווארען אין זיין הארץ; די בענקשאפט נאך דער טאכטער האט שוין גענומען גובר זיין זיין שטאלץ און די באליידיגטע אייגענליעבע. עס האט נאר געפעהלט דער שטויס, די לעצטע בעקוועמע געלעגענהייט, און די בעקוועמע געלעגענהייט וואלט נעלי געקענט פארבייטען. די אלטיטשקע האט מיך אויסגעהערט מיט גרויסער אויפמערקזאמקייט: דאס גאנצע פנים איהר'ס האט אויפגעלעבט מיט האפנונג און באגייסטערונג. זי האט מיר באלד גענומען פארווארפען: פארוואס האב איך עס איהר שוין לאנג ניט געזאגט? האט מיך אונגעדולדיג אנגעהויבען אויסצופרעגען וועגען נעלי'ן או זהאט געענדיגט מיט דעם פייערליכען צוזאג, אז זי וועט איצטער אליין בעטען דעם אלטען, אז ער זאל אריינגעמען אין הויז אריין די יתומה. זי האט שוין אנגעהויבען אמת ליעב צו האבען נעלי'ן, האט בעדויערט וואס זי איז קראנק, האט זיך אויסגעפרעגט וועגען איהר, האט מיך געצוואונגען צו נעמען פאר נעלי א סלאיטשיק איינגעמאכטס, נאך וועלכען זי איז אליין ארויסגעלאפען; האט מיר געבראכט פינף רובעל, מיינענדיג, אז איך האב ניט קיין געלט פאר'ן דאקטאר און, ווען איך האב זיי ניט גענומען, האט זי זיך קוים בערוהיגט און זיך געטרייסט דערמיט, וואס נעלי נויטיגט זיך אין א קליידעל און וועש און, דערפאר, הייסט עס, קען מען איהר נאך זיין ניצליך, נאך דעם האט זי גלייך גענומען עפענען איהר קאסטען און ארויסצולעגען אלע איהרע קליידער, אויסקלויבענדיג פון זיי, די, וועלכע מען האט געקענט אוועקשענקען דעם „יתומה'לע“.

און איך בין אוועקגעגאנגען צו נאטאשא'ן. ווען איך בין ארויף אויף די לעצטע שטיעגען, וועלכע, ווי איך האב שוין פריהער געזאגט, זענען געגאנגען געדרעהט, האב איך בעמערקט ביי איהר טהיר א מענש. וואס האט שוין געוואלט אנקלאפען, נאר, דערהערענדיג מיינע טריט, האט ער זיך אבגעשטעלט. צום סוף, ווארשיינליך נאך א געוויסען

וואקלען זיך, האָט ער פּלוצלונג אבגעלאָזט זיין אבזיכט און זיך גע־לאָזט געהן אראָב. איך האָב מיך אָנגעשטויסען מיט איהם אויף דער לעצטער שטיעג, און ווי גרויס איז געווען מיין פארוואונדערונג, ווען איך האָב דערקענט איכמעניעוו׳ן. אויף די שטיעגען איז בייטאָג אויך געווען זעהר פינסטער. ער האָט זיך צוגעלעהנט צו דער וואנד, אז ער זאָל מיך לאָזען דורכגעהן, און איך געדענק דעם מאָדנעם בליץ פון זיי־נע אויגען, וואָס האָבען מיך פעסט אָנגעקוקט. מיר האָט זיך אויסגע־וויזען, אז ער איז שרעקליך רויט געוואָרען; יעדענפאלס, האָט ער זיך שרעקליך צוטומעלט און האָט זיך אפילו פארלוירען.

— אי, וואניא, דאָס ביזטו! — האָט ער ארויסגערעדט מיט א נערוועזער שטים, — און איך בין דאָ צו א געוויסען מאן... צו א שרייבער... אלץ וועגען פּראָצעס... ער האָט זיך ניט לאנג צוריק אי־בערגעצויגען... ערגיץ אהער... נאָר ניט דאָ, דאכט זיך, וואוינט ער. איך האָב א טעות געהאט. זיי געזונד.

און ער האָט זיך האסטיג געלאָזט אראָבגעהן פון די שטיעגען.

איך האָב בעשלאָסען ביז א געוויסער צייט ניט צו זאָגען נאטא־שא׳ן וועגען דער בעגעגניש, נאָר אומבעדינגט איהר גלייך צו זאָגען וועגען דעם, אזוי גיך ווי זי וועט בלייבען אליין, נאָך אליאָשא׳ס אב־פאָהרען. נאָר איצטער איז זי געוועזען אזוי צורודערט, אז כאָטש זי וואָלט פארשטאַנען און גוט בעגריפען די גאנצע קראפט פון דעם פאקט, וואָלט זי איהם אבער ניט געקענט אזוי אויפנעמען און דער־פיהלען, אזוי ווי שפּעטער, אין דער מינוט פון דריקענדער לעצטער בענקשאפט און פארצווייפלונג. איצט אבער איז ניט געווען די צייט.

יענעם טאָג וואָלט איך געקענט אריינגעהן צו די איכמעניעווס, און עס האָט מיך געצויגען דערצו, נאָר איך בין ניט געגאנגען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז דעם אלטען וועט זיין שווער צו קוקען אויף מיר; ער האָט אפילו געקענט מיינען, אז איך בין אומיסטען געקומען צולויפען נאָך דער בעגעגניש. געגאנגען בין איך צו זיי ערשט אויפ׳ן דריטען טאָג; דער אלטער איז געווען אומעטיג, נאָר ער האָט מיך בעגעגענט גאנץ פריי און האָט אלץ גערעדט וועגען פּראָצעסען.

— זאָג נאָר, צו וועמען ביזטו עס דאמאלס געגאנגען, אזוי הויך, געדענקסט, מיר האָבען זיך בעגעגענט, — געדענקסט, ווען איז דאָס? — אייערנעכטען, דאכט זיך, — האָט ער געפרעגט פּלוצלונג, גאנץ

נאכלעסיג, נאר דאך אבפיהרענדיג זיינע אויגען פון מיר אין א זייט.

— א פריינד וואוינט דארט, — האב איך געענטפערט, אויך אבפיהרענדיג די אויגען אין א זייט.

— א! און איך האב געזוכט מיין שרייבער, אסטאפיעוו'ן; מען האט מיר אנגעוויזען אויף דעם הויז... נאר איך האב א טעות געהאט... נו, האב איך עס דיר דערצעהלט וועגען פראצעס; אין סענאט האט מען בעשלאסען... — און אז. וו., און אז. וו.

ער איז אפילו רויט געווארען, ווען ער האט אנגעהויבען צו רעדען וועגען פ ר א צ ע ס.

און איך האב אלצדינג דערצעהלט יענעם טאג אננא אנדרעיעווונא'ן, אום צו דערפרעהען די אלטיטשקע, און האב זי געבעטען, פארבייגעהענדיג, אז זי זאל איהם איצטער ניט בעזונדערס אריינקוקען אין פנים, זאל ניט זיפצען, ניט מאכען קיין אנצוהערענישען און, מיט איין ווארט, זאל אויף קיין פאל ניט ארויסווייזען, אז זי ווייסט אט די לעצטע זאך. די אלטיטשקע האט זיך אזוי ווייט פארוואונדערט און דערפרעהט, אז זי האט מיר אין אנהייב אפילו ניט געגלויבט. זי פון איהר זייט האט מיר דערצעהלט, אז זי האט שוין געגעבען ניקאלאי סערגעאיטש'ען אן אנצוהערעניש וועגען יתומה'לע, נאר אז ער האט געשוויגען, אין דער צייט, וואס פריהער האט ער זי אליין אלץ געבעטען אריינצונעמען אין הויז אריין דאס מיידעלע. מיר האבען בעשלאסען, אז מארגען וועט זי איהם גלייך בעטען וועגען דעם, אהן שום פארררעדעס און אנצוהערענישען.

די זאך איז די, אז איכמעניעוו האט זיך אין דער פריה געזעהען מיט א בעאמטען, וואס ארבייט פאר זיין פראצעס. דער בעאמטער האט איהם ערקלערט, אז ער האט געזעהען דעם קניאז, און אז כאטש דער קניאז לאזט איבער איכמעניעווקע הינטער זיך, נאר „צ ו ל י ע ב א י י נ י ג ע פ א מ י ל י ע ן - א ו מ ש ט ע נ ד ע ן", בעשליעסט ער צו בעפריעדיגען דעם אלטען און איהם ארויסצוגעבען צעהן טויזענד. פון דעם בעאמטען איז דער אלטער געקומען צו לויפען גלייך צו מיר, שרעקליך צורודערט; זיינע אויגען האבען געפינקעלט מיט וואהנזין. ער האט מיך ארויסגערופען, איך ווייס ניט פארוואס, אויף די שטיעגען ארויס און האט געגומען שטארק פאדערען, אז איך זאל גלייך געהן צום קניאז און זאל איהם איבערגעבען, אז ער רופט איהם ארויס

אויף א דועל. איך בין געווען אזוי איבעראַשט, אז איך האָב לאַנג קיין זאַך ניט געקענט בעגרייפען. איך האָב שוין געהאַט, אַנגעהויבען איהם אַבצורעדען. נאָר דער אלטער איז אריין אין אזא ווילדקייט, אז עס איז איהם שלעכט געוואָרען. איך האָב מיך א לאָז געטהאָן צו זיך נאָך א גלאָז וואסער; נאָר צוריקקומענדיג, האָב איך שוין איכמעניעוו'ן אויף די שטיעגען ניט געטראָפען.

צומאָרגעס בין איך אוועק צו איהם, נאָר ער איז שוין אין דער היים ניט געווען; ער איז פארשוואונדען אויף גאנצע דריי טעג.

אויפ'ן דריטען טאָג זענען מיר אלץ געוואָר געוואָרען. פון מיר איז ער אוועק גלייך צום קניאז, האָט איהם ניט געטראָפען אין דער היים און איבערגעלאָזט א צעטעלע. אין דעם צעטעלע האָט ער געשריבען, אז ער ווייסט וועגען זיינע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט דעם בעאַמטען, אז ער האַלט זיי פאר א שרעקליכער באַליידיגונג פאר זיך, און דעם קניאז פאר א נידעריגען מענשען, און דורך דעם אלעם רופט ער איהם ארויס אויף א דועל, און וואָרענט איהם דערביי, אז דער קניאז זאָל ניט וואגען אַבצעוואַרפען זיין ארויסרוף, ווייל אנדערש וועט ער איהם עפענטליך באַליידיגען.

אַננאַ אַנדרעיעווּנאַ האָט מיר דערצעהלט, אז ער האָט זיך אומגעקערט אהיים אזא אויפגערעגטער און צורודערטער, אז ער האָט זיך אפילו געלעגט. מיט איהר איז ער געווען זעהר צערטליך, נאָר אויף איהרע פראַגען האָט ער ווענִיג געענטפערט, און מען האָט געזעהען, אז ער האָט אויף עפּעס געוואָרט מיט א פיעבערהאפטער אומגעדולד. צומאָרגענס אין דער פריה איז פון דער פּאָסט אַנגעקומען א בריעף; איבערלעזענדיג איהם, האָט ער א געשריי געטהאָן און זיך געכאַפּט פאר'ן קאָפּ. אַננאַ אַנדרעיעווּנאַ איז שיער אַבגעשטאָרבען פון שרעק. נאָר ער האָט באַלד געכאַפּט דעם הוט, דעם שטעקען און איז ארויסגעלאָפען.

דער בריעף איז געווען פון'ם קניאז. טרוקען, קורץ און העפליך האָט ער געלאָזט וויסען איכמעניעוו'ן, אז פון זיינע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט דעם בעאַמטען דאַרף ער קיינעם קיין חשבון ניט אַבגעבען. אז כאָטש ער האָט זעהר רחמנות אויף איכמעניעוו'ן פאר זיין פארשפּיעלטען פּראָצעס, קען ער אבער ביי זיין גרעסטען בעדויערען אויף קיין פאַל ניט געפינען פאר רעכט, אז דער וואָס האָט פארשפּיעלט

דעם פּראָצעס זאָל האָבען אַ רעכט, אויס נקמה, ארויסצורופען זיין געגנער אויף אַ דועל. און וואָס אַמבעלאַנגט דער „עפענטליכער באליי־דיגונג", מיט וועלכער מען האָט איהם געסטראַשעט, האָט דער קניאַז געבעטען איכמעניעוו'ן, ער זאָל זיך וועגען דעם ניט זאָרגען, דערפאַר ווייל עס וועט קיין שום עפענטליכע באליידיגונג ניט זיין און עס קען ניט זיין; אַז זיין בריעף וועט באַלד פאַרגעבראַכט ווערען, וואו ער בעלאַנגט און אַז די פּאָליציי, וועלכע ווייסט דערפון פריהער איז מסתמא אין שטאַנד אַנצונעמען די נעהעריגע מיטלען צו פאַרזיכערען אָרדנונג און רוהיגקייט.

איכמעניעוו האָט זיך מיט'ן בריעף אין דער האַנט גלייך אַ לאָז געטהאָן צום קניאַז. דער קניאַז איז ווידער ניט געווען אין דערהיים; נאָר דער אַלטער האָט שוין בעוויזען געוואָר צו ווערען פון'ם לאַקיי, אַז דער קניאַז איז איצט מסתמא ביי גראַף נ. ניט לאַנג טראַכטענדיג איז ער אַוועקגעלאָפען צום גראַף. דעם גראַף'ס שווייצער האָט איהם אָבגעשטעלט, ווען ער האָט שוין געהאַלטען ביי ארויפגעהן אויף די שטיעגען. אויפגערעגט ביז דער העכסטער שטופע האָט איהם דער אַלטער דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיט'ן שטעקען. מען האָט איהם גלייך אַ כאַפּ געטהאָן, איהם ארויסגעשלעפּט אין דרויסען און איבערגעגעבען דער פּאָליציי, וועלכע האָט איהם אַוועקגעפיהרט אין פּאָליציי־צירקעל. מען האָט עס איבערגעגעבען דעם גראַף. ווען דער קניאַז, וועלכער האָט זיך דאָ גלייך געפונען האָט ערקלערט דעם אַלטיטשקען לעביונג, אַז דאָס איז דער אייגענער איכמעניעוו, דער פאָטער פון דער אייגענער נאַטאַליא ניקאָלאַיעוונא (און דער קניאַז האָט ניט איינמאָל צוגעדיענט דעם גראַף אין די ז אַ כ ע ן), האָט זיך דער איידעלער אַלטיטשקער בלויז צולאַכט און געענדערט דעם כעס אויף גנאַד: מען האָט געגע־בען אַ בעפעהל ארויסצולאָזען איכמעניעוו'ן; נאָר ארויסגעלאָזט האָט מען איהם ערשט אויף'ן דריטען טאָג, דערביי (וואַרשיינליך אויף'ן קניאַז'ס בעפעהל) האָט מען דעם אַלטען ערקלערט, אַז דער קניאַז אַליין האָט געבעטען פאַר איהם ביים גראַף.

דער אַלטער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, ווי אַ משוגע'נער, האָט זיך אנידערגעוואָרפען אויפ'ן בעט און איז אַ גאַנצע שעה געלעגען אָהן בעוועגונג; צום סוף האָט ער זיך אויפגעהויבען און, צו אַננאַ אַנדרע־יעוונאַ'ס שרעק האָט ער פייערליך ערקלערט, אַז ער פאַרשעלט אויף

**א י י ב י ג** זיין טאָכטער און נעמט פון איהר צו זיין פּעטערליכע ברכה.

אננא אנדרעיעוונא'ן איז געוואָרען שרעקליך, אָבער מען האָט בעראָפט העלפען דעם אלטען און זי האָט, אליין כמעט ניט ביים זינען, יענעם גאנצען טאָג און כמעט א גאנצע נאכט איהם בעדיענט, איהם גענעצט דעם קאָפּ מיט עסיג, ארומגעלעגט מיט אייז. ער האָט געהאט היץ און גערעדט. איך האָב זיי איבערגעלאָזט שוין דריי אזייגער ביי־נאכט. נאָר אין דער פריה איז איכמעניעוו אויפגעשטאַנען און איז דעם איינענעם טאָג געקומען צו מיר, שוין אויף זיכער צו נעמען צו זיך נעלי'ן. נאָר וועגען זיין סצענע מיט נעלי'ן האָב איך שוין דער־צעהלט: די סצענע האָט איהם שוין צום איבריגען צורודערט. אהיימ־קומענדיג האָט ער זיך געלעגט אין בעט אריין. דאָס אלץ איז פאָר־געקומען דעם ליידענשאפטליכען פרייטאָג, — ווען עס איז געווען בע־שטימט, אז נאטאשא און קאטיא זאָלען זיך זעהען, דעם טאָג איידער אליאשא און קאטיא זענען אָבגעפאָהרען פון פּעטערבורג. ביי דער זע־הונג בין איך געווען: עס איז פאָרגעקומען באַלד אין דער פריה, נאָך איידער דער אלטער איז צו מיר געקומען און איידער נעלי איז צום ערשטען מאָל אנטלאָפען.

---

## זעקסטער קאַפּיטעל.

אליאשא איז געקומען נאָך א שעה פאָר דער זעהונג פאַראוברייטען נאטאשא'ן. און איך בין אַנגעקומען פּונקט אין דעם אויגענבליק, ווען קאטיא'ס קאַרעטקע האָט זיך אָבגעשטעלט ביי אונזער טויער. מיט קאטיא'ן איז געווען די אַלטיטשקע פראַנצויזקע, וועלכע האָט נאָך א לאַנגען בעטען, ענדליך איינגעשטימט צו בעגלייטען זי און אפילו אָב־צולאָזען זי אליין אַרויף צו נאטאשא'ן, נאָר ניט אנדערש, ווי מיט אליאשא'ן: און אליין איז זי געבליבען וואַרטען אין דער קאַרעטקע. קאטיא האָט מיך צוגערופען און ניט ארויסגעהענדיג פון דער קאַרעטקע

האט זי מיך געבעטען ארויסצורופען צו איהר אליאשא'ן. נאטאשא'ן האב איך געטראפען א וויינענדינע: אי אליאשא אי זי — ביידע האבען געוויינט. דערהערענדיג, אז קאטיא איז שוין דא, איז זי אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל, האט אבגעווישט די טרערען און האט זיך אנ'אויפגערעגטע געשטעלט אנטקעגען דער טהיר. אנגעטהאן איז זי געוועזען יענעם פריהמארגען אינגאנצען אין ווייסען איהרע טונקעלבלאנדע האר זיינען געוועזען פארקעמט גלאט און פון הינטען זיינען זיי געוועזען פארבונדען אין א שווערען קניפ. די פריזור האב איך זעהר ליעב געהאט. דערזעהענדיג, אז איך בין געבליבען מיט איהר, האט נאטאשא מיך געבעטען, אז איך זאל אויך געהן אנטקעגען די געסט.

— ביז איצטער האב איך ניט געקענט זיין ביי נאטאשא'ן, — האט מיר געזאגט קאטיא ארויפגעהענדיג אויף די שטיעגען. — מען האט מיר אזוי נאכגעשפיאנעוועט, אז עס איז א שרעק. מאדאם אלבערט האב איך גאנצע צוויי וואכען איינגערעדט, ביז זי האט איינגעשטימט. און איהר, און איהר, איוואן פיעטראוויטש, איהר זענט צו מיר קיין איינציג מאל ניט געקומען! שרייבען האב איך אייך אויך ניט געקענט, און עס האט זיך ניט געגלוסט, דערפאר ווייל מיט א בריעף קען מען קיין זאך ניט קלאר מאכען. און ווי נעטהיג איך האב אייך בעדארפט זעהען... גאט מיינער, ווי דאס הארץ קלאפט מיר איצטער...

— גדרעהטע שטיעגען, — האב איך געענטפערט.

— נו יא... די שטיעגען אויך... נו וואס, ווי מיינט איהר: נאטאשא וועט ניט זיין בייז אויף מיר?

— ניין, פארוואס זאל זי זיין בייז?

— נו יא.. געוויס, פארוואס, איך וועל באלד אליין זעהען, צו וואס דארף מען טאקע פרעגען?...

איך האב זי געפיהרט אונטער דער האנט. זי איז אפילו בלייך געווארען און האט זיך, דאכט זיך, זעהר געשראקען. אויפ'ן לעצטען בריקעל האט זי זיך אבגעשטעלט אבכאפען דעם אטהעם, נאר זי האט א קוק געטהאן אויף מיר און פעסט געגאנגען ווייטער.

נאך אמאל האט זי זיך אבגעשטעלט ביי דער טהיר און מיר איינגערוימט: „איך וועל פראסט ארייגעהן און וועל איהר זאגען, אז איך האב אזוי געגלויבט אין איהר, אז איך בין געקומען צופאהרען

אָהן מורא... איבריגענס, וואָס רעד איך; איך בין דאָך זיכער, אַז נאַ־טאַשאַ איז אַן איידעל קינד. ניט אמת?"

זי איז אַריין ניט דרייסט, ווי אַ שולדיגע, און האָט פעסט אַ קוק געטהאָן אויף נאַטאַשאַ'ן, וועלכע האָט איהר גלייך צוגעשמייכעלט. דאַן איז קאַטיאַ האַסטיג צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זי אַנגענומען ביי די הענט און האָט זיך צוגעדריקט צו איהרע ליפּען מיט איהרע פולע ליי־פּעלעך. דערנאָך, ניט אויסרעדענדיג נאָך קיין וואָרט צו נאַטאַשאַ'ן, האָט זי ערנסט און זאָגאַר שטרענג זיך געווענדעט צו אַליאָשאַ'ן און איהם געבעטען אונז איבערצולאָזען אויף אַ האַלבע שעה אַליין.

— דו זיי ניט בייז, אַליאָשאַ, — האָט זי צוגעגעבען, — דאָס איז דערפאַר, ווייל איך האָב אַ סך איבערצורעדען מיט נאַטאַשאַ'ן, וועגען זעהר אַ וויכטיגער און ערנסטער זאַך, וואָס דו דאַרפסט ניט הערען. זיי זשע קלוג און געה. און איהר, איוואַן פּיעטראָוויטש, בלייבט. איהר דאַרפט אויסהערען אונזער גאַנצען שמועס.

— לאָמיר זיך זעצען, — האָט זי געזאָגט צו נאַטאַשאַ'ן נאָכדעם, ווי אַליאָשאַ איז אוועקגעגאַנגען, — איך וועל מיך דאָ זעצען, אַנטקעגען אייך. איך וויל פריהער אויף אייך קוקען.

זי האָט זיך געזעצט כמעט גלייך אַנטקעגען נאַטאַשאַ'ן און האָט עטליכע מינוטען פעסט געקוקט אויף איהר. נאַטאַשאַ האָט איהר גע־ענטפערט מיט אַ ניט־ווילענדיגען שמייכעל.

— איך האָב שוין געזעהען אייער פאָטאָגראַפיע, — האָט קאַטיאַ געזאָגט — אַליאָשאַ האָט זי מיר געוויזען.

— וואָס זשע, איך בין עהנליך אויפ'ן בילד?

— איהר זענט שענער, — האָט קאַטיאַ געענטפערט ענטשלאָסען און ערנסט. — איך האָב טאַקע אַזוי געדענקט, אַז איהר זענט שענער.

— ווירקליך? און איך פּאַרקוק מיך אַט אַזוי אויף אייך ווי שעהן איהר זענט!

— וואָס רעדט איהר! איך!... טייערע! — האָט זי צוגעגעבען, נעמענדיג מיט אַ ציטערענדיגע האַנט נאַטאַשאַ'ס האַנט, און ביידע זיי־נען ווידער שטיל געבליבען, איינקוקענדיג זיך איינע אין דער אַנדע־רער. — אַט וואָס, מיין מלאך, — האָט קאַטיאַ איבערגעריסען, —

— און אויב אַזוי... אויב איהר האָט אַליאָשאַ'ן זעהר ליעב... מיר האָבען אַ האַלבע שעה צייט צו זיין צוזאַמען; מאַראַם אַלבערט

האָט אויף דעם קוים איינגעשטימט, און מיר האָבן פיעל איבער־צורעדן... איך וויל... איך דאַרף... נו, איך וועל אייך איינפאַך פרעגן: איהר האָט זעהר ליעב אַליאָשאַ'ן?

— יאָ, זעהר.

— דאַן... דאַרפט איהר אויך ליעב האָבן זיין גליק... — האָט זי געבען ניט דרייסט און שטיל.

— יאָ, איך וויל, אַז ער זאָל זיין גליקליך...

— אַזוי איז עס... אָבער אַט וואָס איז די פראַגע: צי וועל איך איהם גליקליך מאַכען? צי האָב איך אַ רעכט אַזוי צו רעדען, דערפאַר ווייל איך נעם איהם אָב ביי אייך. אויב אייך ווייזט זיך אויס, און מיר וועלען איצטער בעשליעסען, אַז מיט אייך וועט ער זיין גליקליכער, דאַן... דאַן...

— דאָס איז שוין בעשלאָסען, ליעבע קאַטיאַ, איהר זעהט דאָך אַליין, אַז אַלץ איז בעשלאָסען, — האָט נאַטאַשאַ שטיל געענטפערט און אַנגעבויגען דעם קאָפּ. מען האָט געזעהען, אַז עס איז איהר שווער צו פיהרען ווייטער דעם שמועס.

קאַטיאַ האָט זיך, ווייזט אויס, צוגעגרייט צו אַ לאַנגער ערקלע־רונג אויף דער טהעמע: ווער וועט בעסער אַליאָשאַ'ן גליקליך מאַכען און ווער פון זיי וועט דאַרפען אָבטרעטען? נאָר נאָך נאַטאַשאַ'ס ענט־פער האָט זי באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז שוין פון לאַנג בעשלאָסען און עס איז שוין נישטאָ וועגען וואָס מעהר צו רעדען. האַלב עפענענדיג איהרע שעהנע ליפּעלעך, האָט זי אַ פאַרוואונדערטע און אַ פאַרזאָרג־טע געקוקט אויף נאַטאַשאַ'ן, אַלץ נאָך האַלטענדיג נאַטאַשאַ'ס האַנט אין איהרער.

— און איהר האָט איהם זעהר ליעב? — האָט נאַטאַשאַ פּלוצלונג געפרעגט.

— יאָ, און אַט האָב איך אייך אויך געוואָלט פרעגען און בין מיט דעם אהערגעפאָהרען: זאָגט מיר, פאַרוואָס אייגענטליך האָט איהר איהם ליעב?

— איך ווייס ניט, — האָט נאַטאַשאַ געענטפערט, און אַזוי ווי אַ ביטערע אונגעדולד האָט זיך דערהערט אין איהר ענטפער.

— ער איז קלוג, ווי מיינט איהר? — האָט קאַטיאַ געפרעגט.

— ניין, איך האָב איהם פּשוט אַזוי ליעב...

— און איך אויך. איך האָב אַלץ אַזוי ווי רחמנות אויף איהם.
— און איך אויך, — האָט נאַטאַשאַ געענטפערט.
— וואָס טהוט מען מיט איהם איצטער? און ווי אַזוי ער האָט געקענט אייך פאַרלאָזען צוליעב מיר, פאַרשטעה איך ניט! — האָט קאַטיאַ אויסגערופען. — אָט ווי איך האָב אייך איצטער דערזעהען, פאַרשטעה איך עס ניט! — נאַטאַשאַ האָט ניט געענטפערט און האָט געקוקט אויף דער ערד. קאַטיאַ האָט געשוויגען אַ ווייל, און פּלוצלונג אויפשטעהענדיג פון איהר שטוהל, האָט זי שטיל אַרומגענומען. ביידע, אַרומנעמענדיג איינע די אַנדערע, האָבען זיך צעוויינט. קאַטיאַ האָט זיך געזעצט אויפ'ן הענטיל פון נאַטאַשאַ'ס שטוהל, ניט אַרויסלאָזענדיג זי פון איהרע אָרעמס, און האָט אָנגעהויבען צו קושען איהרע הענט.
— ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי איך האָב אייך ליעב! — האָט זי אַרויסגערעדט, וויינענדיג. — מיר וועלען זיין שוועסטערען, מיר וועלען שטענדיג שרייבען איינע די אַנדערע... און איך וועל אייך אייביג ליעב האָבען... איך וועל אייך אַזוי ליעב האָבען, אַזוי ליעב האָבען...
— ער האָט אייך געזאָגט וועגען אונזער חתונה אין יוני? — האָט נאַטאַשאַ געפרעגט.
— ער האָט מיר געזאָגט. ער האָט געזאָגט, אַז איהר זענט אויך איינשטימיג. דאָס איז דאָך אַלץ נאָר אַ ז ו י, איהם צו טרייסטען, ניט אמת?
— געוויס.
— איך האָב עס אַזוי פאַרשטאַנען. איך וועל איהם זעהר ליעב האָבען, נאַטאַשאַ, און וועל אייך וועגען אַלעם שרייבען. דאַכט זיך, ער וועט איצטער אין גיכען זיין מיין מאַן; עס געהט דערצו. און זיי זאָגען אַלע אַזוי. ליעבע, נאַטאַשקאַ, איהר וועט דאָך איצטער געהן... צו אייך אַהיים?
נאַטאַשאַ האָט איהר ניט געענטפערט, נאָר האָט איהר שווייגענ־דיג און שטאַרק אַ קוש געטהאָן.
— זייט גליקליך! — האָט זי געזאָגט.
— און... און איהר... און איהר אויך, — האָט קאַטיאַ אַרויס־גערעדט. — אין דעם אויגענבליק האָט זיך געעפענט די טהיר און

אליאשא איז אריינגעקומען. ער האט ניט געקענט, ער האט קיין כח ניט געהאט איבערצעוואַרטען די האַלבע שעה און, דערזעהענדיג זיי ביידע אין די אָרעמס און וויינענדיג, אַ פאַרכמאַרעטער, אַ ליידענדער איז ער געפאַלען אויף די קניהען פאַר נאַטאַשאַ'ן און פאַר קאַטיאַ'ן.

— וואָס זשע וויינסטו? — האָט איהם נאַטאַשאַ געזאָגט, — וואָס דו צושיידסט דיך מיט מיר? אויף לאַנג דען? אין יוני וועסטו דאָך קומען?

— און אייער חתונה וועט דאַמאָלס פאָרקומען, — האָט קאַטיאַ שנעל אונטערגעזאָגט דורך טרערען, אויך צו טרייסטען אַליאַשאַ'ן.

— אָבער איך קען ניט. איך קען דיך אפילו אויף אַ טאָג ניט איבערלאָזען, נאַטאַשאַ. איך וועל שטאַרבען אָהן דיר... דו ווייסט ניט, ווי טייער דו ביזט מיר איצטער! גראָד איצטער!...

— נו, טאָ טהו זשע אַזוי, — האָט פּלוצלונג נאַטאַשאַ געזאָגט אַ בעלעבטע, — די גרעפין וועט דאָך בלייבען אביסעל צייט אין מאָסקווע, אַ יאָ?

— יאָ, כמעט אַ וואָך, — האָט קאַטיאַ אונטערגעכאַפּט.

— אַ וואָך! וואָס זשע קען זיין בעסער: דו וועסט זיי מאָרגען בעגלייטען קיין מאָסקווע, דאָס איז אינגאַנצען איין טאָג, און קום באַלד צופאָהרען אַהער. ווען זיי וועלען דאַרפען אַרויספאָהרען פון מאָסקווע, וועלען מיר זיך שוין דאַמאָלס אינגאַנצען געזעגענען אויף אַ חודש, און דו וועסט דיך אומקעהרען קיין מאָסקווע זיי בעגלייטען.

— נו דאָן, דאָן... און איהר וועט דאָך פאַרברענגען עקסטרע פיער טעג צוזאַמען, — האָט קאַטיאַ אַן ענטציקטע אויסגעשריען, און האָט זיך איבערגעקוקט מיט נאַטאַשאַ'ן מיט אַ פיעל בעדייטענדען בליק.

איך קאָן ניט אויסדריקען אַליאַשאַ'ס בעגייסטערונג פאַר דעם נייעם פּראָיעקט. ער האָט זיך פּלוצלונג דערפיהלט אַ פולשטענדיג געטרייסטער; זיין פּנים האָט אויפגעשיינט מיט פרייד, ער האָט אַרומגענומען נאַטאַשאַ'ן, האָט געקושט קאַטיאַ'ס הענט, מיך אַרומגענומען. נאַטאַשאַ האָט מיט אַ טרויריגען שמייכעל געקוקט אויף איהם, נאָר קאַטיאַ האָט עס ניט געקענט איבערטראָגען. זי האָט זיך איבערגעקוקט מיט מיר מיט אַ הייסען, פינקלענדיגען בליק, האָט אַרומגענומען נאַטאַשאַ'ן און איז אויפגעשטאַנען פון דער שטוהל אַוועקצופאָהרען.

אזוי ווי אויף להכעיס האָט די פראנצוויזקע אין דעם אויגנבליק גע־
שיקט א מענשען מיט א ביטע געשווינדער צו ענדיגען דעם וויזיט, און
אז די בעשטימטע האלבע שעה איז שוין פארביי.

נאטאשא איז אויפגעשטאנען. ביידע זיינען געשטאנען, איינע
אנטקעגען דער אנדערער, זיך האלטענדיג פאר די הענט און האָבען
זיך אזוי ווי בעמיהט איבערצוגעבען מיט'ן בליק אלץ, וואס האָט זיך
אנגעזאמעלט אויף דער נשמה.

— מיר וועלען זיך דאָך שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהען, — האָט
קאטיא געזאָגט.

— קיינמאָל ניט, קאטיא, — האָט נאטאשא געענטפערט.

— נו, טא לאָמיר זיך געזעגענען. — ביידע האָבען זיך ארומ־
גענומען.

— פארשעלט מיך ניט, — האָט קאטיא שנעל ארויסגעמורמעלט;
— און איך... וועל שטענדיג... זייט זיכער... ער וועט זיין גליקליך...
קום, אליאשא, בעגלייט מיך! — האָט זי שנעל ארויסגערעדט, אנ־
כאפענדיג זיין האנט.

— וואניא! — האָט מיר נאטאשא געזאָגט, אז אויפגערעגטע
און א פארמאטערטע, ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען, — געה דו אויך
נאָך זיי, און... קום ניט צוריק: אליאשא וועט ביי מיר זיין ביז אָוונט,
ביז אכט א זייגער; און אין אָוונט וועט ער ניט קענען, ער וועט
אוועק. איך וועל בלייבען אליין... קום א זייגער ניין. איך בעט דיך!

ווען איך בין ניין א זייגער, איבערלאָזענדיג נעלי'ן (נאָך דער
צובראָכענער שאָל) מיט אלעקסאנדרא סעמיאָנאָוונא'ן, געקומען צו נא־
טאשא'ן, איז זי שוין געווען אליין און האָט מיט אומגעדולד געוואַרט
אויף מיר. מאַווראַ האָט אונז דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר; נאטאשא
האָט מיר אנגעגאָסען טהיי, האָט זיך געזעצט אויף דער קאַנאַפּע און
מיך צוגערופען נעהנטער צו זיך.

— און אָט האָט זיך אלץ געענדיגט, — האָט זי געזאָגט, פעסט
א קוק טהוענדיג אויף מיר. איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען דעם
בליק.

— און אָט האָט זיך געענדיגט אונזער ליעבע. א האלב יאָהר לע־
בען! און אויפ'ן גאנצען לעבען, — האָט זי צוגעגעבען, דריקענדיג
מיר די האנט. איהר האנט האָט געגליהט. איך האָב זי אנגעהויבען צו־

צורעדען זי זאל זיך אנטהאן ווארעמער און זאל זיך לעגען אין בעט אריין.

— באלד, וואניא, באלד, מיין גוטער פריינד, לאז מיך א שמועס טהאן און דערמאנען זיך אביסעל... איך בין איצטער ווי א צושלאגענע... מארגען וועל איך איהם צום לעצטען מאל זעהען, צעהן א זייגער... צום לעצטען!

— נאטאשא, דו האסט פיעבער, באלד וועט דיר קאלט ווערען. האב רחמנות אויף זיך.

— וואס זשע? איך האב איצטער געווארט אויף דיר, וואניא, די האלבע שעה וואס ער איז אוועקגעגאנגען, און ווי מיינסטו, וועגען וואס האב איך געטראכט, וועגען וואס האב איך מיך אליין געפרעגט? איך האב מיך געפרעגט: צי האב איך איהם ליעב געהאט, צי האב איך איהם ניט ליעב געהאט, און וואס אזוינס איז געווען אונזער ליעבע? וואס, עס קומט דיר פאר קאמיש, וואניא, וואס איך האב מיך ערשט איצטער געפרעגט וועגען דעם?

— רעג דיך ניט אויף, נאטאשא...

— זעהסטו, וואניא: איך האב דאך בעשלאסען, אז איך האב איהם ניט ליעב געהאט ווי א גלייכען, אזוי ווי געוועהנליך א פרוי האט ליעב א מאן. איך האב איהם ליעב געהאט ווי... כמעט ווי א מאמע. מיר ווייזט זיך אפילו אויס, אז עס איז אינגאנצען ניט פאראן אויף דער וועלט אזא ליעבע, אזביידע זאלען ליעב האבען איינע די אנדערע ווי גלייכע. וואס? ווי מיינסטו?

איך האב מיט אומרוהיגקייט געקוקט אויף איהר און האב מיך געשראקען, צי הויבט זי ניט אן צו בעקומען היץ. אזוי ווי עפעס וואלט זי הינגעריסען: עפעס האט זי געפיהלט א בעזונדערע בעדירפניש צו רעדען: טייל ווערטער איהרע זענען געווען אזוי ווי אהן צוזאמענהאנג, און טיילמאל האט זי זייער אפילו שלעכט ארויסגערעדט. איך האב מיך זעהר געשראקען.

— ער איז געווען מיינער, — האט זי ווייטער גערעדט. —כמעט ביי דער ערשטער בעגעגעניש מיט איהם איז צו מיר געקומען א שרעקליך שטארקער פארלאנג, אז ער זאל זיין מ י י נ ע ר, שנעלער מ י י נ ע ר, און אז ער זאל אויף קיינעם ניט קוקען, זאל קיינעם ניט קענען, אויסער מיר, אויסער מיר אליין... קאטיא האט ניט לאנג צור־

ריק, ריכטיג געזאגט: איך האָב איהם ווירקליך ליעב געהאט אזוי, ווי איך וואָלט אויף איהם די גאנצע צייט רחמנות געהאט פאר עפּעס... איך האָב שטענדיג געהאט אַן אונאיבערווינדליכען פארלאנג, אפילו אַ פייןגעפיהל, ווען איך בין געבליבען אליין, וועגען דעם, אז ער זאָל זיין שרעקליך און אייביג גליקליך. אויף זיין פּנים (דו קענסט דאָך דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, וואניא) האָב איך ניט געקענט רוהיג קוקען: אזא אויסדרוק האָט קיינער ניט, און האָט ער זיך צולאכט, איז מיר אַ קעלט און אַ ציטער דורך איבער׳ן לייב... ווירקליך!...

— נאטאשא, הער...

— אַט האָט מען געזאגט, — האָט זי איבערגעשלאָגען, — דו האָסט, איבריגענס, אויך געזאגט, אז ער האָט קיין כאראקטער ניט און... געהט ניט ווייט מיט׳ן שכל, ווי אַ קינד. נו, און איך האָב דאָס גראד אין איהם ליעב געהאט מעהר פון אלץ... גלויבסטו דאָס? איך וויים ניט, איבריגענס, צי האָב איך גראד דאָס אליין ליעב געהאט: איך האָב איהם, איינפאך אזוי, אינגאנצען ליעב געהאט, און וואָלט ער כאטש מיט עפּעס געווען אַן אנדערער, אין כאראקטער, אדער קלוגער, וואָלט איך איהם אפשר ניט ליעב געהאט אזוי. דו ווייסט, וואניא, איך וועל מיך מודה זיין פאר דיר אין איין זאך: דו געדענקסט, מיר האָבען זיך אמאָל געקריגט, מיט דריי חדשים צוריק, ווען ער איז געווען ביי יענער, ווי האָט זי געהייסען, ביי דער מיני... איך בין געווואר געוואָרען, האָב אויסגעפארשט, און גלויבסטו מיר: עס האָט מיר שרעקליך וועה געטהאָן, און אין דער אייגענער צייט איז מיר עפּעס געווען אנגענעהם... איך וויים ניט פארוואָס... שוין דער איינער געדאנק, וואָס ער פרעהט זיך... אבער ניין, ניט דאָס: וואָס ער איז אויך, ווי עפּעס אַ גרויסער: פאהרט נאָך צוזאמען מיט אנדערע גרויסע נאָך שעהנהייטען, איז אויך געפאהרען צו מיני׳ן! איך... וואָסער פארגעניגען איך האָב דאמאָלס געהאט פון דער קריעגעריי, און דערנאָך איהם מוחל זיין... אַ, ליעבער!

זי האָט מיר אַ קוק געטהאָן אין פּנים אריין און זיך עפּעס מאָדנע צולאכט. דערנאָך האָט זי זיך ווי פארטראכט, ווי זי וואָלט זיך נאָך אלץ עפּעס דערמאָנט. און לאנג איז זי געזעסען אזוי, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען, זיך ארייגטראכטענדיג אין דער פערגאנגענהייט.

— איך האָב שרעקליך ליעב געהאַט איהם צו פאַרגעבען, — וואַניא, — האָט זי ווייטער גערעדט, — דו ווייסט וואָס: ווען ער האָט מיך איבערגעלאָזט אליין, פלעג איך אומגעהן איבער'ן צימער, זיך פייניגען, וויינען, און פלעג אליין אַמאָל אַ טראַכט טהאָן: וואָס שולדיגער ער איז געגען מיר, אַלץ בעסער איז דאָך.. געוויס! און ווייסטו: מיר האָט זיך שטענדיג פאָרגעשטעלט, אַז ער איז עפּעס אַזוי ווי אַ קליין אינגעל: איך זיץ, און ער האָט אוועקגעלעגט דעם קאָפּ אויף מיינע קניהען, איז איינגעשלאָפען, און איך גלעט איהם שטילינקערהייט איבער'ן קאָפּ, צערטעל איהם.. איך האָב מיר איהם שטענדיג אַזוי פאָרגעשטעלט, ווען ער איז מיט מיר ניט געווען... הער, וואַניא, — האָט זי פלוצלונג צוגעגעבען, — וואָס פאַר אַ שעהנקייט די קאַטיא איז!

מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי עפּענט אליין אומיסטען איהר וואונד, פיהלענדיג אין דעם עפּעס אַ בעדערפניש, אַ בעדערפניש פון פאַרצווייפלונג, פון ליידען... און דאָס טרעפט זיך אַזוי אָפט מיט אַ האַרץ, וואָס פאַרלירט אַ סך!

— קאַטיא, דאַכט זיך מיר, קען איהם גליקליך מאַכען, — האָט זי ווייטער גערעדט. — זי האָט כאַראַקטער און רעדט אַזוי ווי אַן איבערצייגטע, און מיט איהם איז זי אַזוי שטרענג, אַזוי וויכטיג, — רעדט אַלץ וועגען קלוגע זאַכען, פּונקט ווי אַ גרויסע. און אליין, אליין איז זי — אַן אמת'דיג קינד! אַ ליעב, אַ ליעב קינד! אַ! זאָלען זיי גליקליך זיין! זאָלען זיי, זאָלען זיי, זאָלען זיי!...

און טרערען און געוויין האָבען אַזוי פלוצלונג אַ גאַס געטהאָן פון איהר האַרץ. אַ גאַנצע האַלבע שעה האָט זי ניט געקענט קומען צו זיך און זיך כאָטש אַביסעל בערוהיגען.

ליעבער מלאך, נאַטאַשאַ! נאָך יענעם אָוונט, ניט קוקענדיג אויף איהרע צרות, האָט זי דאָך געקענט אַנטייל נעמען אין מיינע זאָרגען, ווען איך, זעהענדיג, אַז זי איז אַביסעל בערוהיגט, אָדער בעסער געזאָגט, מיעד, האָב איהר, וועלענדיג זי צושטרייען, געגומען דערצעהלען וועגען נעלי'ן... מיר האָבען זיך צוזעגענט יענעם אָוונט שפּעט; איך האָב צוגעוואַרט ביז זי איז אַנטשלאָפען געוואָרען, און אוועקגעהענדיג, האָב איך געבעטען מאַווראַ'ן, אַז זי זאָל פון איהר קראַנקער בעל הבית'טע ניט אַבטרעטען אַ גאַנצע נאַכט.

— אַ, שנעלער, שנעלער! — האָב איך אויסגערופען, קומענדיג צוריק אהיים, — שנעלער אַ סוף צו די צרות! כאָטש מיט וואָס־עס־איז, כאָטש ווי־עס־איז, נאָר שנעלער!

אין דער פריה, פונקט אַ זייגער ניין בין איך שוין געווען ביי איהר. אין איין צייט מיט מיר איז אויך געקומען אַליאָשאַ... זיך געזע־גענען. איך וויל ניט רעדען, איך וויל ניט דערמאָנען וועגען דער סצע־נע. נאַטאַשאַ האָט זיך אַזוי ווי געגעבען דאָס וואָרט צו שטאַרקען זיך, אויסצעווייזען פרעהליכער, גלייכגילטיגער, נאָר זי האָט ניט געקענט. זי האָט ארומגענומען אַליאָשאַ'ן ציטריג, פעסט. האָט ווייניג גערעדט מיט איהם, נאָר האָט געקוקט אויף איהם לאַנג, פעסט, מיט אַ מאַרטי־רערישען און ווי מיט אַ וואַנזיניגען בליק. זי האָט זיך זשעדנע איינ־געהערט אין זיין יעדען וואָרט און האָט, דאַכט זיך, גאָרנישט פאַר־שטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט איהר געזאָגט. איך געדענק, ער האָט געבעטען זי זאָל איהם מוחל זיין, מוחל זיין אָט די ליעבע און אַלץ, מיט וואָס ער האָט זי באַליידיגט אין דער צייט, זיינע אַבנאַרערייען, זיין ליעבע צו קאַטיאַ'ן, דאָס אַבפאָהרען... ער האָט גערעדט אָהן צוזאַ־מענהאַנג, טרערען האָבען איהם געשטיקט. טיילמאָל האָט ער זיך פלוצלונג גענומען טרייסטען זי, געזאָגט, אַז ער פאָהרט בלויז אויף אַ חודש, אָדער העכסטענס אויף פינף וואָכען, אַז ער וועט קומען צו־פאָהרען זומער, דאַמאָלס וועט זיין זייער חתונה, און דער פאָטער וועט איינשטימען, און ענדליך די הויפּטזאַך, אַז איבערמאָרגען וועט ער דאָך קומען צו פאָהרען פון מאָסקווע, און דאַמאָלס וועלען זיי זיך נאָך גאַנצע פיער טעג זיין צוזאַמען און אַז דערפאַר, הייסט עס, געזע־גענען זיי זיך איצטער בלויז אויף איין טאָג...

אַ מאָדנע זאַך: אַליין איז ער געווען פולשטענדיג איבערצייגט, אַז ער זאָגט דעם אמת און אַז ער וועט אומבעדינגט איבערמאָרגען זיך צוריקקעהרען פון מאָסקווע... וואָס זשע האָט ער אַליין אַזוי געוויינט און זיך געפייניגט?

ענדליך האָט דער זייגער געשלאָגען עלף. איך האָב איהם מיט גע־וואַלד געקענט איינרעדען צו פאָהרען. — דער מאָסקווער צוג איז אַב־געגאַנגען פונקט צוועלף. עס איז געבליבען איין שעה. נאַטאַשאַ האָט מיר דערנאָך אַליין געזאָגט, אַז זי געדענקט ניט, ווי זי האָט צום לעצטען מאָל אַ קוק געטהאָן אויף איהם. איך געדענק, אַז זי האָט

איהם איבערגע׳צלם׳ט, איהם א קוש געטהאן און, פארשטעלענדיג דאס פנים מיט די הענט זיך געוואָרפען צוריק אין צימער אריין. און איך האב דאך געמוזט בעגלייטען אליאשא׳ן ביז צו דער קארעטע, אז ניט וואלט ער זיך זיכער אומגעקערט און וואלט קיינמאל ניט אראבגע־גאנגען פון די שטיעגען.

— די גאנצע האפנונג איז אויף אייך, — האט ער מיר געזאגט אראבגעהענדיג פון די שטיעגען. — וואניא, מיין פריינד! איך בין שולדיג געגען דיר און האב קיינמאל ניט געקענט פארדיענען דיין ליעבע, נאר זיי מיר א ברודער ביז צום סוף: האב זי ליעב, פארלאז זי ניט, שרייב מיר וועגען אלעם, וועגען אלעם, ווי מעגליך בענויער און מיט מעהר איינצעלהייטען, וואס מעהר איינצעלהייטען שרייב, בדי עס זאל זיין א סך געשריבען. איבערמארגען וועל איך ווידער זיין דא, אומבעדינגט, אומבעדינגט! נאר דערנאך, ווען איך וועל אוועקפאהרען, שרייב!

איך האב איהם איינגעזעצט אין דער דראשקע.

— ביז איבערמארגען! — האט ער מיר נאכגעשריגען פון וועג. — אומבעדינגט.

מיט א פערגליווערט הארץ האב איך מיך אומגעקערט צוריק ארויף צו נאטאשא׳ן. זי איז געשטאנען אין מיטען צימער, פארלעגט די הענט, און א קוק געטהאן אויף מיר מיט פארוואונדערונג, ווי זי וואלט מיך ניט דערקענט. איהרע האר האבען זיך אזוי ווי פארוואָרפען אין א זייט; דער בליק איז געווען פארנעבעלט און בלאנדזשענדיג. מאווא איז ווי א פארלוירענע געשטאנען אין דער טהיר און געקוקט אויף איהר מיט שרעק.

פלוצלונג האבען נאטאשא׳ס אויגען אויפגעפינקעלט.

— א! דאס ביזטו! דו! — האט זי אויף מיר א געשריי גע־טהאן. — נאר דו אליין ביזט איצטער געבליבען. דו האסט איהם גע־האסט! דו האסט איהם קיינמאל ניט געקענט פארגעבען, וואס איך האב איהם ליעב בעקומען... איצטער ביזטו ווידער ביי מיר! נו, וואס? ביזט ווידער געקומען מיך ט ר י י ס ט ע ן, מיר איינרעדען, אז איך זאל געהן צום טאטען, וועלכער האט מיך אוועקגעוואָרפען און פארשאלטען. דאס האב איך נאך נעכטען געוואוסט, נאך מיט צוויי

חדשים צוריק!... איך וויל ניט, איך וויל ניט! איך פארשעלט זיי אליין!... געה אוועק, איך קען דיך ניט זעהן! אוועק, אוועק!

איך האב פארשטאנען, אז זי איז אויסער זיך, און אז מיין אנבליק דערוועקט אין איהר שרעקליכען צארן. איך האב פארשטאנען, אז אזוי האט געמוזט זיין, און איך האב בעשלאסען בעסער ארויסצוגעהן. איך האב מיך געזעצט אויף די שטיעגען, אויף דער ערשטער שטיעג און — האב געווארט. טיילמאל האב איך מיך אויפגעהויבען, האב געעפענט די טהיר, צוגערופען צו זיך מאווראן און זי אויסגעפרעגט: מאווראַ האט געוויינט.

אזוי איז פארביי א שעה אנדערטהאלבען. איך קען ניט אויסמאלען, וואס איך האב איבערגעטראגען אונטער דער צייט. דאס הארץ איז אין מיר אבגעשטארבען און האט זיך געפייניגט פון שרעקליכען וועהטאג. פלוצלונג האט זיך די טהיר געעפענט און נאטאשא איז ארויסגעלאפען אויף די שטיעגען, אין איהר הוט און מאנטעל. זי איז געווען ווי ניט ביים זינען און האט מיר דערנאך אליין געזאגט, אז זי געדענקט דאס קוים און זי ווייסט ניט, וואוהין און מיט וואס פאר א געדאנקען זי האט געוואלט לויפען.

איך האב נאך ניט בעוויזען אויפצושפרינגען פון מיין ארט און זיך ערגיץ־וואו בעהאלטען פון איהר, ווי זי האט מיך פלוצלונג דערזעהען און איז, ווי אן איבעראשטע געבליבען שטעהן פאר מיר אהן בעוועגונג. — איך האב מיך פלוצלונג דערמאנט, האט זי מיר שפעטער געזאגט, אז איך בין א ווילדע, א גרויזאמע, אז איך האב געקענט ארויסטרייבען דיך, דיך, מיין פריינד, מיין ברודער, מיין רעטער! און ווען איך האב דערזעהען, אז דו ארעמער, א באליידיגטער פון מיר, זיצסט ביי מיר אויף די שטיעגען, געהסט ניט אוועק און דו ווארטסט, ביז איך וועל דיך ווידער רופען, — גאט! — ווען דו וואלסט געוואוסט וואניא, וואס מיט מיר איז דאמאלס געווארען! ווי מען וואלט מיר עפעס אין הארצען ארייגעשטעקט...

— וואניא! וואניא! — האט זי א געשריי געטהאן, אויסשטרעקענדיג מיר די הענט, — דו ביזט דא!... — און איז געפאלען אין מיינע ארעמס.

איך האב זי אונטערגעכאפט און אריינגעטראגען אין צימער אריין.

זי האט גע'חלש'ט. וואס טהוט מען? האב איך געטראכט. זי וועט האבען היץ, דאס איז זיכער.

איך האב בעשלאסען צו לויפען צום דאקטאר: מען האט בעדארפט פארכאפען די קראנקהייט. אראבפאהרען האט מען געקענט גיך: ביז צווייי א זייגער איז מיין אלטיטשקער דייטש געוועהנליך געזעסען אין דערהיים. איך בין אוועקגעלאפען צו איהם, און האב געבעטען מאווראן, אז זי זאל אויף א מינוט, אויף א רגע ניט אוועקגעהן פון נאטאשא'ן און זאל זי אין ערגיץ ניט אוועקלאזען. גאט האט מיר געהאלפען: נאך אביסעל און איך וואלט מיין אלטען אין דערהיים ניט געטראפען. איך האב איהם שוין בעגעגענט אין גאס, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון הויז. אין איין אויגענבליק האב איך איהם אריינגעזעצט אין מיין דראשקע, אזוי אז ער האט נאך ניט קיין צייט געהאט זיך צו פארוואונדערען, און מיר האבען זיך געלאזען צוריק צו נאטאשא'ן.

יא, גאט האט מיר געהאלפען! אין דער האלבער שעה פון מיין אבוועזענהייט איז ביי נאטאשא'ן געשעהען אזא פאל, וואס וואלט זי געקענט אינגאנצען טויטען, ווען איך מיט'ן דאקטאר וואלטען ניט אנגעקומען אין צייט. עס איז ניט אוועק א פערטיל שעה נאך מיין אבפאהרען, ווי עס איז אריינגעקומען דער קניאז. ער האט נארוואס בעגלייט זיינע און געקומען צו נאטאשא'ן גלייך פון דער באהן. דעם וויזיט האט ער שוין, ווארשיינליך, לאנג בעשלאסען און בעטראכט. נאטאשא האט מיר שפעטער אליין דערצעהלט, אז אין דעם ערשטען אויגענבליק האט זי זיך אפילו ניט געוואונדערט איבער'ן קניאז. „עס האט זיך מיר אין קאפ געמישט“, האט זי געזאגט.

— מיין ליעבע, — האט ער געזאגט מיט א זיפץ, — איך פערשטעה אייער אומגליק: איך האב געוואוסט, ווי שווער עס וועט אייך זיין די מינוט, און דערפאר האב איך עס געהאלטען פאר מיין חוב אייך צו בעזוכען. טרייסט אייך, אויב איהר קענט, כאטש דערמיט, וואס אבזאגענדיג זיך פון אליאשא'ן, האט איהר איהם גליקליך געמאכט. אבער איהר פארשטעהט דאס בעסער פון מיר, דערפאר ווייל איהר האט אייך בעשלאסען אויף א גרויסער זאך...

— איך בין געזעסען און געהערט, — האט מיר נאטאשא דערצעהלט, — נאר אין אנהויב האב איך איהם ווירקליך אזוי ווי ניט

פאַרשטאַנען. איך געדענק נאָר, אַז איך האָב פעסט, פעסט געקוקט אויף איהם. ער האָט גענומען מיין האַנט און האָט זי אָנגעהויבען צו דריקען אין זיינער. דאָס איז איהם, דאַכט זיך, געווען זעהר אָנגע־נעהם. און איך בין אויף אַזוי וויט געווען ניט מיט זיך, אַז איך האָב אַפילו ניט אַ טראַכט געטהאַן אַרויסצורייסען פון איהם די האַנט.

— איהר האָט פאַרשטאַנען, — האָט ער ווייטער גערעדט, — אַז ווערענדיג אַליאָשאַ'ס פרוי, וואָלט איהר געקענט אין איהם שפּעטער ערוועקען אַ האַס צו זיך, און איהר האָט געהאַט גענוג איידעלען שטאָלץ, דאָס איינצוזעהען און צו ענטשליעסען זיך... אָבער, — איך בין דאָך ניט געקומען אייך צו לויבען. איך האָב אייך נאָר געוואָלט קלאָר מאַכען, אַז קיינמאָל און אין ערגיץ וועט איהר קיין בעסערען פריינד פון מיר ניט געפינען. איך פיהל מיט מיט אייך און בעדויער אייך. אין דער גאַנצער זאַך האָב איך גענומען אַ ניט ווילענדיגען אַנ־טייל, אָבער — איך האָב ערפילט מיין פליכט. אייער גוט האַרץ וועט דאָס פאַרשטעהן און וועט שליעסען פריעדען מיט מיין האַרץ... און מיר איז געווען שווער פאַר אייך; גלויבט מיר!

— גענוג, קניאַז, — האָט נאַטאַשאַ געזאָגט. — לאָזט מיך צורוה.

— אומבעדינגט, איך געה באַלד אַוועק, — האָט ער געענטפערט, — אָבער איך האָב אייך ליעב ווי מיין טאָכטער, און איהר וועט מיר ערלויבען אייך צו בעזוכען. קוקט אויף מיר איצטער, ווי אויף אייער פאָטער און ערלויבט מיר אייך צו זיין ניצליך.

— איך דאַרף קיין זאַך ניט, לאָזט מיך אָב, — האָט נאַטאַשאַ ווידער איבערגעריסען.

— איך ווייס, איהר זענט שטאָלץ... אָבער איך רעד אויפריכטיג, פון האַרצען. וואָס דענקט איהר איצטער צו טהאָן? זיך איבערבעטען מיט די עלטערען? דאָס וואָלט געווען גאַנץ גוט, אָבער אייער פאָטער איז אומגערעכט, שטאָלץ און אַ דעספּאָט; ענטשולדיגט מיר, אָבער אַזוי איז עס. אין אייער הויז וועט איהר איצטער טרעפען בלויז פאָר־וואורפען און נייע ליידען... נאָר דאָך איז נויטיג, אַז איהר זאָלט זיין אונאַבהענגיג, און מיין פליכט, מיין הייליגער חוב איז — זאָרגען זיך איצטער וועגען אייך און אייך העלפען. אַליאָשאַ האָט מיך געבעטען אייך ניט צו פאַרלאָזען און צו זיין אייער פריינד. אָבער עס זיינען אויסער מיר פאַרהאַן נאָך מענשען, וואָס זיינען אייך טיעף איבער־

געבען. איהר וועט מיר וואַרשיינליך ערלויבען אייך פאַרצושטעלען דעם גראַף נ. ער האָט אַן אויסגעצייכענט האַרץ, אונזערער אַן אייגענער, און מען מעג זאָגאַר זאָגען, דער אויפהאַלטער פון אונזער גאַנצער פאַמיליע; ער האָט אַ סך געטהאָן פאַר אַליאָשאַ'ן. אַליאָשאַ האָט איהם זעהר געשעצט און ליעב געהאַט. ער איז אַ שטאַרקער מענש, מיט אַ גרויסען איינפלוס, שוין אַן אַלטיטשקער, און איהר, אַלס אַ מיידעל, מעגט איהם דערפאַר אויפנעמען. איך האָב איהם שוין דערצעהלט וועגען אייך. ער קען אייך איינאָרדענען, און אויב איהר וועט וועלען, קען ער אייך צושטעלען זעהר אַ פיין אָרט... ביי איינער פון זיינע קרובות. איך האָב איהם שוין לאַנג צוריק, גלייך און אָפען ערקלערט א ו נ ז ע ר גאַנצע זאַך, און ער האָט אויף אַזוי ווייט אַרויסגעוויזען זיינע גוטע און איידעלע געפיהלען, אַז ער בעט מיך איצטער אַליין אַפילו וואָס מעגליך גיכער אייך פאַרצושטעלען... דאָס איז אַ מענש, וואָס פיהלט מיט מיט אַלעם שעהנעם, גלויבט מיר, — אַ גוטער, בכבוד'יגער אַלטיטשקער, פעהיג אָבצושאַצען דעם ווערט פון אַ מענשען און אַפילו ערשט ניט לאַנג צוריק איז ער זיך זעהר איידעל בענאַנגען מיט אייער פאָטער אין אַ געוויסער געשיכטע.

נאַטאַשאַ האָט זיך אויפגעשטעלט, ווי אַ געשטאָכענע. איצט האָט זי איהם שוין פאַרשטאַנען.

— פאַרלאָזט מיך, פאַרלאָזט מיך גלייך! — האָט זי אַ געשריי געטהאָן.

— אָבער, מיין פריינד, איהר פאַרגעסט: דער גראַף קען זיין נוצליך אייער פאָטער אויך...

— מיין פאָטער וועט קיין זאַך פון אייך ניט נעמען. וועט איהר מיך אָבלאָזען! — האָט נאַטאַשאַ נאָך אַמאָל אַ געשריי געטהאָן.

— אַ, גאָט, ווי אונגעדולדיג און אונגלויביג איהר זענט! מיט וואָס האָב איך דאָס פאַרדיענט, — האָט דער קניאַז אַרויסגערעדט, זיך אומקוקענדיג מיט אַ געוויסער אונרוהיגקייט, — יעדענפאַלס, וועט איהר מיר ערלויבען, — האָט ער ווייטער גערעדט, אַרויסנעמענדיג אַ גרויס פעקיל פון קעשענע, — איהר וועט מיר ערלויבען איבערצולאָזען ביי אייך דעם בעווייז פון מיין אַנטייל צו אייך, און בעזונדערס פון דעם גראַף נ'ס אַנטייל, וועמענס עצה עס האָט מיך בעוואויגען דערצו. דאָ, אין דעם פעקיל ליעגען צעהן טויזענד רובעל. וואַרט נאָר, מיין פריינד,

— האָט ער אונטערגעכאַפּט, זעהענדיג, אַז נאַסטאַשאַ איז מיט כעס אויפגעשטאַנען פון איהר אָרט. — הערט אַלץ אויס מיט געדולד: איהר ווייסט, אייער פֿאָטער האָט פֿאַרשפּיעלט צו מיר אַ פּראָצעס, און די צעהן טויזענד וועלען זיין אַ בעלוינונג, וועלכע...

— אַוועק, — האָט נאַסטאַשאַ אַ געשריי געטהאָן, — אַוועק מיט דעם געלט! איך זעה אייך דורך און דורך... אַ, נידעריגער, נידעריגער, נידעריגער מענש!

דער קניאַז האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, בלייך פון כעס.

ער איז וואַרשיינליך געקומען צופֿאַהרען כדי אַרומצוקוקען דאָס אָרט, אויסצוגעפינען די לאַגע און האָט וואַרשיינליך שטאַרק גערעכענט אויף דער ווירקונג פון אָט די צעהן טויזענד רובעל אויף דער אָרעמער און פון אַלעמען פאַרלאַזטער נאַטאַשאַ׳ן... זייענדיג נידעריג און גראָב, האָט ער ניט איינמאָל צוגעדיענט דעם גראַף נ., דעם אַלטימשקען לעבּ־יונג, אין אַזעלכע אַרט געשעפטען. אָבער ער האָט פיינט געהאַט נאַ־טאַשאַ׳ן, און זעהענדיג, אַז די זאַך איז ניט געגאַנגען אויף קיין וועג, האָט ער גלייך געענדערט דעם טאָן און האָט מיט בייזער פרייד זיך צוגעאיילט זי׳צו באַליידיגען, אַז ער זאָל וועניגסטענס ניט אַוועקגעהן אומזיסט:

— דאָס איז שוין ניט גוט, מיין ליעבע, וואָס איהר היצט אייך אַזוי, — האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט אַביסעל אַ ציטערענדיגען טאָן, פון דער אונגעדולדיגער בעפֿריעדיגונג צו זעהען וואָס גיכער די ווירקונג פון זיין באַליידיגונג, — אָט דאָס איז שוין ניט גוט. מען לעגט אייך פֿאָר בעשיצונג, און איהר הויבט אויף דאָס נעזעלע... און איהר ווייסט אפילו ניט, אַז איהר דאַרפֿט מיר זיין דאַנקבאַר; איך וואָלט אייך שוין פון לאַנג געקענט אַריינזעצען אין אַ צוכט־הויז, אַלס דער פֿאָטער פון אַ יונגענמאַן, וועלכען איהר האָט פֿאַרפֿיהרט, וועלכען איהר האָט בע׳גנב׳עט, און איך האָב דאָך דאָס ניט געטהאָן... חע־חע־חע־חע!

אָבער מיר זיינען שוין אַריינגעקומען. דערהערענדיג נאָך אין קיך די שטימע, האָב איך אויף אַ סעקונדע אָבגעשטעלט דעם דאָקטאָר און האָב מיך איינגעהערט אין דעם קניאַז׳ס לעצטע פֿראַזע. דערנאָך האָט זיך דערהערט דאָס עקעלהאַפֿטע געלעכטער זיינס און נאַטאַשאַ׳ס פֿאַר־

צווייפעלטער אויסגעשריי: „א, גאט מיינער!“ אין דער מינוט האב איך געעפענט די טהיר און מיך געווארפען אויפ'ן קניאז.

איך האב איהם א שפיי געטהאן אין פנים און מיט'ן גאנצען כח דערלאנגט איהם א זעץ אין דער באק. ער האט זיך שוין געוואלט ארויפווארפען אויף מיר, נאר דערזעהענדיג, אז מיר זיינען אין צוויי־ען, האט ער זיך געלאזט לויפען, כאפענדיג פריהער פון טיש זיין פעקעל מיט געלט. יא, ער האט דאס געטהאן; איך האב אליין גע־זעהן. איך האב געכאפט עפעס אויפ'ן טיש און קיך און האב איהם נאכגעווארפען... אריינלויפענדיג צוריק אין צימער, האב איך דערזע־העו, אז דער דאקטאר האלט צו נאטאשא'ן, וועלכע האט זיך געוואר־פען און געריסען פון זיינע הענט, ווי אין אן אנפאל. א לאנגע צייט האבען מיר זי ניט געקענט בערוהיגען; ענדליך האט זיך אונז איינגע־געבען זי אריינצולעגען אין בעט; זי איז געווען אזוי ווי אין א שרעק־ליכען פיעבער.

— דאקטאר! וואס איז מיט איהר? — האב איך געפרעגט, מיט טויטליכער אנגסט.

— ווארט נאר, — האט ער געענטפערט, — מען דארף זיך נאך צוקוקען צו דער קראנקהייט און דערנאך ערשט קען מען פארשטעהן... נאר, אין אלגעמיין רעדענדיג, איז די זאך זעהר ניט גוט, קען זיך אפילו ענדיגען מיט הייסען פיעבער... איבריגענס, מיר וועלען אננעמען מיטלען...

נאר מיר איז שוין איינגעפאלען אן אנדער געדאנק. איך האב געבעטען דעם דאקטאר צו בלייבען מיט נאטאשא'ן נאך א צוויי אדער דריי שעה און האב גענומען פון איהם דאס ווארט ניט אבצוטרעטען פון איהר אויף קיין איין מינוט. ער האט מיר געגעבען דאס ווארט און איך בין אהיימגעלאפען.

נעלי איז געזעסען אין ווינקעל א פאר'חושכ'טע און אויפגע־רעגטע און האט מאדנע געקוקט אויף מיר. הפנים, אז איך אליין בין אויך געווען מאדנע

איך האב זי געכאפט אויף די הענט, מיך געזעצט אויף דער קא־נאפע, האב זי אוועקגעזעצט ביי מיר אויף די קניהען און האב איהר א הייסען קוש געטהאן. זי איז רויט געווארען.

— נעלי, מלאך!... — האב איך געזאגט, — ווילסטו זיין אונזער

רעטונג? צי ווילסטו אונז אלע ראטעווען?

זי האט מיט פארוואונדערונג א קוק געטהאן אויף מיר.

— נעלי! די גאנצע האפנונג ליעגט איצט אויף דיר! עס איז פארהאן א פאטער: דו האסט איהם געזעהען און קענסט איהם: ער האט פארשאלטען זיין טאכטער און נעכטען איז ער געקומען דיך בעטען צו זיך אנשטאט דער טאכטער. און איצטער האט נאטאשא'ן (און דו האסט געזאגט, אז דו האסט זי ליעב!) פארלאזען דער, וועמען זי האט ליעב געהאט און צוליעב וועמען זי איז פון פאטער אוועק. ער איז א זוהן פון דעם קניאז, וועלכער איז געקומען צו פאהרען, דו געדענקסט, איינמאל אין אווענט צו מיר, און האט דיך נאך געטראפען אליין, און דו ביזט אנטלאפען פון איהם און דערנאך ביזטו קראנק געווען... דו קענסט דאך איהם, א יא? ער איז א שלעכטער מענש!

— איך קען איהם! — האט נעלי געענטפערט, א ציטער געטהאן און בלייך געווארען.

— יא, ער איז א שלעכטער מענש. ער האט געהאסט נאטאשא'ן דערפאר, וואס זיין זוהן, אליאשא, האט געוואלט מיט איהר חתונה האבען. היינט איז אליאשא אוועקגעפאהרען און אין א שעה שפעטער איז שוין זיין פאטער געווען ביי איהר און האט זי באליידיגט, און האט זי געסטראשעט אריינצוזעצען זי אין צוכט־הויז אריין און האט חווק געמאכט פון איהר. דו פארשטעהסט מיך, נעלי?

איהרע שווארצע אויגען האבען א פינקעל געטהאן, נאר זי האט זיי באלד אראבגעלאזט.

— איך פארשטעה, — האט זי קוים צום דערהערען ארויסגע־מורמעלט.

— איצט איז נאטאשא אליין, קראנק; איך האב זי איבערגע־לאזט מיט אונזער דאקטאר און אליין בין איך געקומען צולויפען צו דיר. הער, נעלי: מיר וועלען נעהן צו נאטאשא'ס פאטער; דו האסט איהם ניט ליעב, דו האסט צו איהם ניט געוואלט געהן, נאר איצטער וועלען מיר געהן צו איהם צוזאמען. מיר וועלען אריינגעהן, און איך וועל זאגען, אז דו ווילסט איצטער זיין ביי זיי אנשטאט דער טאכטער, אנשטאט נאטאשא'ן דער אלטער איז איצטער קראנק דערפאר וואס ער האט פארשאלטען די טאכטער, און דערפאר וואס אליאשא'ס פאטער האט איהם נאך ערשט די טעג שרעקליך באליידיגט. ער וויל אפילו

גיט הערען איצטער וועגען דער טאכטער, אבער ער האט זי ליעב, ליעב, נעלי, און ער וויל זיך מיט איהר איבערבעטען; איך וויים דאס, איך וויים דאס אלץ! אזוי איז עס!... דו הערסט, נעלי?

— איך הער, — האט זי ארויסגעזאגט מיט דעם אייגענעם מורמעל. איך האב גערעדט צו איהר, זיך בעגיעסענדיג מיט טרערען. זי האט ניט־דרייסט א קוק געטהאן אויף מיר.

— גלייבסטו דאס?

— איך גלייב.

— דאן וועל איך אריינגעהן מיט דיר, וועל דיך אוועקזעצען, און ווען מען וועט דיך אויפנעמען, מען וועט דיך צערטלען און נעמען אויספרעגען, דאן וועל איך אליין אזוי צופיהרען דעם שמועס, אז מען וועט דיך אויך אנהויבען אויסצופרעגען וועגען דעם, ווי אזוי דו האסט פריהער געלעבט... וועגען דיין מאמען און וועגען דיין זיידען. דערצעהל זיי, נעלי, אלץ אזוי, אזוי ווי דו האסט מיר דערצעהלט. אלץ, אלץ דערצעהל, איינפאך און בעהאלט קיין זאך ניט. דערצעהל זיי, ווי אזוי דער שלעכטער מענש האט פארלאזט דיין מאמען, ווי אזוי זי איז געשטארבען ביי דער בובנאווא אין קעלער, ווי אזוי דו ביזט צוזאמען מיט דער מאמען געגאנגען איבער די גאסען און געבעטען נדבות; וואס זי האט דיר געזאגט און וועגען וואס זי האט דיך געבעטען, ווען זי איז געשטארבען.... און דערצעהל שוין דא וועגען זיידען אויך. דערצעהל זיי, ווי אזוי ער האט געוואלט מוחל זיין דיין מאמען, און ווי אזוי זי האט דיך געשיקט צו איהם אין איהר לעצטער שעה פאר'ן טויט, אז ער זאל קומען צו איהר און איהר מוחל זיין, און ווי אזוי ער האט ניט געוואלט... און ווי אזוי זי איז געשטארבען. אלץ, אלץ דערצעהל! און ווען דו וועסט דאס אלץ דערצעהלען, וועט דער אלטער דאס דערפיהלען אויך אין זיין הארץ. ער וויסט דאך, אז אליאשא האט זי היינט אוועקגעווארפען, און זי איז געבליבען ערנידעריגט און באליידיגט, אליין, אהן הילף און אהן בעשיצונג, אז איהר שונא זאל קענען חוזק מאכען פון איהר. ער וויסט דאס אלץ... נעלי! ראטעווע נאטאשא'ן! ווילסטו פאהרען?

— יא, — האט זי געענטפערט, אטמענדיג שווער, און האט מיט עפעס א מאדנעם בליק לאנג און פעסט א קוק געטהאן אויף מיר:

עפּעס עהנליכעס אויף א פּארוואורף איז געווען אין דעם בליק, און איך האב דאס דערפיהלט אין מיין הארץ.

אבער איך האב ניט געקענט פארלאזען מיין געדאנק. איך האב צופיעל געגלויבט אין איהם. איך האב אנגעכאפּט נעלי'ן ביי דער האנט און מיר זיינען ארויסגעגאנגען. עס איז שוין געווען דריי אזייגער נאכמיטאג. עס איז געווארען כמארנע. פאר דער גאנצער לעצטער צייט זיינען געשטאנען הייסע און שטיקענדע וועטערען. נאר איצטער האט זיך דערהערט ערגעץ ווייט דער ערשטער, פריהער פריהלינגס־דונער. א ווינד האט זיך דורכגעטראגען איבער די שטויביגע גאסען.

מיר האבען זיך איינגעזעצט אין א דראשקע. דעם גאנצען וועג האט נעלי געשוויגען, נאר פון צייט צו צייט האט זי א קוק געטהאן אויף מיר אלץ מיט דעם אייגענעם מאדנעם און רעטזעלהאפטען בליק. איהר ברוסט האט זיך געהויבען און, צוהאלטענדיג זי אויף דער דראשקע, האב איך געהערט, ווי עס האט אין מיין האנט געקלאפּט איהר קליין הערציל, גלייך עס וואלט געוואלט ארויסשפּריגען.

---

## זיעבעטער קאפּיטעל.

דער וועג האט זיך מיר אויסגעוויזען אהן א סוף. ענדליך זיינען מיר געקומען צופאהרען, און איך בין אריין צו מיינע אלטע לייט מיט א פארגליווערט הארץ. איך האב ניט געוואוסט, ווי אזוי איך וועל ארויסגעהן פון זייער הויז, נאר איך האב געוואוסט, אז וואס עס זאל ניט זיין, מוז איך ארייננעהן מיט שלום און מיט פארגעבונג.

עס איז שוין געווען פיער אזייגער. די אלטע זיינען געזעסען אליין, ווי געוועהנליך. ניקאלאי סערגעאיטש איז געווען זעהר צורודערט און קראנק און איז האלב געלעגען, אויסגעצויגען אין זיין רוהיגער שטוהל, א בלייכער און אן אבגעשוואכטער, און דער קאפּ פארבונדען מיט א טיכעל. אננא אנדרעיעווגא איז געזעסען נעבען איהם, האט איהם פון צייט צו צייט איינגענעצט די שלייפען מיט עסיג און האט

איהם אהן אויפהער, מיט א פריפענדיגען און ליידענדען בליק אריינגע־
קוקט אין פנים, וואס עס האט דאכט זיך, זעהר בעאונרוהיגט דעם אל־
טען און עס האט איהם אפילו פארדראסען. ער האט פאר׳עקשנ׳ט
געשוויגען, זי האט זיך ניט דערוועגט צו רעדען. אונזער פלעצליכער
אנפאהר האט זיי ביידען איבעראשט. אננא אנדרעיעוונא האט זיך
עפעס פלוצלונג דערשראקען, דערזעהענדיג מיך מיט נעלי׳ן, און די
ערשטע מינוטען האט זי געקוקט אויף אונז אזוי, ווי זי וואלט זיך
פלוצלונג דערפיהלט אין עפעס שולדיג.

— אט האב איך אייך געבראכט מיין נעלי׳ן, — האב איך גע־
זאגט אריינקומענדיג. — זי האט זיך איבערלעגט און האט איצטער
אליין געוואלט געהן צו אייך. נעמט זי אויף און האט זי ליעב...

דער אלטער האט פארדעכטיג א קוק געטהאן אויף מיר און שוין
לויט זיין בליק אליין האט מען געקענט זעהען, אז ער ווייסט אלץ,
דאס הייסט, אז נאטאשא איז שוין איצטער אליין, א פארלאזענע, אן
אוועקגעווארפענע און, אפשר שוין א באליידיגטע. איהם האט זיך
זעהר געוואלט אריינדרינגען אין דעם סוד פון אונזער קומען, און ער
האט פרעגענדיג געקוקט אויף מיר מיט נעלי׳ן. נעלי האט געציטערט,
דריקענדיג פעסט מיין האנט מיט איהרער, האט געקוקט אויף דער
ערד און נאר פון צייט צו צייט געווארפען א שרעקענדיגען בליק ארום
זיך, אזוי ווי א קליינע געפאנגענע חיה. נאר אננא אנדרעיעוונא איז
באלד געקומען צום שכל און האט זיך אנגעשטויסען: און זי האט זיך
אזוי א לאז געטהאן צו נעלי׳ן, האט איהר א קוש געטהאן, זי צוגע־
לאשטשעט, האט זיך אפילו צעוויינט און זי מיט צערטליכקייט אוועק־
געזעצט נעבען זיך, ניט ארויסלאזענדיג פון איהר האנט נעלי׳ס האנט.
נעלי האט מיט נייגעריגקייט און מיט עפעס א פארוואונדערונג זי
בעטראכט פון א זייט.

נאר, נאכדעם ווי זי האט ארומגעצערטעלט און אוועקגעזעצט
נעלי׳ן נעבען זיך, האט שוין די אלטיטשקע ניט געוואוסט מעהר וואס
צו טהאן, און האט מיט נאאיווער ערווארטונג גענומען קוקען אויף
מיר. דער אלטער האט זיך אנגעכמורעט, און האט זיך שיער ניט
אנגעשטויסען צוליעב וואס איך האב אהערגעבראכט נעלי׳ן. דערזע־
הענדיג, אז איך בעמערק זיין אומצופריעדענע מינע און דעם אנגע־

כמורעטען שטערן, האָט ער צוגעפיהרט זיין האַנט צום קאָפּ און מיר געזאָגט אַבגעהאַקט:

— דער קאָפּ טהוט וועה, וואַניאַ.

מיר זיינען נאָך אַלץ געזעסען און געשוויגען: איך האָב געטראַכט, וואָס אָנצוהויבען. אין צימער איז געוועזן טונקעל; אַ שווארצער וואָלקען איז אָנגעקומען, און עס האָט זיך ווידער דערהערט דאָס ווייטע קאָ־לערען פון אַ דונער.

— עפּעס אַזוי פריה אַ דונער היינטיגען פריהלינג, — האָט דער אַלטער געזאָגט. — און אַט אין זיבענאונדרייסיגסטען יאָהר, געדענק איך, איז אין אונזערע ערטער געווען נאָך פריהער.

אַננאַ אַנדרעיעוונאַ האָט אַבגעזיפצט.

— זאָל איך ניט אויפשטעלען דעם סאַמאָוואַרטשיק? — האָט זי ניט דרייסט געפרעגט; נאָר קיינער האָט איהר ניט געענטפערט, און זי האָט זיך ווידער געווענדעט צו נעלי'ן.

— ווי אַזוי, טייערינקע, זאָל איך דיך רופען? — האָט זי זי געפרעגט.

נעלי האָט מיט אַ שוואַכער שטים אָנגערופען איהר נאָמען און האָט זיך נאָך שטאַרקער פאַרטראַכט. דער אַלטער האָט פעסט געקוקט אויף איהר.

— דאָס איז העלענאַ, וואָס? — האָט די אַלטיטשקע ווייטער גערעדט, ווערענדיג עטוואָס לעבעדיגער.

— יאַ, — האָט נעלי געענטפערט, און עס איז ווידער געקומען אַ פויזע אויף אַ מינוט.

— די שוועסטער פּראַסקאָוויאַ אַנדרעיעוונאַ האָט געהאַט אַ שוועסטערקינד העלענע, — האָט זיך ניקאָלאַי סערגעאיטש אָנגערופען.

— האָט מען זי אויך גערופען נעלי, איך געדענק.

— וואָס זשע, טייבעלע, האָסטו ניט קיין אייגענע, ניט קיין טאַ־טען, ניט קיין מאַמען? — האָט אַננאַ אַנדרעיעוונאַ ווידער גע־פרעגט.

— ניין, — האָט נעלי אַרויסגעמורמעלט, אַבגעהאַקט און דער־שראָקען.

— איך האָב עס געהערט, געהערט, און לאַנג איז שוין דיין מאַ־מינקע געשטאָרבען?

— ניט לאנג.

— טייבעלע מיינס, יתומה'לע, — האט די אלטיטשקע ווייטער גערעדט, קוקענדיג אויף איהר מיט רחמנות.

ניקאלאי סערגעאיטש האט אומגעדולדיג געפויקט מיט די פינגער אויפ'ן טיש.

— דיין מאמינקע איז געווען פון די אויסלענדערינס, יואס? איהר האט דאך אזוי דערצעהלט, איוואן פיעטראוויטש, יואס? — האט די אלטיטשקע ניט דרייסט ווייטער געפרעגט.

נעלי האט פלינק א קוק געטהאן אויף מיר מיט איהרע שווארצע אויגען, ווי זי וואלט מיך גערופען צו הילף. זי האט עפעס ניט רעגעלמעסיג און שווער געאטהעמט.

— איהר מאמע, אננא אנדרעיעוונא, — האב איך אנגעהויבען, — איז געווען די טאכטער פון אן ענגלענדער מיט א רוסישער, אזוי אז זי איז גיכער געווען א רוסישע; און נעלי אליין איז געבוירען געווארען אין אויסלאנד.

— ווי אזוי זשע איז עס איהר מאמע מיט איהר מאן אוועקגעפאהרען קיין אויסלאנד?

נעלי האט פלוצלונג אינגאנצען אויפגעפלאמט. די אלטיטשקע האט זיך אין איין אויגענבליק געכאפט, אז זי האט זיך פארעדט, און האט א ציטער געטהאן אונטער דעם אלטען'ס בייזען בליק. ער האט שטרענג א קוק געטהאן אויף איהר און האט זיך אבגעווענדט צום פענסטער...

— איהר מאמע איז געווארען אבגענארט פון א שלעכטען, נידעריגען מענש, — האט ער זיך אנגערופען, זיך פלוצלונג ווענדענדיג צו אננא אנדרעיעוונא. — זי איז אוועקגעפאהרען מיט איהם פונ'ם פאטער און האט איבערגעגעבען דעם פאטער'ס געלט צום געליעבטען; און יענער האט עס ביי איהר אויסגעשווינדעלט, האט זי פארפיהרט קיין אויסלאנד, בע'גנב'עט און אוועקגעווארפען. בלויז איין גוטער מענש האט זי ניט פארלאזען און האט איהר געהאלפען ביז אין טויט אריין און ווען ער איז געשטארבען, האט זי זיך מיט צוויי יאהר צוריק אומגעקערט צום פאטער. יא, אזוי האסטו עס דערצעהלט, וואניא? — האט ער קורץ געפרעגט.

נעלי איז אין גרעסטער אויפרעגונג אויפגעשטאנען פון איהר

אַרט און געוואָלט געהן צו דער טהיר.

— קום אהער, נעלי, — האט דער אַלטער געזאגט, ענדליך אויס־שטרעקענדיג צו איהר די האנט. זעץ דיך דא, זעץ דיך נעבען מיר, דא, זיץ! — ער האט זיך איינגעבויגען, האט איהר א קוש געטהאן אין שטערן און זי שטיל אנגעהויבען גלעטען איבער'ן קעפעל. נעלי האט אינגאנצען גענומען ציטערן... נאר זי האט זיך איינגעהאלטען. אננא אנדרעיעווגא האט מיט פריידיגער האפנונג געקוקט, ווי איהר ניקא־לאי סערגעאיטש האט ענדליך צוגעטוליעט צו זיך דאס יתומה'לע.

— איך ווייס, נעלי, אז דיין מאמען האט אומגעבראכט א שלעכ־טער מענש, א שלעכטער און אונמאראלישער מענש, אבער איך ווייס אויך, אז זי האט איהר פאטער ליעב געהאט און געשעצט, — האט דער אלטער מיט אויפרעגונג ארויסגערעדט, גלעטענדיג זי ווייטער איבער'ן קאפ, און ניט קענענדיג זיך איינהאלטען אונז ניט צוצואווארפען אין דער מינוט דעם אויסרוף. אלייכטע פארב האט בעדעקט זיינע בלייכע באקען, נאר ער האט זיך בעמיהט ניט צו קוקען אויף אונז.

— די מאמעשי האט ליעב געהאט דעם זיידען, מעהר ווי דער זיידע האט זי ליעב געהאט, — האט נעלי ניט־דרייסט, אבער פעסט ארויסגעזאגט, און האט זיך אויך בעמיהט אויף קיינעם ניט צו קוקען.

— און פון וואנען ווייסטו דאס? — האט דער אלטער שארף גע־פרעגט, ניט אויסהאלטענדיג, ווי א קינד, און גלייך ער וואלט זיך אליין געשעהמט פאר זיין אומגעדולד.

— איך ווייס, — האט נעלי קורץ געענטפערט. — ער האט די מאמען ניט אויפגענומען... און האט זי פארטריבען...

— איך האב געזעהען, אז ניקאלאי סערגעאיטש'ן וואלט זיך גע־וואלט עפעס זאגען, אנטקעגענזאגען, זאגען, צום ביישפיעל, אז דער אלטער האט צוליעב אן אורזאך די טאכטער ניט אויפגענומען, נאר ער האט א קוק געטהאן אויף אונז און געשוויגען.

— ווי אזוי זשע, וואו זשע האט איהר געלעבט, ווען דער זיידע האט אייך ניט אויפגענומען? — האט געפרעגט אננא אנדרעיעווגא, אין וועלכער עס איז פלוצלונג ארויסגעקומען אן עקשנות און א פער־לאנג ווייטער צו שמועסען אט טאקע אויף דער טהעמע.

— ווען מיר זיינען געקומען צו פאהרען, האבען מיר א לאנגע צייט געזוכט דעם זיידען, — האט נעלי געענטפערט. — נאר מיר האַ־

בען איהם אויף קיין פאל ניט געקענט געפינען. און די מאמע האט מיר טאקע דאמאלס געזאגט, אז דער זיידע איז פריהער זעהר רייך געווען און האט געוואלט בויען א פאבריק, און אז איצטער איז ער זעהר ארים. דערפאר ווייל יענער, מיט וועמען די מאמע איז אוועקגעפאהרען האט ביי איהר צוגענומען דעם זיידענ'ס גאנצע געלט און האט עס איהר ניט אבגענעבען. זי האט עס מיר אליין געזאגט.

— הם... — האט זיך דער אלטער אנגערופען.

— און זי האט מיר נאך געזאגט, — האט נעלי ווייטער גערעדט, ווערענדיג אלץ מעהר און מעהר היימיש, און גלייך זי וואלט געוואלט רעדען צו ניקאלאי סערגעאיטש'ן, נאר ווענדענדיג זיך צו אננא אנדרעיעוונא'ן — זי האט מיר געזאגט, אז דער זיידע איז אויף איהר זעהר בייז, און אז זי אליין איז פאר איהם אין אלעם שולדיג, און אז זי האט איצטער אויף דער גאנצער וועלט קיינעם ניט אויסער דעם זיידען. און ווען זי האט דאס מיר געזאגט, האט זי געוויינט... „ער וועט מיר ניט מוחל זיין", האט זי געזאגט, נאך ווען מיר זיינען געקומען אהערצופאהרען. — „נאר אפשר, ווען ער וועט דיך דערזעהען, וועט ער דיך ליעב בעקומען, און צוליעב דיר, וועט ער מיר אויך מוחל זיין." די מאמע האט מיך זעהר ליעב געהאט, און ווען זי האט דאס גערעדט, האט זי מיך שטענדיג געקושט, און צוגעהן צום זיידען האט זי זעהר מורא געהאט. און מיך האט זי געלערנט בעטען גאט פאר'ן זיידען, און האט אליין געבעטען, און נאך א סך האט זי מיר דערצעהלט, ווי אזוי זי האט פריהער געלעבט מיט'ן זיידען, און ווי שטארק דער זיידע האט זי ליעב געהאט, מעהר פון אלע. זי האט איהם געשפיעלט אויפ'ן פארטעפיאן און אין אווענט האט זי ביכער געלעזען, און דער זיידע האט זי געקושט און האט איהר א סך זאכען געשענקט... האט איהר דורכאנאנד געשענקט... אזוי אז איינמאל האבען זיי זיך צוקריעגט אין דער מאמע'ס געבורטסטאג: דערפאר ווייל דער זיידע האט געמיינט, אז די מאמא ווייסט נאך ניט, וואס פאר א מתנה זי וועט קריעגען, און די מאמא האט עס שוין פון לאנג געוואוסט. די מאמא האט געוואלט האבען אויערינגלעך, און דער זיידע האט זי אלץ דורכאנאנד אבגענארט און געזאגט, אז ער וועט איהר ניט שענקען קיין אויערינגלעך, נאר א בראשקע; און ווען ער האט געבראכט אויערינגלעך, און ווי ער האט דערזעהען, אז די מאמא ווייסט שוין, אז עס וועלען זיין

אויערענגלעך און ניט קיין בראשקע, איז ער בייז געווארען דערפאר. וואס די מאמע איז עס געוואר געווארען, און האט א האלבען טאג גיט גערעדט מיט איהר, און דערנאך איז ער אליין געקומען זי בעטען זי זאל איהם ענטשולדיגען...

נעלי האט דערצעהלט אין איין אטהעם, און אפילו א פארב האט געקומען שפיעלען אין איהרע בלייכע, קראנקע בעקעלעך.

מען האט געזעהען, אז איהר מ א מ א האט ניט איינמאל גערעדט מיט איהר קליינער נעלי וועגען איהרע אמאליגע גליקליכע טעג, זיצענדיג אין איהר ווינקעל, אין קעלער, ארומנעמענדיג און קוש־שענדיג איהר מיידעלע (די איינציגע פרייד, וואס איז איהר געבליבען אין לעבען), און האט געוויינט איבער איהר, און האט אין דער אייגענער צייט ניט פארדעכטיגט מיט וואס פאר א קראפט עס וועלען זיך אבדרוקען די ערצעהלונגען איהרע אין דעם קרענקליך־עמפפינדליכען און פריה־ענטוויקעלטען הארץ פון איהר קראנק קינד.

נאר די היגנעריסענע נעלי איז פלוצלונג אזוי ווי צו זיך געקומען, האט זיך מיסטרויאיש ארומגעקוקט און שטיל געבליבען. דער אלטער האט אנגעכמורעט דעם שטערן און ווידער גענומען פויקען אויפ'ן טיש; ביי אננא אנדרעיעווגא האט זיך בעוויזען א טרער אויף די אויגען און זי האט שווייגענדיג אבגעווישט מיט'ן טיכעל.

— די מאמעשי איז געקומען צו פאהרען אהער זעהר א קראנקע.

— האט נעלי צוגעגעבען מיט א שטילער שטים, — די ברוסט האט איהר שטארק וועה געטהאן. מיר האבען לאנג געזוכט דעם זיידען און ניט געקענט געפינען, האבען מיר זיך אליין פארדינגען אין א קעלער־שטוב, אין א ווינקעל.

— אין א ווינקעל, א קראנקע! — האט אננא אנדרעיעווגא אויס־געשריגען.

— יא... אין א ווינקעל... — האט נעלי געענטפערט. — די מאמא איז געווען ארעם. די מאמעשי האט מיר געזאגט, — האט זי צוגע־געבען היימישער, — אז עס איז ניט קיין זינד צו זיין ארעם, אז עס איז א זינד צו זיין רייך און צו באליידיגען... און אז גאט שטראפט זי.

— וואס־זשע האט איהר געדונגען אויפ'ן וואסילעווסקער? ביי דער בובנאווא, וואס? — האט דער אלטער געפרעגט, זיך ווענדענדיג צו מיר און האט זיך בעמיהט ארויסצעווייזען א געוויסע נאכלעסיגקייט

אין זיין פראגע. ער האט געפרעגט, אזוי אי עס וואלט איהם ניט בעקוועם געווען צו זיצען שטיל.

— ניין, ניט דארט... צו ערשט אין דער מיעשטשאנסקע, — האט נעלי געענטפערט. — דארט איז געווען זעהר פינסטער און פייכט,— האט זי ווייטער גערעדט, נאך א קורצען שווייגען, — און די מאמא איז זעהר קראנק געווארען, נאר דאמאלס איז זי נאך ארומגעגאנגען. איך האב איהר געוואשען וועש און זי האט געוויינט. דארט האט אויך געוואוינט אן אלטיטשקע, א קאפיטאנ'ס א ווייב, און עס האט אַג־וואוינט א טשינאווניק, וואס האט שוין ניט גערעדט; ער איז בסדר אהיימגעקומען שכור און יעדע נאכט האט ער געשריגען און געטומעלט. איך האב זעהר מורא געהאט פאר איהם. די מאמעשי האט מיך גענומען צו זיך אויפ'ן בעט און האט מיך ארומגענומען, און אליין פלעגט זי איינגאנצן ציטערן, און דער טשינאווניק שרייט און זידעלט זיך. ער האט איינמאל געוואלט שלאגען די קאפיטאנשע, און זי איז געווען אן אלטע אלטיטשקע און איז געגאנגען מיט א שטעקעלע. די מאמא האט אויף איהר רחמנות געהאט און זי האט זיך איינגעשטעלט פאר איהר; האט דער טשינאווניק א זעץ געטהאן דער מאמען און איך דעם טשינאווניק...

נעלי איז געבליבען שטעהן. די עראינערונג האט זי אויפגערעגט. איהרע אויגעלעך האבען גענומען פינקלען.

— פאטער אין הימעל! — האט אננא אנדרעיעוונא א געשריי געטהאן, ביז דער לעצטער שטופע פאראינטערעסירט מיט דער ער־ציילונג און ניט אראבנעמענדיג די אויגען פון נעלי, וועלכע האט זיך הויפּטזעכליך געווענדט צו איהר.

— דאן איז די מאמע אוועק, — האט נעלי ווייטער גערעדט,— און האט מיך אוועקגעפיהרט מיט זיך. דאס איז געווען בייטאג. מיר זיינען אלץ געגאנגען איבער די גאסען, ביז אווענט, און די מאמא האט אלץ געוויינט און געגאנגען, און מיך געפיהרט ביי דער האנט. איך בין זעהר מיעד געווארען; מיר האבען יענעם טאג דערצו ניט געגע־סען. און די מאמא האט אלץ גערעדט אליין מיט זיך און האט מיר געזאגט: זיי ארעם, נעלי, און ווען איך וועל שטארבען, זאלסטו קיי־נעם און קיין זאך ניט פאלגען. געה ניט צו קיינעם; זיי אליין, ארעם, און ארבייט, און איז נישטא קיין ארבייט, זאלסטו בעטלען, נאר צו

ז י י געה ניט". נאר פארנאכט זיינען מיר דורכגעגאנגען א גרויסע גאס, און פלוצלונג האט די מאמא א געשריי געטהאן: „אזארקא! אזארקא!" — און פלוצלונג איז א גרויסער הונט, אהן וואל אויף זיך, צוגעלאפען צו דער מאמען, געגומען וואויען און זיך געווארפען צו איהר, און די מאמא האט זיך דערשראקען, איז בלייך געווארען, האט א געשריי געטהאן און זיך געווארפען אויף די קניה פאר א הויכען אלטען, וואס איז געגאנגען מיט א שטעקען און האט געקוקט אויף דער ערד, און אט דער אלטער איז טאקע געווען דער זיידע, און אזא דארער, אזוי ארעם אנגעטהאן. דאמאלס האב איך עם צום ערשטען מאל געזעהען דעם זיידען. דער זיידע האט זיך אויך זעהר דערשראקען און איז איינגאנצען בלייך געווארען, און ווי ער האט דערזעהען, אז די מאמעשי ליעגט נעבען איהם און האט ארומגעכאפט זיינע פיס, — האט ער זיך ארויסגעריסען, א שטויס געטהאן די מאמא, א קלאפ געטהאן מיט'ן שטעקען אויף די שטיינער און איז שנעל אוועקגעגאנגען פון אונז. אזארקא איז נאך געבליבען און האט אלץ געוואויעט, און געלעקט די מאמא, דערנאך איז ער געלאפען צום זיידען, האט איהם אנגעכאפט פאר א פאלע און איהם געשלעפט צוריק, נאר דער זיידע האט איהם א קלאפ געטהאן מיט'ן שטעקען. אזארקא האט שוין ווידער געוואלט לויפען צו אונז, נאר דער זיידע האט איהם גערופען: איז ער אוועקגעלאפען נאכ'ן זיידען און האט אלץ געוואויעט. און די מאמא איז געלעגען ווי א טויטע, ארום האבען זיך מענשען צונויפגעקליבען. פאליציי איז געקומען. איך האב אלץ געשריגען און אויפגעהויבען די מאמא. זי איז אויפגעשטאנען, האט זיך אומגעקוקט און איז אוועקגעגאנגען מיט מיר. איך האב זי אהיימגעפיהרט. מענשען האבען אויף אונז לאנג געקוקט און אלץ מיט די קעפ געשאקעלט...

נעלי האט זיך אבגעשטעלט איבערצוכאפען דעם אטהעם און צו קומען צו זיך. זי איז געווען זעהר בלייך. נאר די ענטשלאסענהייט האט געפינקעלט אין איהר בליק. מען האט געזעהען, אז זי האט זיך גרליך בעשלאסען צו רעדען א ל ץ. עפעס ארויסרופענדעס איז אפילו געווען אין איהר אין דער מינוט.

— נו וואס, — האט ניקאלאי סערגעאיטש בעמערקט מיט אן איבערגעריסענער שטים און מיט א געוויסער צודרייצטער שארפקייט.—

נו, וואס, דיין מאמא האט באליידיגט איהר פאטער, און ער האט זי דערפאר פארשטויסען...

— די מאמא האט מיר דאס אייגענע געזאגט, — האט נעלי שארף אונטערגעכאפט, — און ווען מיר זיינען אהיימגעגאנגען האט זי אלץ געזאגט: דאס איז דיין זיידע, נעלי, און איך בין שולדיג געגען איהם, און אט האט ער מיך פארשאלטען, דערפאר בעשטראפט עס מיך איצטער גאט, און יענעם גאנצען אווענט און אלע טעג נאכדעם האט זי דאס אייגענע גערעדט. און גערעדט האט זי, ווי זי וואלט זיך אליין ניט פארשטאנען...

דער אלטער האט געשוויגען.

— און ווי אזוי זענט איהר דערנאך אויף אן אנדער דירה איבערגעפאהרען? — האט אננא אנדרעיעווגא געפרעגט און ווייטער שטיל געוויינט.

— די מאמעשי איז די אייגענע נאכט קראנק געווארען, און די קאפיטאנשע האט אויפגעזוכט די דירה ביי דער בובנאווא און אויף איבערמארגען האבען מיר זיך איבערגעצויגען, און די קאפיטאנשע מיט אונז; און אזוי ווי מיר האבען זיך איבערגעצויגען, האט זיך די מאמא איינגאנצען אוועקגעלעגט, און דריי וואכען איז זי געלעגען קראנק, און איך האב זי בעדיענט. דאס געלט איז ביי אונז אינגאנצען אויסגעגאנגען, און עס האבען אונז נאר געהאלפען די קאפיטאנשע און איוואן אלעקסאנדריטש.

— דער גרעבער, דער בעל הבית, — האב איך מיך אנגערופען, אום עס קלערער צו מאכען.

— און ווען די מאמא איז אויפגעשטאנען פון בעט און אנגעהויבען ארומצוגעהן, האט זי מיר דאמאלס דערצעהלט וועגען אזארקא'ן.

נעלי האט זיך אבגעשטעלט. דער אלטער האט זיך אזוי ווי דערפרעהט, וואס דער שמועס איז איבערגעגאנגען אויף אזארקא'ן.

— וואס זשע האט זי דיר דערצעהלט וועגען אזארקא'ן? — האט ער געפרעגט, און האט זיך נאך מעהר אנגעלעהנט אין זיין שטוהל, גלייך ער וואלט נאך מעהר געוואלט בעהאלטען זיין פנים און קוקען אראב.

— זי האט צו מיר דורכאנאנד גערעדט וועגען זיידען, — האט נעלי געענטפערט, — אין קראנקהייט האט זי אלץ וועגען איהם גע־

רערט. און ווען זי האט גערעדט פון היץ, האט זי אויך דערצעהלט. און ווען זי האט אנגעהויבען געזונד צו ווערען, האט זי מיר ווידער אנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי אזוי זי האט פריהער געלעבט... דאמאלס האט זי מיר אויך וועגען אזארקא'ן דערצעהלט, דערפאר ווייל אמאל ערגיץ ביים טייך, הינטער דער שטאדט, האבען איינגלעך געשלעפט אזארקא'ן אויף א שטריקל און איהם געוואלט דערטרענקען, האט זיי די מאמא געגעבען געלט און ביי זיי געקויפט אזארקא'ן. ווען דער זיידע האט דערזעהען אזארקא'ן האט ער אנגעהויבען שטארק צו לאכען פון איהם. נאר אזארקא איז אנטלאפען. האט די מאמא גענומען וויינען: דער זיידע האט זיך דערשראקען און האט געזאגט, אז ער וועט געבען הונדערט רובעל דעם, וואס וועט ברענגען צופיהרען אזארקא'ן. אויפ'ן דריטען טאג האט מען איהם טאקע געבראכט: דער זיידע האט אוועקגעגעבען הונדערט רובעל און פון דאמאלס אן האט ער אנגעהויבען ליעב צו האבען אזארקא'ן. און די מאמא האט איהם אזוי אנגעהויבען ליעב צו האבען, אז זי האט איהם אפילו גענומען צו זיך אויפ'ן בעט. זי האט מיר דערצעהלט, אז אזארקא איז פריהער ארומגעגאנגען מיט קאמעדיאנשטשיקעס איבער די גאסען און האט געקענט שטעהן אויף צוויי פיס, און האט געפיהרט אויף זיך א מאלפע, און האט געקענט דרעהען מיט א ביקס, און נאך א סך זאכען האט ער געקענט... און ווען די מאמא איז אוועקגעפאהרען פונ'ם זיידען, האט דער זיידע ווייטער איבערגעלאזט ביי זיך אזארקא'ן, און איז כסדר געגאנגען מיט איהם, אזוי אז אויף דער גאס, ווען די מאמא האט דערזעהען אזארקא'ן, האט זי גלייך געטראפען, אז דער זיידע איז דא אויך פארהאנען...

דער אלטער האט, ווייזט אויס, ניט דאס ערווארט וועגען אזארקא'ן, און ער האט זיך אלץ מעהר און מעהר אנגעכמורעט. ער האט שוין מעהר קיין זאך ניט אויסגעפרעגט.

— האט איהר, הייסט עס, אזוי שוין מעהר דעם זיידען ניט געזעהען? — האט אננא אנדרעיעוונא געפרעגט.

— ניין, ווען די מאמא האט אנגעהויבען געזונד צו ווערען, דאמאלס האב איך ווידער בעגעגענט דעם זיידען. איך בין געגאנגען אין געוועלביל אריין נאך ברויט. פלוצלונג האב איך דערזעהען א מענש מיט אזארקא'ן, איך האב א קוק געטהאן און דערקענט דעם זיידען. איך

האב מיך אבגערוקט אין א זייט און מיך צוגעדריקט צו דער וואנד. דער זיידע האט א קוק געטהאן אויף מיר, האט לאנג געקוקט און ער איז געווען אזוי שרעקליך, אז איך האב מיך זעהר דערשראקען פאר איהם, און ער איז פארבייגעגאנגען: אזארקא אבער האט זיך דערמאנט אן מיר און האט אנגעהויבען צו שפרינגען ארום מיר און מיר לעקען די הענט. איך בין געשווינד געגאנגען אהיים, האב א קוק געטהאן אויף צוריק, דער זיידע איז אריין אין געוועלבעל. דא האב איך א טראכט געטהאן: ער פרעגט מסתמא אויס, און איך האב מיך נאך מעהר דער־שראקען, און ווען איך בין אהיימגעקומען, האב איך דער מאמעשי גארניט געזאגט, כדי זי זאל ניט ווערער קראנק ווערען, און אליין בין איך צומארגענס אין געוועלביל אריין ניט געגאנגען: איך האב גע־זאגט, אז דער קאפ טהוט מיר וועה: און ווען איך בין איבערמארגען געגאנגען, האב איך קיינעם ניט געטראפען און איך האב שרעקליך מורא געהאט, אזוי אז איך בין געלאפען, און מיט נאך א טאג שפע־טער פלוצלונג געה איך, איך בין נאר וואס ארונטער אויפ׳ן ראג, און דער זיידע שטעהט פאר מיר מיט אזארקא׳ן. איך בין אנטלאפען און האב מיך אריינגעדרעהט אין אנ׳אנדער גאס און בין פון דער אנדע־רער זייט אין געוועלביל אריינגעגאנגען; נאר איך האב מיך פלוצלונג ווידער גלייך אויף איהם אנגעשטויסען און האב מיך אזוי דער־שראקען, אז איך בין גלייך דא געבליבען שטעהן און איך קען ניט געהן. דער זיידע האט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגען מיר און האט ווידער לאנג געקוקט אויף מיר, דערנאך האט ער מיך געגלעט איבער׳ן קאפ, מיך גענומען ביי דער האנט און אוועקגעפיהרט, און אזארקא געהט אונז נאך און דרעהט מיט׳ן עק. דא האב איך געזעהען, אז דער זיידע קען שוין ניט געהן גלייך, נאר ער שפארט זיך אלץ אן אויפ׳ן שטעקען, און די הענט ציטערען ביי איהם אינגאנצען. ער האט מיך צו־געפיהרט צו א הענדלער, וואס איז געזעסען אויפ׳ן ראג און פארקויפט קיכלעך און עפעל. דער זיידע האט געקויפט א האהן און א פישעלע פון לעקעך, און א צוקערעל, און אן עפעל, און ווען ער האט ארויס־גענומען דאס געלט פון לעדערנעם בייטעלע, האבען זיך איהם די הענט זעהר געטרייסעלט און ער האט אראבגעלאזט פינף קאפיקעס, און איך האב עס איהם אויפגעהויבען. ער האט מיר די פינף קאפיקעס געשענקט און די קיכלעך אוועקגעגעבען, און האט מיך געגלעט איבער׳ן קאפ.

נאָר ער האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט. נאָר ער איז אוועק פון מיר אהיים.

דאַמאָלס בין איך געקומען צו דער מאַמען און האָב איהר דערצעהלט אַלץ וועגען זיידען. און ווי אַזוי איך האָב אָנגעהויבן פאַר איהם מורא געהאַט און האָב מיך אויסבעהאַלטען פון איהם. די מאַמע האָט מיר אין אָנהויב ניט געגלויבט, נאָר דערנאָך האָט זי זיך אַזוי דערשרעקט, אַז אַ גאַנצען אָוונט האָט זי מיך אויסגעפרעגט, מיך געקושט און געוויינט, און ווען איך האָב איהר שוין אַלץ דערצעהלט, האָט זי מיך אויף ווייטער געהייסען: קיינמאָל ניט קיין מורא צו האָבען פאַר'ן זיידען, און אַז מסתמא האָט מיך דער זיידע ליעב, אויב ער איז אומיסטען געקומען צו מיר. און זי האָט געהייסען, אַז איך זאָל מיך צערטלען צום זיידען און זאָל רעדען מיט איהם. און צומאָרגענס האָט זי מיך עטליכע מאָל ארויסגעשיקט אין דער פריה, כאָטש איך האָב איהר געזאָגט, אַז דער זיידע איז געקומען שטענדיג נאָר פאַרנאַכט. און אַליין איז זי געגאַנגען נאָך מיר פון דער ווייטענס און האָט זיך בעהאַלטען הינטער א ראָג. און אויפ'ן צווייטען טאָג אויך אַזוי, נאָר דער זיידע איז ניט געקומען, און יענע טעג איז געגאַנגען א רעגען און די מאַמאַ האָט זיך זעהר פאַרקיהלט, ווייל זי איז כסדר ארויסגעגאַנגען מיט מיר פאַר'ן טויער, און זי האָט זיך ווידער געלעגט אין בעט אריין.

און דער זיידע איז געקומען אין א וואָך אַרום און האָט מיר ווידער געקויפט א פישעלע און אַן עפּעל און האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט. און ווען ער איז שוין אוועקגעגאַנגען פון מיר, בין איך איהם שטילערהייט נאָכגעגאַנגען, ווייל איך האָב פריהער אַזוי בעטראַכט, אויסצוגעפינען וואו דער זיידע וואוינט און צו לאָזען וויסען דער מאַמאַ. איך בין געגאַנגען פון ווייטען אויף דער אַנדערער זייט גאַס, אַזוי אַז דער זיידע זאָל מיך ניט זעהען. און געוואוינט האָט ער זעהר ווייט, ניט דאָרט, וואו ער האָט שפּעטער געוואוינט און געשטאָרבען, נאָר אין דער גאָראָכאָווער, אויך אין א גרויס הויז, אויפ'ן פערטען שטאָק. איך בין דאָס אַלץ געוואָר געוואָרען און בין שפּעט אהיימגעקומען. די מאַמאַ האָט זיך זעהר דערשראָקען, ווייל זי האָט ניט געוואוסט, וואו איך בין געווען. און ווען איך האָב איהר דערצעהלט, האָט די מאַמאַ זיך ווידער דערפרעהט, און האָט גלייך געוואָלט געהן צום זיידען, באַלד צומאָרגענס; נאָר אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זי אָנגעהויבען צו טראַכ־

טען און מורא צו האבען און זי האט אלץ מורא געהאט, גאנצע דריי טעג: איז זי שוין ניט געגאנגען. און דערנאך האט זי מיך צוגערופען און געזאגט: הער, נעלי, איך בין איצטער קראנק און איך קען ניט געהן. נאר איך האב אנגעשריבען א בריעף צו דיין זיידען, געה צו איהם און גיב איהם דעם בריעף. און זעה, נעלי, ווי אזוי ער וועט איהם איי־בערלעזען, און וואס ער וועט זאגען, און וואס ער וועט טהאן: און דו שטעל דיך אויף די קניהען, גיב איהם א קוש און בעט איהם, אז ער זאל מוחל זיין דיין מאמע'ן... און די מאמא האט זעהר געוויינט און האט מיך דורכאנאנד געקושט און געבענשט אויפ'ן וועג און האט גאט געבעטען, און האט מיך צוזאמען מיט זיך אוועקגעשטעלט אויף די קניהען פאר'ן הייליגען בילד, און כאטש זי איז זעהר קראנק געווען איז זי דאך מיט מיר ארויסגעגאנגען פאר'ן טויער מיך בעגלייטען און ווען איך האב מיך אומגעקוקט, איז זי אלץ געשטאנען און געקוקט אויף מיר, ווי איך געה...

איך בין געקומען צום זיידען און האב געעפענט די טהיר, און די טהיר איז געווען אהן א קייטעל. דער זיידע איז געזעסען ביים טיש און האט געגעסען ברויט מיט קארטאפעל, און אזארקא איז געשטאנען פאר איהם, האט געקוקט ווי ער עסט, און האט געדרעהט מיט'ן עק. ביים זיידען זיינען די פענסטער אין יענער דירה אויך געווען נידעריג, טונקעל און אויך בלויז איין טיש און א שטוהל. און געוואוינט האט ער אליין. איך בין אריינגעגאנגען, און ער האט זיך אזוי דערשראקען, אז ער איז אינגאנצען בלייך געווארען און האט גענומען ציטערען, איך האב מיך אויך דערשראקען און האב גארנישט געזאגט, נאר איך בין צוגעגאנגען צום טיש און האב אוועקגעלעגט דעם בריעף. ווען דער זיידע האט דערזעהען דעם בריעף, איז ער אזוי בייז געווארען, אז ער איז אויפגעשפרונגען, האט געכאפט דעם שטעקען און זיך פארמאסטען אויף מיר, נאר ער האט מיר ניט א קלאפ געטהאן, נאר ער האט מיך ארויסגעפיהרט אין הויז אריין און מיך א שטויס געטהאן. איך האב נאך ניט קיין צייט געהאט אראבצוגעהן פון דער ערשטער שטיעג, ווי ער האט ווידער געעפענט די טהיר און מיר צוריק ארויסגעווארפען דעם בריעף א ניט־געעפענטען. איך בין אהיימגעקומען און האב אלץ דערצעהלט. דא האט זיך די מאמא ווידער אוועקגעלעגט...

## אכטער קאַפּיטעל

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ גענוג שטאַרקער קלאַפּ פון אַ דונער, און אַ שטאַרקער רעגן האָט גענומען קלאַפּן אין די שויבן: אין צימער איז פינסטער געוואָרן. די אַלטיטשקע האָט זיך אַזוי ווי דערשראָקן און איבערגע'צלמ'ט. מיר האָבן זיך פּלוצלונג אַלע אָב־געשטעלט.

— עס וועט באַלד פאַרבייגעהן, — האָט דער אַלטער געזאָגט, קור־קענדיג אין די פענסטער; דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און איז זיך איבערגעגאַנגען הין און צוריק איבער'ן צימער. נעלי האָט איהם נאָכ־געקוקט מיט אַ זייטיגען בליק. זי איז געווען אין אַן אויסערגעוועהנליך קרענקליכער אויפרעגונג. איך האָב דאָס געזעהן; נאָר אויף מיר האָט זי אַזוי ווי אויסגעמיידט צו קוקען.

— נו, וואָס זשע ווייטער? — האָט דער אַלטער געפרעגט, ווען ער האָט זיך ווידער געזעצט אין זיין שטוהל.

נעלי האָט זיך דערשראָקען אַרומגעקוקט.

— האָסטו שוין מעהר ניט געזעהען דיין זיידען?

— ניין, איך האָב איהם יאָ געזעהען...

— יאָ, יאָ! דערצעהל, מיין טייבעלע, דערצעהל, — האָט אַננאַ אַנדרעיעוונאַ אונטערגעכאַפּט.

— דריי וואָכען האָב איך איהם ניט געזעהען, — האָט נעלי אָנ־געהויבען, — ביז'ן סאַמע ווינטער. דערנאָך איז געוואָרען ווינטער און עס איז אויסגעפאַלען אַ שנעע. און ווען איך האָב דעם זיידען ווידער געטראָפען, אויפ'ן פריהעריגען אָרט, האָב איך מיך זעהר דערפרעהט... דערפאַר ווייל די מאַמאַ האָט געבענקט פאַרוואָס ער קומט ניט. אַזוי ווי איך האָב איהם דערזעהן, בין איך אומיסטען אַריבער־געלאָפען אויף דער אַנדערער זייט גאַס, אַז ער זאָל זעהן, אַז איך אַנטלויף פון איהם. נאָר אַזוי ווי איך האָב זיך אומגעקוקט זעה איך, אַז דער זיידע איז מיר פריהער געשווינד נאָכגעגאַנגען, און דערנאָך איז ער געלאָפען, מיך צו דעריאָגען, און האָט גענומען שרייען צו מיר: „נעלי! נעלי!" און אַזוי איז איהם נאָכגעלאָפען איך האָב רחמנות

געהאט און איך בין געבליבען שטעהן. דער זיידע איז צוגעגאנגען, האט מיך גענומען ביי דער האנט און מיך געפיהרט, און ווען ער האט דערזעהען, אז איך וויין, האט ער זיך אבגעשטעלט, א קוק געטהאן אויף מיר, זיך איינגעבויגען און א קוש געטהאן. דא האט ער דערזעהען, אז איך האב שלעכטע שיך און ער האט געפרעגט: צי האב איך ניט קיין אנדערע. איך האב איהם גלייך געזאגט, אז די מאמא האט אינגאנצען קיין געלט ניט און אז די בעלי בתים גיבען אונז צו עסען בלויז אויס רחמנות. דער זיידע האט גארנישט געזאגט, נאר ער האט מיך צוגעפיהרט אויפ'ן מארק, האט מיר געקויפט שיך און האט זיי מיך געהייסען גלייך אנטהאן, דערנאך האט ער מיך צוגעפיהרט צו זיך אויף דער גראבאווער, און פריהער איז ער אריין אין א געוועלביל און געקויפט א לעקעכעל און צוויי צוקערלעך, און ווען מיר זיינען אהיימגעקומען האט ער מיר געזאגט, אז איך זאל עסען דאס לעקעכעל און האט געקוקט אויף מיר, ווען איך האב געגעסען, און דערנאך האט ער מיר געגעבען די צוקערלעך. און אזארקא האט אוועקגעלעגט די לאפעס אויפ'ן טיש און האט אויך עפעס געבעטען, איך האב איהם טאקע געגעבען. און דער זיידע האט זיך צולאכט. דערנאך האט ער מיך גענומען, האט מיך אנידערגעשטעלט נעבען זיך, מיך אנגעהויבען צו גלעטען איבער'ן קאפ און פרעגען: צי האב איך עפעס געלערענט, און וואס איך קען? איך האב איהם געזאגט, און ער האט מיך געהייסען, אז ווען איך וועל נאר קענען זאל איך יעדען טאג דריי א זייגער קומען צו איהם און אז ער וועט מיך אליין לערנען. דערנאך האט ער מיר געזאגט, אז איך זאל זיך אומדרעהען און זאל קוקען אין פענסטער אריין, ביז וואנען ער וועט מיר זאגען, אז איך זאל מיך צוריק אומקעהרען צו איהם. איך בין טאקע אזוי געשטאנען, נאר איך האב מיך שטילינקערהייט אומגעדרעהט צוריק און האב דערזעהען, אז ער האט אויפגעטרענט זיין קושען ביי אן אונטערשטען ברעג און האט ארויסגענומען פיער רובעל. ווען ער האט זיי ארויסגענומען, האט ער זיי מיר געבראכט און געזאגט: „דאס איז פאר דיר אליין". איך האב שוין געהאט גענומען, נאר דערנאך האב איך מיך געהאט איבערלעגט און האב געזאגט: „אויב פאר מיר אליין, וועל איך ניט נעמען". דער זיידע איז פלוצלונג ביין געשווארען און האט מיר געזאגט: „נו, נעם ווי מען זאגט דיר, געה." איך בין ארויסגעגאנגען, און ער האט מיר ניט א קוש געטהאן.

ווען איך בין אהיימגעקומען האָב איך אלץ דערצעהלט דער מאַ־מען, און דער מאַמען איז געוואָרען אלץ ערגער און ערגער. צום גרעבער פלעגט קומען א סטודענט; ער האָט געהיילט די מאַמען און האָט זי געהייסען איינגעמען מעדיצין.

און איך פלעג געהן צום זיידען אַפט; די מאַמא האָט אזוי גע־הייסען דער זיידע האָט געקויפט א נייעם טעסטאַמענט און א געאָגראַ־פיע און האָט מיך גענומען לערנען; און טיילמאָל האָט ער מיר דער־צעהלט, וואָסערע לענדער עס זיינען דאָ אויף דער וועלט און וואָסערע מענשען עס לעבען, און וואָסערע ים'ען, און וואָס עס איז פריהער גע־ווען, און ווי אזוי קריסטוס האָט אונז אלע מוחל געווען. ווען איך האָב איהם אליין עפּעס געפרעגט, איז עס איהם זעהר געפעלען; דער־פאַר האָב איך איהם גענומען אָפט פרעגען, און ער האָט מיר אלץ דער־צעהלט און וועגען גאָט האָט ער א סך גערעדט. און טיילמאָל האָבען מיר ניט געלערנט, נאָר מיר האָבען זיך געשפּיעלט מיט אזאָרקאַ'ן; אזאָרקא האָט מיך זעהר ליעב בעקומען און איך האָב איהם אויסגע־לערענט איבער א שטעקען אריבערשפּרינגען, און דער זיידע האָט גע־לאַכט און מיך כסדר געגלעטט איבער'ן קאָפּ. נאָר דער זיידע האָט זעל־טען געלאַכט. איינמאָל רעדט ער א סך, און פּלוצלונג ווערט ער אנט־שוויגען און זיצט, ווי ער וואָלט איינגעשלאָפען, נאָר די אויגען זיינען אָפען. אזוי קען ער דערזיצען ביז פאַרנאַכט, און פאַרנאַכט ווערט ער אזוי שרעקליך, אזוי אלט... און טיילמאָל פלעגט טרעפען, איך קום צו איהם, און ער זיצט אין זיין שטוהל, טראַכט און הערט קיין זאַך ניט, און אזאָרקא ליעגט נעבען איהם. איך וואַרט, וואַרט און הוסט; דער זיידע קוקט זיך אלץ ניט אום. איך פלעג שוין אזוי אוועקגעהן. און אין דער היים די מאַמא פלעגט שוין אזוי וואַרטען אויף מיר; זי ליעגט און איך דערצעהל איהר אלץ, אלץ, ביז די נאַכט פלעגט אָנ־קומען און איך רעד אלץ, און זי הערט אלץ וועגען זיידען: וואָס ער האָט געטהאָן היינט, און וואָס ער האָט מיר דערצעהלט, וואָסערע געשיכטען, און וואָס פאַר א לעקציע ער האָט מיר אויפגעגעבען. און ווען איך הויב אָן וועגען אזאָרקא'ן, אז איך האָב איהם געלאָזט שפּרינגען איבער א שטעקען, און אז דער זיידע האָט געלאַכט, פלעגט זי אויך פּלוצלונג אָנהויבען צו לאַכען און האָט לאַנג געלאַכט און געפרעהט זיך און זי פלעגט מיך ווידער עס הייסען איבער'חזר'ען. און דערנאָך הויבט זי

אז גאט צו בעטען און איך האב אלץ געטראכט: פארוואס האט די מאַ־מאַ אזוי ליעב דעם זיידען, און ער האט זי ניט ליעב. און ווען איך בין געקומען צום זיידען, האב איך איהם אומיסטען גענומען דערצעה־לען, ווי די מאמא האט איהם ליעב. ער האט אלץ געהערט, אזא בייזער, און האט דאך אלץ געהערט און קיין ווארט ניט אויסגערעדט: דאַ־מאלס האב איך איהם געפרעגט, פארוואס די מאמא האט איהם אזוי ליעב, אז זי פרעגט דורכאנאנד וועגען איהם, און ער פרעגט קיינמאל ניט וועגען דער מאמען. דער זיידע איז בייז געווארען און האט מיך ארויסגעטריבען פאר דער טהיר; איך בין אביסעל געשטאנען הינטער דער טהיר, און ער האט פלוצלונג ווידער געעפענט און האט מיך אריינגערופען צוריק צו זיך און איז אלץ בייז געווען און האט גע־שוויגען. און ווען מיר האבען שפעטער אנגעהויבען דעם נייעם טעסטאַ־מענט צו לייענען, האב איך ווידער געפרעגט: פארוואס האט יעזוס געזאגט: האט ליעב איינער דעם אנדערען און פארגיט א באליידיגונג און ער וויל דער מאמען ניט פארגעבען? דאמאלס איז ער אויפגע־שפרונגען און האט א געשריי געטהאן, אז דאס האט מיך די מאמא אויסגעלערענט, האט מיך צום צווייטען מאל ארויסגעשטופט און גע־זאגט, אז איך זאל מיך איצטער קיינמאל ניט דערוועגען צו קומען צו איהם. און איך האב געזאגט, אז איך וועל אליין שוין איצטער ניט קומען צו איהם און איך בין אוועק פון איהם... און דער זיידע האט זיך צור־מארגענס איבערגעצויגען פון זיין דירה...

— איך האב געזאגט, אז דער רעגען וועט באלד פארביי, אט איז ער פארביי, און אט שיינט די זון... זעה, וואניא, — האט ניקאלאַי סערגעאיטש געזאגט, זיך אומגעווענדיג.

אננא אנדרעיעוונא האט א קוק געטהאן אויף איהם א שטארק פארוואונדערטע, און פלוצלונג האט א כעס א פינקעל געטהאן אין די אויגען פון דער אלטיטשקער, וועלכע איז ביז איצטער געזעסען רוהיג און דערשראקען. שוויגענדיג האט זי גענומען נעלי'ן ביי דער האנט און האט זי אוועקגעזעצט צו זיך אויף די קניהען.

— דערצעהל מיר, מלאך מיינער, — האט זי געזאגט, — איך וועל דיך הערען. זאלען די, וואס האבען בייזע הערצער...

זי האט ניט דערערעדט און האט זיך צעוויינט. נעלי האט פרעגענ־דיג א קוק געטהאן אויף מיר, ווי פערוואונדערט און דערשראקען. דער

אלטער האט א קוק געטהאן אויף מיר, א ציה געטהאן מיט די אקסלען, נאר ער האט זיך באלד אומגעדרעהט.

— רעד ווייטער, נעלי — האב איך געזאגט.

— דריי טעג בין איך ניט געגאנגען צום זיידען, — האט נעלי ווידער אנגעהויבען, — און אין דער צייט איז דער מאמען געווארען שלעכט. דאס געלט איז ביי אונז איינגאנצען אויסגעגאנגען, און עס איז ניט געוועזען פארוואס צו קויפען קיין מעדיצין, און מיר האבען גארנישט געגעסען, ווייל די בעלי בתים האבען אויך ניט געהאט, און זיי האבען אונז אנגעהויבען פארצוואווארפען, אז מיר לעבען אויף זייער רעכנונג. דאמאלס בין איך אויף איבערמארגען אין דער פריה אויפגעשטאנען און מיך גענומען אנטהאן. די מאמא האט געפרעגט: וואוהין איך געה, האב איך איהר געזאגט: צום זיידען, בעטען געלט, און זי האט זיך דערפרעהט, ווייל איך האב שוין דער מאמען דערצעהלט אלץ, ווי אזוי ער האט מיך פארטריבען פון זיך, און האב איהר געזאגט, אז איך וויל מעהר ניט געהן צום זיידען, כאטש זי האט געוויינט און האט מיך צוגערעדט צו געהן. איך בין געקומען און געוואר געווארען, אז דער זיידע האט זיך איבערגעצויגען פון דער דירה, און איך בין געגאנגען זוכען זיין נייע הויז. ווי נאר איך בין געקומען צו איהם אין דער נייער דירה, איז ער אויפגעשפרונגען, זיך געווארפען אויף מיר און געטופעט מיט די פיס, און איך האב איהם גלייך געזאגט, אז די מאמא איז זעהר קראנק, אז מען דארף געלט אויף מעדיצין, פופציג קאפיקעס, און מיר האבען ניט וואס צו עסען. דער זיידע האט גענומען שרייען און מיך ארויסגעשטויסען אויף די שטיעגען און פארמאכט הינטער מיר די טהיר אויפ'ן קייטעל. נאר ווען ער האט מיך געשטופט האב איך איהם געזאגט, אז איך וועל זיצען אויף די שטיעגען און וועל ניט אוועקגעהן ביז ער וועט מיר ניט געבען קיין געלט. און איך בין טאקע געזעסען אויף די שטיעגען. אביסעל שפעטער האט ער געעפענט די טהיר, האט דערזעהען, אז איך זיץ, און האט ווידער פארמאכט. דערנאך איז פארביי א לאנגע צייט: ער האט ווידער געעפענט, ווידער געזעהען, אז איך זיץ און האט ווידער פארמאכט. דערנאך האט ער א סך מאל געעפענט און געקוקט. צום סוף איז ער ארויסגעגאנגען מיט אזארקא'ן, האט פארמאכט די טהיר און פארבייגעהענדיג מיר איז ער ארויסגעגאנגען אויף דער גאס און האט מיר קיין ווארט ניט גע־

זאגט. איך האב אויך ניט געזאגט קיין ווארט און בין געבליבען זיצען, און בין געזעסען ביז פארנאכט.

— מיין טייבעלע, — האט אננא אנדרעיעווּנא אויסגעשריגען,— עס האט דאך געמוזט זיין קאלט אויף די שטיעגען.

— איך האב געטראגען א שובעלע, — האט נעלי געענטפערט.

— נו, איז וואס, אז אין א שובעלע... מיין טייבעלע, וויפיעל דו האסט דיך אנגעליטען! נו, וואס זשע איז געשעהען מיט דעם זיידען דיינעם?

נעלי'ס ליפען האבע אנגעהויבען אונטערציטערען. נאר זי האט זיך שטארק אנגעשטרענגט און זיך איינגעהאלטען.

— ער איז געקומען, ווען עס איז שוין געווארען איטנאנצען פינסטער און אריינקומענדיג האט ער זיך אנגעשטויסען אויף מיר און האט א געשריי געטהאן: ווער איז דא? איך האב געזאגט, אז דאס בין איך. און ער האט מסתמא געמיינט, אז איך בין שוין פון לאנג אוועק־געגאנגען, און ווען ער האט דערזעהען, אז איך זיץ נאך דא אלץ האט ער זיך זעהר פארוואונדערט און איז א לאנגע צייט געשטאנען אנטקעגען מיר. פלוצלונג האט ער א קלאפ געטהאן מיט'ן שטעקען אויף די שטיעגען, איז געלאפען, האט געעפענט זיין טהיר און אין א מינוט ארום האט ער מיר ארויסגעטראגען קופער־געלט, אלץ צעהנער־גראשען און ער האט זיי מיר צוגעווארפען אויף די שטיעגען. — אט האסטו, האט ער א געשריי געטהאן, נעם, דאס איז אלץ וואס איך האב, און זאג דיין מאמען, אז איך פארשעלט זי, — און האט דערלאנגט א קלאפ צו מיט דער טהיר. און די צעהנערלעך האבען זיך אראבגעקייקעלט פון די שטיעגען. איך האב זיי גענומען אויפקלויבען אין דער פינסטער. און דער זיידע האט זיך מסתמא געכאפט, אז ער האט צעווארפען די צעהנערלעך, און אז עס איז מיר שווער זיי צונויפצוקלייבען אין דער פינסטער, האט ער געעפענט די טהיר און ארויסגעטראגען א ליכט, און ביים ליכט האב איך זיי גיך צונויפגעקליבען. און דער זיידע האט אליין געקליבען צוזאמען מיט מיר און האט מיר געזאגט, אז דא דארף זיין ארום און ארום זיבעציג קאפיקעס, און ער איז אליין אוועק. ווען איך בין אהיימגעקומען האב איך אבגעגעבען דאס געלט און האב אלץ דערצעהלט דער מאמען. און דער מאמען איז געווארען ערגער, און א גאנצע נאכט איז זי געווען קראנק, און צומארגענס איז זי אויך א גאנ־

צען טאג געלעגען אין היץ, נאר איך האב נאר געטראכט וועגען איינס, ווייל איך בין בייז געווען אויפ'ן זיידען, און ווען די מאמע איז איינ־געשלאפען, בין איך ארויסגעגאנגען אויף דער גאס, צום זיידענס וואוי־נונג, און ניט דערגעהענדיג צו איהם, בין איך געבליבען שטעהן אויף דער בריק. דא איז פארביינעגאנגען י ע נ ע ר...

— דאס איז ארכיפאוו, — האב איך מיך אנגערופען, — יענער, וועגען וועלכען איך האב אייך דערצעהלט, ניקאלאי סערגעאיטש,— דער וואס איז געווען מיט דעם סוחר ביי דער בובנאווא און וואס מען האט איהם דארט אנגעבראכען די ביינער. דאס האט איהם נעלי דאמאלס צום ערשטען מאל דערזעהען... רעד ווייטער, נעלי.

— איך האב איהם אבגעשטעלט און געבעטען געלט, א רובעל. ער האט א קוק געטהאן אויף מיר און געפרעגט: א רובעל? איך האב גע־זאגט: יא. האט ער זיך צולאכט און מיר געזאגט: קום מיט מיר. איך האב ניט געוואוסט, צי זאל איך געהן; פלוצלינג איז צוגעגאנגען אן אלטיטשקער אין גאלדענע ברילען; און ער האט געהערט ווי איך האב געבעטען א רובעל, האט ער זיך איינגעבויגען צו מיר און גע־פרעגט: פארוואס איך וויל עפעס פונקט אזוי פיעל. איך האב איהם געזאגט, אז די מאמא איז קראנק און מען דארף אזוי פיעל אויף א רע־צעפט. ער האט געפרעגט: וואו מיר וואוינען, האט עס פארשריבען און מיר געגעבען א רובעל. און י ע נ ע ר, ווען ער האט דערזעהען דעם אלטען מיט די ברילען, איז ער אוועקגעגאנגען און האט מיך מעהר ניט גערופען איך זאל געהן מיט איהם. איך בין אוועקגעגאנגען און א קראם און אויסגעביטען דעם רובעל אויף קופער־געלט; דרייסיג קאפיקעס האב איך פארוויקעלט אין א פאפירעל און האב עס אוועק־געלעגט פאר דער מאמען, און זיבעציג קאפיקעס האב איך ניט פאר־וויקעלט אין א פאפירעל, נאר איך האב עס אומיסטען צונויפגעדריקט אין דער האנט און בין אוועק צום זיידען. ווען איך בין געקומען צו איהם, האב איך געעפענט די טהיר, בין געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, האב מיך אנגענומען מיט כח און איהם א ווארף געטהאן דאס גאנצע געלט, אזוי, אז עס האט זיך גענומען קייקלען אויף דער ערד.

— אט האט איהר, נעמט אייער געלט! — האב איך איהם גע־זאגט. — די מאמא דארף עס ניט האבען פון אייך, דערפאר, ווייל איהר

פארשעלט זי, — איך האב א קלאפ געטהאן מיט דער טהיר און בין גלייך אנטלאפען.

איהרע אויגען האבען אויפגעפינקעלט, און זי האט מיט א נאַ־איוו־ארויסרופעודיגען בליק א קוק געטהאן אויפ'ן אלטען.

— גוט אזוי, — האט אננא אנדרעיעוונא געזאגט, ניט קוקענדיג אויף ניקאלאי סערגעאיטש'ן און האט צוגעדריקט צו זיך נעלי'ן, — אזוי האט מען בעדארפט טהאן מיט איהם: דיין זיידע איז געווען א שלעכטער און האט געהאט א בייז הארץ...

— הם! — האט זיך ניקאלאי סערגעאיטש אנגערופען.

— נו, וואס זשע, וואס זשע? — האט מיט אומגעדולד געפרעגט אננא אנדרעיעוונא.

— איך האב אויפגעהערט צו געהן צום זיידען און ער האט אויפ־געהערט צו קומען צו מיר, — האט נעלי געענטפערט.

— נו, וואס זשע, ווי אזוי ביזטו געבליבען מיט דער מאמען? אוי, ארעמע, ארעמע מענשען!

— און דער מאמען איז געווארען נאך ערגער, און זי איז שוין זעלטען אויפגעשטאנען פון בעט, — האט נעלי ווייטער גערעדט און איהר שטים האט געציטערט און זיך איבערגעריסען. — קיין געלט האבען מיר שוין מעהר אינגאנצען ניט געהאט, האב איך אנגעהויבען צו געהן מיט דער קאפיטאנשע. און די קאפיטאנשע איז געגאנגען איבער די הייזער, און אויף דער גאס פלעגט זי אויך אבשטעלען גוטע מענשען און האט געבעטען, דערמיט האט זי געלעבט. זי האט מיר גע־זאגט, אז זי איז ניט קיין בעטלערקע, און אז זי האט פאפירען, וואו איהר אמט איז פארשריבען, און עס איז אויך פארשריבען, אז זי איז ארעם. און די פאפירען פלעגט זי ווייזען און דערפאר האט מען איהר געגעבען געלט. און זי האט עס מיר טאקע געזאגט, אז בעטען ביי אלע איז ניט קיין שאנד. פלעג איך עס געהן מיט איהר און מענשען האבען אונז געגעבען, דערמיט האבען מיר געלעבט. די מאמא איז וועגען דעם געוואר געווארען, דערפאר ווייל די שכנים פלעגען איהר פארווארפען, אז זי איז א בעטלערקע און די בובנאווא איז אליין געקומען צו דער מאמען און געזאגט, אז בעסער זאל מיך די מאמא לאזען געהן צו איהר, ניט איך זאל ארומגעהן בעטען זי פלעגט פריהער אויך קומען צו דער מאמען און איהר ברענגען געלט; און ווען די מאמע האט עס ביי איהר

ניט גענומען, האט די בובנאווא געזאגט: וואס זענט איהר אזוי שטאלץ, און זי פלעגט שיקען עסען. און ווען זי האט דאס איצטער געזאגט וועגען מיר, האט זיך די מאמע צעוויינט, דערשראקען זיך, און די בובנאווא האט זי אנגעהויבען צו זידלען, ווייל זי איז געווען שכור, און האט געזאגט, אז איך בין סיי ווי א בעטלערקע און איך געה ארום מיט דער קאפיטאנשע און נאך דעם איינענעם אווענט האט זי ארויסגעטריבען די קאפיטאנשע פון הויז. ווען די מאמע איז געוואר געווארען וועגען דעם אלעם האט זי גענומען וויינען, דערנאך איז זי פלוצלונג אויפגעשטאנען פון בעט, האט זיך אנגעטהאן, האט מיך געכאפט פאר דער האנט און מיך געפיהרט מיט זיך. איוואן אלעקסאנדראוויטש האט זי גענומען אבשטעלען, נאר זי האט ניט געפאלגט און מיר זיינען ארויסגעגאנגען. די מאמע האט קוים געקענט געהן און יעדע מינוט האט זי זיך צוגעזעצט אויף דער גאס, און איך האב זי געהאלטען. די מאמע האט אלץ געזאגט, אז זי געהט צום זיידען און אז איך זאל זי פיהרען, אבער עס איז שוין לאנג נאכט געווארען. פלוצלונג זענען מיר געקומען אויף א גרויסער גאס; דא האבען זיך פלוצלונג פאר איין הויז אבגעשטעלט קארעטען, און א סך מענשען זיינען ארויסגעגאנגען און אין אלע פענסטער איז געווען ליכטיג און מען האט געהערט מוזיק. די מאמא האט זיך אבגעשטעלט, האט מיך א כאפ געטהאן און מיר דאמאלס געזאגט: „נעלי, זיי ארים, זיי דאס גאנצע לעבען ארעם, געה ניט צו זיי, ווער עס זאל דיך ניט רופען, ווער עס זאל ניט קומען. דו וואלסט אויך געקענט דארטען זיין, א רייכע און אין שעהנע קליידער, אבער איך וויל דאס ניט. זיי זיינען שלעכטע און בייזהארציגע מענשען, און אט האסטו מיין בעפעהל: בלייב ארים, ארבייט און בעטעל, און אויב עס וועט אימיצער קומען נאך דיר, זאג: איך וויל ניט געהן צו אייך!..." דאס האט מיר די מאמע געזאגט, ווען זי איז קראנק געווען, און איך וויל זי דאס גאנצע לעבען פאלגען. — האט נעלי צוגעגעבען, ציטערענדיג פון אויפרעגונג מיט א צופלאמטען פנים'על — און דאס גאנצע לעבען וועל איך דיענען און ארבייטען. און צו אייך בין איך אויך געקומען דיענען און ארבייטען, און איך וויל ניט זיין, ווי א טאכטער....

— גענוג, גענוג, מיין טייבעלע, גענוג! — האט די אלטיטשקע א געשריי געטהאן, — א קראנקע, אויף דער גאס, ווינטער?...

— מען האט אונז געוואלט אוועקנעמען צו דער פאליציי, נאר

איינער א הערר האט זיך איינגעשטעלט, האט מיך געפרעגט וואו מיר וואוינען, האט מיר געגעבען צעהן רובעל און געהייסען אבפיהרען די מאמען צוריק אהיים אויף זיינע פערד. נאכדעם איז די מאמע שוין ניט אויפגעשטאנען, — און אין דריי וואכען ארום איז זי געשטאר־בען...

— און דער טאטע וואס? ער האט איהר טאקע ניט מוחל געווען?

— האט אננא אנדרעיעוונא א געשריי געטהאן.

— ניט מוחל געווען! — האט נעלי געענטפערט, און האט זיך מיט דער גרעסטער פיין איינגעהאלטען ניט צו וויינען. — א וואך פאר איהר טויט, האט מיך די מאמע צוגערופען און געזאגט: „נעלי, געה נאך אמאל צום זיידען, צום לעצטען מאל און בעט איהם, ער זאל קומען צו מיר און זאל מיר מוחל זיין; זאג איהם, אז איך וועל אין עטליכע טעג ארום שטארבען און איך לאז דיך איבער איינע אליין אויף דער וועלט. און זאג איהם נאך, אז מיר איז שווער צו שטארבען"... און איך בין געגאנגען און האב אנגעקלאפט ביים זיידען. ער האט געעפענט, און ווען ער האט מיך דערזעהען, האט ער באלד געוואלט פאר מיר די טהיר פארקלאפען, נאר איך האב מיך אנגעכאפט פאר דער טהיר מיט ביידע הענט און האב צו איהם א געשריי געטהאן: „די מאמע שטארבט, זי רופט אייך, נעהט!..." נאר ער האט מיך אבגעשטויסען און פאר־קלאפט די טהיר. איך בין צוריק אהיימגעקומען צו דער מאמען, האב מיך געלעגט נעבען איהר, האב זי ארומגענומען און גארנישט גע־זאגט... די מאמע האט מיך באלד ארומגענומען און גארנישט גע־פרעגט...

דא האט זיך ניקאלאי סערגעאיטש שווער אנגעשפארט מיט דער האנט אויפ'ן טיש און איז אויפגעשטאנען. נאר, בעטראכטענדיג אונז אלע מיט עפעס א מאדנעם מוטנעם בליק, האט ער זיך אזוי ווי אונ־מעכטיג ארבגעלאזט אויף דער שטוהל. אננא אנדרעיעוונא האט שוין ניט געקוקט אויף איהם, נאר האט קלאגענדיג, ארומגענומען נעלי'ן...

— און אין לעצטען טאג, איידער זי האט בעדארפט שטארבען. פארנאכט, האט מיך די מאמע אריינגערופען צו זיך, האט מיך גענומען ביי דער האנט און געזאגט: „איך וועל היינט שטארבען, נעלי". זי האט געוואלט נאך עפעס זאגען, נאר זי האט שוין ניט געקענט. איך קוק אויף איהר. און זי, דאכט זיך, זעהט מיך שוין ניט. נאר אין די הענט

האלט זי פעסט מיין האנט. איך האב שטילינקערהייט ארויסגענומען די האנט און בין אנטלאפען פון דער היים, און דעם גאנצען וועג בין איך געלאפען און בין געקומען צולויפען צום זיידען. ווען ער האט מיך דערזעהען, איז ער אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל און געקוקט און האט זיך אזוי דערשראקען, אז ער איז אינגאנצען אזוי בלאס געווארען און האט גענומען ציטערען. איך האב איהם אנגעכאפט ביי דער האנט און ארויסגערעדט בלויז איינס: „זי וועט באלד שטארבען". דא איז ער פלוצלונג אזוי צומישט געווארען: ער האט געכאפט זיין שטעקען און איז געלאפען נאך מיר; ער האט אפילו זיין הוט פארגעסען און עס איז געווען קאלט. איך האב געכאפט דעם הוט און האב איהם אנגעטהאן און מיר זיינען צוזאמען ארויסגעלאפען. איך האב איהם אונטערגעאיילט און געזאגט, אז ער זאל דינגען א דראשקע, ווייל די מאמע וועט באלד שטארבען. נאר דער זיידע האט אינגאנצען נים געהאט מעהר פו זיבען קאפיקעס. ער האט אבגעשטעלט איזוואשטשיקעס, האט זיך געדונגען, אבער זיי האבען נאר געלאכט, און געלאכט פון אזארקא'ן, און אזארקא איז געלאפען מיט אונז און מיר זיינען אלץ ווייטער און ווייטער געלאפען. דער זיידע איז מיעד געווארען און האט שווער געאטהעמט, אבער ער האט זיך אלץ געאיילט און איז געלאפען. פלוצלונג איז ער אנידערגעפאלען און דער הוט איז פון איהם אראבגעשפרונגען. איך האב איהם אויפגעהויבען, האב איהם ווידער אנגעטהאן דעם הוט און האב איהם גענומען פיהרען ביי דער האנט, און קוים ביינאכט זיינען מיר ערשט אנגעקומען אהיים... אבער די מאמע איז שוין געלעגען א טויטע. ווען דער זיידע האט זי דערזעהען, האט ער א פאטש געטהאן מיט די הענט, האט אויפגעציטערט און זיך אוועקגעשטעלט איבער איהר, און אליין האט ער גארנישט גערעדט. דאמאלס בין איך צוגעגאנגען צו דער טויטער מאמען, האב אנגעכאפט דעם זיידען ביי דער האנט און צו איהם א געשריי געטהאן: „אט, דו שרעקליכער, בייזער מענש, אט, זעה!... זעה!" דא האט דער זיידע א געשריי געטהאן און איז אנידערגעפאלען אויף דער ערד, ווי א טויטער...

נעלי איז אויפגעשפרונגען, האט זיך בעפרייט פון אננא אנדרעיעוונא'ס ארעמס און האט זיך אוועקגעשטעלט צווישען אונז א בלייכע, אן אויסגעמאטערטע און א דערשראקענע. אבער אננא אנדרעיעוונא האט זיך א לאז געטהאן צו איהר און ארומנעמענדיג זי אויפס־

גיי, האט זי א געשריי געטהאן. אזוי ווי אין א מין בעגייסטערונג:
— איך, איך וועל דיר איצטער זיין א מאמע, נעלי, און דו וועסט זיין מיין קינד! יא, נעלי, מיר וועלען אוועקגעהן, מיר וועלען זיי אלע אוועקווארפען, די בייזע, שלעכטע מענשען! זאלען זיי זיך שפאס מאכען איבער מענשען, גאט, גאט וועט עם זיי פארדרעכענען... קום, נעלי, לאמיר אוועק פון דאנען, קום!...

איך האב זי קיינמאל, ניט פאר דעם און ניט נאכדעם, ניט געזעהען אין אזא צושטאנד, און עס איז מיר אפילו ניט איינגעפאלען, אז זי זאל ווען עס איז קענען זיין אזוי אויפגערעגט. ניקאלאי סערגעאיטש האט זיך אויסגעגלייכט אין זיין שטוהל, האט זיך אויפגעהויבען און מיט אן איבערגעריסען קול געפרעגט:
— וואוהין געהסטו, אננא אנדרעיעוונא?
— צו איהר, צו דער טאכטער, צו נאטאשא'ן! — האט זי א געשריי געטהאן און גענומען שלעפען נעלי'ן מיט זיך צו דער טהיר.
— שטעה נאר, שטעה נאר,ווארט!
— ס'איז נישטא וואס צו ווארטען, דו בייזער, שלעכטער מענש! איך האב לאנג געווארט, און זי האט לאנג געווארט, און איצטער זיי מיר געזונד!...
ענטפערענדיג דאס, האט זיך די אלטיטשקע אומגעדרעהט, האט א קוק געטהאן אויפ'ן מאן און איז פארגליווערט געווארען: ניקאלאי סערגעאיטש איז געשטאנען פאר איהר, ער האט פארכאפט זיין הוט און מיט ציטערענדיגע, מאכטלאזע הענט האט ער שנעל ארויפגעצויגען אויף זיך זיין מאנטעל.

— דו אויך... דו געהסט אויך מיט מיר! — האט זי אויסגעשריגען, צונויפלעגענדיג די הענט ווי אין א געבעט און קוקענדיג אויף איהם מיט אומצוטרוי, ווי זי וואלט ניט געוואגט אפילו צו גלויבען אזא גליק.
— נאטאשא, וואו איז מיין נאטאשא! וואו איז זי. וואו איז מיין טאכטער? — האט זיך ענדליך ארויסגעריסען פון דעם אלטענ'ס ברוסט — גיט מיר אב מיין נאטאשא! וואו, וואו איז זי! — און כאפענדיג דעם שטעקען, וואס איך האב איהם דערלאנגט, האט ער זיך א לאז געטהאן צו דער טהיר.

— ער האָט איהר מוחל געווען! מוחל געווען! — האָט אננאַ אנ־דרעיעווגא אויסגעשריגען.

נאָר דער אלטער איז ביז צו דער שוועל ניט דערגאַנגען. די טהיר האָט זיך האַסטיג געעפענט, און אין צימער איז אריינגעלאָפען נאַטאַ־שאַ, אַ בלאַסע, מיט פינקלענדיגע אויגען, ווי אין פיעבער. איהר קלייד איז געווען צוקנייטשט און דורכגענעצט פון׳ם רעגען. דאָס טיכעל, מיט וועלכען זי האָט פאַרדעקט דעם קאָפּ, האָט זיך ביי איהר אראָב־גערוקט אויף צוריק און אויף איהרע געדיכטע צעוואָרפענע האָר האָ־בען געפינקעלט גרויסע טראָפּענס רעגען. זי איז אריינגעלאָפען, האָט דערזעהען דעם פאַטער, און מיט אַ געשריי זיך געוואָרפען פאַר איהם אויף די קניה, אויסשטרעקענדיג צו איהם איהרע הענט.

---

## ניינטער קאַפּיטעל.

אָבער ער האָט זי שוין געהאַלטען אין זיינע אָרעמס!...

ער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן און אויפהויבענדיג זי, ווי אַ קינד, האָט ער זי אוועקגעטראָגען אין זיין שטוהל, האָט זי אוועקגעזעצט און איז אליין אַנידערגעפאַלען פאַר איהר אויף די קניהען. ער האָט געקושט איהרע הענט, די פיס; ער האָט זיך געאיילט זי צו קושען, געאיילט זיך איינצוקוקען אין איהר, ווי ער וואָלט נאָך ניט געגלויבט, אַז זי איז ווידער צוזאַמען מיט איהם, אַז ער זעהט זי ווידער און הערט זי,— זי, זיין טאָכטער, זיין נאַטאַשאַ. אננאַ אַנדרעיעווגא האָט זי וויינענ־דיג ארומגעכאַפּט, צוגעדריקט צו איהר ברוסט נאַטאַשאַ׳ס קאָפּ און איז אזוי פאַרגליווערט געוואָרען אין דער אומאַרמונג, ניט זייענדיג אימשטאַנד אַ וואָרט ארויסצורעדען.

— מיין קינד!... לעבען מיינס!... פרייד מיינע... — האָט דער אלטער אויסגערופען אָהן צוזאַמענהאַנג, אָנכאַפּענדיג נאַטאַשאַ׳ס האַנט, און האָט ווי אַ פאַרליעבטער געקוקט אין איהר בלייך, דאַר, נאָר שעהן פּנים׳על, אין איהרע אויגען, אין וועלכע עס האָבען געפינקעלט

טרערן. — פרייד מיינע, קינד מיינס! — האט ער איבערגע׳חזר׳ט, און איז ווייטער שטיל געבליבן און האט מיט נחת געקוקט אויף איהר, — וואס זשע, וואס זשע האט מען מיר געזאגט, אז זי איז דאַרער געווארען! — האט ער ארויסגערעדט מיט א שנעלען, כמעט ווי מיט א קינדישען שמייכעל, זיך ווענדענדיג צו אונז און נאך אלץ שטעהענדיג פאר איהר אויף די קניהען. — א דארינקע, — אמת, א בלאַסינקע, אבער גיב נאר א קוק אויף איהר, ווי שעהן זי איז! נאך שעהנער, ווי זי איז פריהער געווען, יא, שענער! — האט ער צוגעגעבען, און איז ניט ווילענדיג אנטשוויגען געווארען פון דעם נשמה־וועהטאג, דעם זיסען וועהטאג, פון וועלכען די נשמה ווערט אזוי ווי אין צווייען צובראכען.

— שטעה אויף, פאפא! שטעה שוין אויף, — האט נאטאשא געזאגט, — איך וויל דאך דיר אויך א קוש טהאן...

— א, ליעב קינד! דו הערסט, דו הערסט, אנושקא, ווי שעהן זי האט עס געזאגט, — און ער האט זי מיט א ציטער ארומגענומען.

— ניין, נאטאשא, איך, איך דארף ליעגען ביי דיינע פיס ביז, ביז מיין הארץ וועט דערהערען, אז דו האסט מיר מוחל געווען, דערפאר ווייל איך קען איצטער קיינמאל, קיינמאל פון דיר ניט פארדיענען, אז דו זאלסט מיר מוחל זיין! איך האב דיך פארשטויסען, איך האב דיך פארשאלטען, דו הערסט, נאטאשא, איך האב דיך פארשאלטען, — און איך האב דאס געקענט טהאן!... און דו, און דו, נאטאשא: און דו האסט געקענט גלויבען, אז איך האב דיך פארשאלטען! און דו האסט געגלויבט — האסט דאך געגלויבט! האסט ניט בעדארפט גלויבען! האסט ניט בעדארפט גלויבען, ניט בעדארפט גלויבען! א בייז הארצעלע! וואס זשע ביזטו ניט געקומען צו מיר? דו האסט דאך געוואוסט, ווי אזוי איך וועל דיך אויפנעמען! א, נאטאשא, דו געדענקסט דאך, ווי איך האב דיך אמאל ליעב געהאט: נו, און איצטער, און די גאנצע צייט האב איך דיך דאפעלט, טויזענד מאל מעהר ליעב געהאט, ווי פריהער! איך האב דיך מיט׳ן בלוט ליעב געהאט! די נשמה וואלט איך פון מיר מיט בלוט ארויסגענומען, דאס הארץ מיינס וואלט איך אין שטיקער צושניטען און דיר צופוסענס געלעגט!... א, פרייד מיינע!

— גיב זשע מיר א קוש, בייזער מענש, אין די ליפען, אין פנים

גיב א קוש, אזוי ווי די מאמע קושט! — האט נאטאשא אויסגערופען מיט א קראנקער, שוואכער שטים, וואס איז פול געווען מיט טרערען פון פרייד.

— און אין די אויגען אויך! אין די אויגען אויך! געדענקסט, ווי אמאל, — האט דער אלטער איבערגע'חזר'ט נאך א לאנגער, זיסער אומארמונג מיט דער טאכטער. — א, נאטאשא! האט זיך דיר כאטש אמאל גע'חלומ'ט וועגען אונז? און דו ביזט מיר געקומען צו חלום כמעט יעדע נאכט, און יעדע נאכט ביזטו צו מיר געקומען און איך האב געוויינט איבער דיר, און איינמאל ביזטו אזוי ווי א קליינינקע געקומען, געדענקסט, ווען דו ביזט נאך ערשט צעהן יאהר אלט געווען, און דו האסט דיך נארוואס געהאט אנגעהויבען צו לערנען שפּיעלען אויף דער פיאנא, — ביזט געקומען אין א קורץ קליידעלע, אין שעהנע שיכעלעך און מיט רויטע הענטעלעך... זי האט דאך דאמאלס געהאט אזעלכע רויטע הענטעלעך, דו געדענקסט, אנושקא? — ביזט געקומען צו מיר, זיך אוועקגעזעצט אויף די קניהען און מיך ארומגענומען.. און דו, און דו, דו שלעכט מיידעלע! און דו האסט געקענט טראכטען, אז איך האב דיך פארשאלטען, אז איך וואלט דיך ניט אויפגענומען, ווען דו וואלסט געקומען!... איך בין דאך... הער, נאטאשא: איך בין דאך אפט געגאנגען צו דיר, און די מאמע האט ניט געוואוסט, און קיינער האט ניט געוואוסט; דא שטעה איך הינטער דיינע פענסטער, אט ווארט איך: א האלבען מעת לעת פלעג איך טיילמאל ווארטען, ערגיץ אויפ'ן טראטואר נעבען דיין טויער! טאמער וועסטו ארויס־געהן, איך זאל נאר פון דערווייטענס א קוק טהאן אויף דיר! און טייל־מאל אין אווענט פלעגט ביי דיר אפט ברענען א ליכט אין פענסטער; וויפיעל מאל, נאטאשא, פלעג איך עס געהן צו דיר אין אווענט, כאטש אויפ'ן ליכטעל דיינעם א קוק טהאן, כאטש דיין שאטען זעהען אין פענסטער, דיך בענשען אויף ביינאכט. און דו האסט מיך דען גע־בענשט אויף ביינאכט? האסטו געטראכט וועגען מיר! צי האט דיין הארצעלע געהערט, אז איך בין דא הינטער'ן פענסטער? און וויפיעל מאל, ווינטער, פלעג איך שפּעט ביינאכט ארויפגעהן אויף דיינע שטיע־גען און שטעהן אין פינסטערען הויז, און הער מיך איין דורך דער טהיר: אפשר וועל איך דיין קול דערהערען? אפשר וועסטו לאכען? איך האב דיך פארשאלטען? איך בין דאך יענעם אווענד געקומען צו דיר,

האב דיר געוואלט מוחל זיין און האב מיך פון דיין טהיר אומגעקערט...
א, נאטאשא!

ער איז אויפגעשטאנען, ער האט זי אויפגעהויבען פון דער שטוהל און זי פעסט צוגעדריקט צו זיין הארץ.

— זי איז ווידער דא נעבען מיין הארץ! — האט ער אויסגע־שריגען, — א, איך דאנק דיר, גאט, פאר אלץ, פאר אלץ, אי פאר דיין צארן, אי פאר דיין גוטסקייט!... און פאר דיין זון, וואס האט איצטער אויפגעשיינט נאכ'ן שטורם אויף אונז! פאר דער גאנצער רגע דאנק איך דיר! אוי! זאל זיין מיר זיינען ערנידעריגטע, זאל זיין מיר זיינען באלײדיגטע, אבער מיר זיינען ווידער צוזאמען און זאלען, זאלען זיך איצטער פרעהען די שטאלצע גרויסהאלטערס, וואס האבען אונז ער־נידעריגט און באלײדיגט! זאלען זייווארפען אויף אונז א שטיין! האב ניט קיין מורא, נאטאשא... מיר וועלען געהן האנט איין האנט און איך וועל זיי זאגען: דאס איז מיין טייערע, מיין געליעבטע טאכ־טער, דאס איז מיין צניעות'דיגע טאכטער, וועלכע איהר האט באלײ־דיגט און ערנידעריגט, אבער וועלכע איך האב ליעב און וועלכע איך בענש אויף אייביג!...

— וואניא! וואניא!... — האט נאטאשא מיט א שוואכער שטים ארויסגערעדט, אויסשטרעקענדיג צו מיר איהר האנט פון דעם פא־טער'ס אומארמונג.

א! איך וועל עס קיינמאל ניט פארגעסען, וואס זי האט זיך אין דער מינוט דערמאנט אז מיר און מיך גערופען!

— וואו זשע איז נעלי? — האט דער אלטער געפרעגט, זיך אומ־קוקענדיג.

— אוי, וואו איז זי? — האט די אלטיטשקע א געשריי געטהאן — טייבעלע מיינס! מיר האבען זי דאך אזוי איבערגעלאזט!

נאר זי איז ניט געווען אין צימער; זי איז אומבעמערקט אריין אין שלאפצימער. אלע זיינען אריין דארט. נעלי איז געשטאנען אין ווינקעל הינטער דער טהיר און זיך מיט שרעק בעהאלטען פאר אונז.

— נעלי, וואס איז מיט דיר, קינד מיינס! — האט דער אלטער אויסגערופען, און זי געוואלט ארומנעמען. נאר זי האט עפעס לאנג א קוק געטהאן אויף איהם...

— מאמע, וואו איז די מאמע? — האט זי ארויסגערעדט, ווי

ניטביים זינען. — וואו, וואו איז מיין מאמע? — האָט זי נאָך אַמאָל א געשריי געטהאָן, אויסשטרעקענדיג איהרע ציטערענדיגע הענט צו אונז, און פּלוצלונג האָט א שרעקליכער, שוידערליכער געשריי זיך אַרויסגעריסען פון איהר ברוסט: קרעמפּפען זיינען דורכגעלאָפען איבער איהר פּנים. און זי איז אין א שרעקליכען אנפאַל אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד...

# עפּילאָג.

## די לעצטע ערינערונגען.

האלבער יוני. דער טאג איז א הייסער און א שטיקענדיגער; אין שטאדט איז אומעגליך צו בלייבען: שטויב, קאלך, איבערבויאונג, צו־גליהטע שטיינער, פאר׳סמ׳טע לופט... אבער אט, אה, א פרייד! ער־גיץ האט זיך דערהערט א דונער; ביסלעכווייז האט זיך דער הימעל פארוואלקענט; עס האט א בלאז געטהאן א ווינד, יאגענדיג פאר זיך זיילען שטאדטישען שטויב. עטליכע גרויסע טראפּענס זיינען שווער אראבגעפאלען אויף דער ערד, און נאך זיי האט זיך פּלוצלונג אזוי ווי דער הימעל געשפּאלטען, און א גאנצער טייך וואסער האט זיך צוגאָ־סען איבער דער שטאדט. ווען די זון האט אין א האלבער שעה ארום ווידער אויפגעשיינט, האב איך געעפענט דאס פענסטער פון מיין קעמעריל און האב דורשטיג, מיט דער גאנצער מיעדער ברוסט, אָבגע־אטעמט מיט דער פרישער לופט. אין מיין בעטרונקענהייט האב איך שוין געוואלט אוועקווארפען די פעדער און אלע געשעפטען מיינע און אפילו דעם פארלעגער, און לויפען צו א ו נ ז ע ר ע אויף׳ן וואָ־סילעווסקער. נאר באטש דער יצר הרע איז גרויס געוועזן, האב איך מיך דאך בעקעמפפט און בין אזוי ווי מיט א כעס ווידער ארויפגע־פאלען אויף׳ן פאפיר: און וואס עס זאל ניט געהן — מען מוז ענדיגען! דער פארלעגער הייסט און אנדערש וועט ער קיין געלט ניט געבען מען וואַרט אויף מיר ד א ר ט. אבער דערפאר וועל איך אין אווענט זיין פריי, אינגאנצען פריי, ווי א ווינד, און דער הייינטיגער אווענט וועט מיך בעלוינען פאר די לעצטע צוויי טעג און נעכט, אין וועלכע איך האב אויפגעשריבען דריי און א האלבען דרוק־בויגען.

און אט, ענדליך, איז די ארבייט געענדיגט, איך וואַרף די פּע־דער און שטעה אויף, איך פיהל א וועהטאג אין דער פּלייצע און אין דער ברוסט און א מיעדקייט אין קאפּ. איך ווייס, אז אין דער מינוט זיינען מיינע נערווען אין א הויכער שטופע צורודערט און מיר דאכט

זיך, אַז איך הער אַלץ די לעצטע ווערטער. וואָס דער אַלטימשקער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט: „ניין, קיין שום געזונט וועט אַזעלכע אָנשטרענגונגען ניט איבערטראָגן, ווייל דאָס איז אומעגליך! און דאָך, דערווייל איז דאָס מעגליך! מיין קאָפּ דרעהט זיך; איך שטעה קוים אויף די פיס, נאָר אַ פרייד, אַ פרייד אָהן אַ גרענעץ פילט אַן מיין האַרץ. מיין ערצעהלונג איז אינגאַנצען געענדיגט, און דער פאַר־לעגער, כאָטש איך בין איהם איצטער אַ סך שולדיג, וועט מיר דאָך כאָטש עפּעס געבען, ווען ער וועט דערזעהען אין זיין האַנט וואָס ער האָט אַריינגעקראָגען, — כאָטש פופציג רובעל און איך האָב שוין לאַנג אַזעלכע געלדער אין מיינע הענט ניט געזעהען. פרייהייט און געלט!...

איך האָב אַ בעגייסטערטער געכאַפּט מיין הוט, דעם מאַנוסקריפּט היג־טער'ן אָרעם און איך לויף גלייך, אום צו טרעפען אונזער טייערען אַלעק־סאַנדר פּיעטראָוויטש'ן.

איך טרעף איהם, אָבער שוין ביים אַרויסגעהן. ער ווידער האָט נאַרוואָס געענדיגט אַ ניט ליטעראַרישע, אָבער דערפאַר זעהר בעקוועמע ספּעקולאַציע, און אַרויספיהרענדיג ענדליך עפּעס אַ שוואַרץ איד־דעל, מיט וועלכען ער איז געזעסען צוויי שעה דורכאַנאַנד אין זיין קאַבינעט, דערלאַנגט ער מיר העפליך די האַנט און פרעגט מיך מיט זיין ווייכען, אָנגענעהמען באַס וועגען מיין געזונט. דאָס איז איינער פון די בעסטע מענשען און איך האָב איהם, אָהן שפּאַס, זעהר אַ סך צו פאַרדאַנקען. וואָס זשע איז ער שולדיג, אַז אין דער ליטעראַטור איז ער דאָס גאַנצע לעבען געוועזען ב ל ו י ז אַ פאַרלעגער? ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן, אַז די ליטעראַטור דאַרף אַ פאַרלעגער, און ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן זעהר אין צייט, עהרע און רוהם איהם דערפאַר, — פאַרלעגערישע פאַרשטעהט זיך.

מיט אַן אָנגענעהמען שמייכעל ווערט ער געוואָר, אַז די ערצעהלונג איז געענדיגט, און אַז דער נעכסטער נומער פון'ם ביכעל איז שוין אויף אַזאַ אופן פאַרזיכערט מיט דער הויפּט־אַבטיילונג, און ער וואונ־דערט זיך, ווי אַזוי האָב איך געקענט כאָטש עפּעס ע נ ד י ג ע ן. און ער וויצעלט זיך דערביי זעהר ליעבליך. דערנאָך געהט ער צו צו זיין אייזערען קעסטיל, מיר אַרויסצוגעבען די צוגעזאָגטע פופציג רובעל, און דערווייל דערלאַנגט ער מיר אַן אַנדערען פייערליכען דיקען זשור־נאַל, און ווייזט מיר אַן עטליכע שורות אין דער אַבטיילונג פאַר קריי־

טיק, וואו עס רעדט זיך אויך צוויי ווערטער וועגען מיין לעצטער ער־צעהלונג.

איך קוק: דאס איז אן ארטיקעל פונ׳ם „איבערשרייבער". מיך זידעלט מען ניט און מען לויבט מיך ניט און איך בין זעהר צופריעדען. נאר דער „איבערשרייבער" זאגט צווישען אנדערע זאכען, אז פון מיי־נע שריפטען אין אלגעמיין „שמעקט מיט שוויים". דאס הייסט איך שוויץ אזוי פיעל איבער זיי, איך מאטער מיך, איך ארבייט און בעאר־בייט אזוי פיעל, אז עס ווערט דערווידער.

מיר לאכען ביידע, איך און דער פארלעגער. איך זאג איהם, אז מיין פריהריגע ערצעהלונג איז אנגעשריבען געווארען אין צוויי נעכט, און איצטער האב איך אין צוויי טעג און צוויי נעכט אנגעשריבען דריי מיט א האלבען דרוק־בויגען, — און ווען דער „איבערשרייבער", וועל־כער ווארפט מיר פאר צופיעל גריבלען זיך און צופיעל לאנגזאמקייט אין מיין ארבייט, וואלט דאס געוואוסט!

— דאך זענט איהר אליין שולדיג, איוואן פיעטראוויטש. פאר־וואס פארשפעטיגט איהר אזוי, אז עס זאל אייך אויסקומען צו ארביי־טען גאנצע נעכט?

אלעקסאנדער פיעטראוויטש, פערשטעהט זיך, איז זעהר א ליע־בער מענש, כאטש ער האט א בעזונדערע שוואכקייט — צו בעריהמען זיך מיט זיין ליטעראַרישען געשמאק גראד פאר די, וועלכע, ווי ער האט אליין פארדעכטיגט, פארשטעהען איהם דורך און דורך. נאר מיר ווילט זיך ניט רעדען מיט איהם וועגען ליטעראטור, איך בעקום מיין געלט און נעהם מיין הוט אין האנט אריין. אלעקסאנדער פיעטראוויטש פאהרט אויף די אינזלען אויף זיין זומערוואוינונג, און דערהערענדיג, אז איך דארף אויפ׳ן וואסילעווער לעגט ער מיר גוטהארציג פאר מיך צוצופיהרען אין זיין קארעטע.

— איך האב דאך א נייע קארעטקע; איהר האט זי ניט געזעהען? וואונדערשעהן.

מיר געהען ארויס צום צופאהר. די קארעטע איז ווירקליך וואונ־דערשעהן, או אלעקסאנדער פיעטראוויטש פיהלט די ערשטע צייט פון זיין בעזיצען זי אן אויסערגעוועהנליכען פארגעניגען און זאגאר א גע־וויסע גייסטיגע בעדירפניש צוצופיהרען אין איהר זיינע בעקענטע.

אין דער קארעטע לאָזט זיך אלעקסאנדר פּיעטראָוויטש ווידער אריין עטליכע מאָל אין שמועסען וועגען דער מאָדערנער ליטעראטור. פאר מיר שעהמט ער זיך ניט און ער חזר'ט גאנץ רוהיג איבער פרעמ־דע געדאנקען, וואָס ער האָט די טעג געהערט פון אימעצען פון די לי־טעראטען, וועלכע ער גלויבט און וועמענס מיינונג ער שעצט. דערביי טרעפט זיך איהם טיילמאָל, אז ער בעמערקט וואונדערליכע זאכען. עס טרעפט זיך אויך, אז ער דרעהט איבער א פרעמדע מיינונג אָדער ער שטעלט זי אריין ניט דאָרט וואו מען דארף, אזוי אז עס קומט ארויס א פארדרעהעניש. איך זיץ, הער שווייגענדיג אויס און וואונדער מיך איבער דער פארשיעדענארטיגקייט און קליינליכקייט פון מענשליכע ליידענשאפטען. „נו, אַט איז א מענש, טראכט איך פאר זיך: וואָלט זיך אנגעקליבען, געלט, מילא, וואָלט ער זיך אנגעקליבען: ניין, ער דארף נאָך בעריהמטקייט, ליטעראַרישע בעריהמטקייט, בעריהמטקייט פון א גוטען פארלעגער, קריטיק!"

אין דער מינוט בעמיהט ער זיך מיר אויסצוטייטשען א ליטע־ראַרישען געדאנק, וואָס ער האָט איהם מיט דריי טעג צוריק געהערט טאקע פון מיר אליין און געגען וועלכען ער האָט זיך מיט דריי טעג צוריק מיט מיר אליין געקריגט, און איצטער גיט ער איהם ארויס פאר זיין אייגענעם. נאָר עס טרעפט זיך, אז אלעקסאנדר פּיעטראָוויטש פאר־געסט זיך אזוי טיילמאָל און ער איז בעקאנט מיט אַט דער אומשולדי־גער שוואכקייט צווישען אלע זייגע בעקענטע. ווי צופריעדען ער איז איצטער, שמועסענדיג אין ז י י ן קארעטע, ווי צופריעדען ער איז מיט זיין מזל, ווי גליקליך! ער פיהרט א געלערענט ליטעראַרישען שמועס, און אפילו זיין ווייכער, אנשטענדיגער באַס קלינגט אָב מיט געלערענטקייט. ביסלעכווייז איז ער געוואָרען ל י ב ע ר א ל און ער געהט איבער צו דער אומשולדיג־סקעפּטישער איבערצייגונג, אז אין אונזער ליטעראטור, און אין אלגעמיין אין קיין ליטעראטור און אין ערגיץ, קען ביי קיינעם ניט זיין קיין עהרליכקייט און בעשיידענ־קייט, און עס איז פארהאן בלויז איין „געגענזייטיג שלאָגען איינער דעם אנדערען איבער דער מאָרדע" — בעזונדערס ביים אָנהייב פון אבאָנאמענט. איך טראכט ביי זיך, אז אלעקסאנדר פּיעטראָוויטש איז אָנגענייגט אפילו יעדען עהרליכען און אויפריכטיגען שריפטשטעלער פאר זיין ערליכקייט און אויפריכטיגקייט צו האלטען אויב ניט פאר א נאר,

איז אמוועניגסטען פאר א שוטה. פארשטעהט זיך, אז אזא מיינונג קומט דירעקט ארויס פון אלעקסאנדר פיעטראוויטש'ס אויסערגעווענ־ליכער נאאיוויקייט.

אבער איך הער איהם שוין ניט. אויפ'ן וואסילעווער אינזעל לאזט ער מיך ארויס פון דער קארעטע, און איך לויף צו אונזערע. און אט איז די דרייצענטע ליניע, און אט איז זייער הייזעל. אננא אנדרעיעוונא, ווען זי האט מיך דערזעהען, האט מיר געדראהט מיט א פינגער, מאכט אויף מיר מיט די הענט און ש י ק ע ט אויף מיר, איך זאל ניט רוישען.

— נעלי, נעבעך, איז נארוואס איינגעשלאפען! — רוימט זי מיר שנעל איין: — ווי גאט איז איך ליעב, וועקט זי ניט אויף! זי איז שוין צו שוואך, דאס טייבעלע. מיר שרעקען זיך פאר איהר. דער דאקטאר זאגט, אז דערוויילע איז עס גארנישט. אבער וואס קען מען רעו ארויסקריעגען פון איהם, פון א י י ע ר דאקטאר! איז עס ניט קיין זינד פון אייך, איוואן פיעטראוויטש? איך האב געווארט אויף אייך, מען האט געווארט איהר זאלט קומען צו מיטאג... צוויי מעת לעת זענט איהר דאך ניט געוועזען!...

— אבער איך האב דאך נאך אייערנעכטען געזאגט, אז איך וועל צוויי מעת לעת ניט זיין, — רוים איך איין אננא אנדרעיעווגא'ן.— איך האב בעדארפט די ארבייט ענדיגען.

— אבער איהר האט דאך צוגעזאגט היינט אויף מיטאג צו קו־מען! וואס זשע זענט איהר ניט געקומען? נעלי איז אומיסטען פון בעטיל אויפגעשטאנען, א מלאך א קינד, מען האט זי אין א שטוהל אריינגעזעצט און ארויסגעפיהרט צום מיטאג: „איך וויל צוזאמען מיט אייך אויף וואניא'ן ווארטען". און אונזער וואניא האט זיך גאר־נישט געוויזען. עס איז דאך שוין באלד זעקס אזייגער, וואו איז ער דאס געוועזען? ארומלויפער אזעלכע! איהר האט דאך זי אזוי צור־רודערט, אז איך האב שוין ניט געוואוסט ווי אזוי זי צו בערוהיגען... א גליק וואס זי איז איינגעשלאפען, דאס טייבעלע. און ניקאלאי סערגעי־איטש איז דערצו נאך אוועק אין שטאדט אריין (צו דער טהיי וועט ער זיין): פלאג איך מיך אזוי אליין... עפעס א שטעלע קומט איהם אן; נאר ווען איך גיב א טראכט, אז אין פערמי, פאלט מיר די נשמה ארויס...

— און וואו איז נאַטאַשאַ?

— אין גערטיל, טייערער, אין גערטיל! גייה אַראָב צו איהר... עפּעס איז זי מיר אויך אַזוי... עפּעס פאַרשטעה איך ניט... אוי, איוואַן פּיעטראָוויטש, עס איז מיר שווער אויף דער נשמה! זי פאַרזיכערט, אז זי איז פרעהליך און צופריעדען, אבער איך גלויב איהר ניט... גייה אַראָב צו איהר, וואניא, און דערצעהל מיר שטילערהייט, וואָס עס איז מיט איהר... הערסט?

אָבער איך הער שוין ניט אַננאַ אַנדרעיעוונא'ן, נאָר איך לויף אין גערטיל אריין. דאָס דאָזיגע גערטיל בעלאַנגט צום הויז: עס איז אַ צוואַנציג שפּאַן אין דער לענג און אַזוי פיעל אין דער ברייט, און איז אינגאַנצען פאַרוואַקסען מיט גרינס. עס זיינען פאַרהאַן דערין דריי הויכע אַלטע, צוצווייגטע בוימער, עטליכע יונגע בעריאָזקעס, עטליכע קוסטען בעז, אַ ווינקעל מאַלינעס און צוויי שמאָלע, גערדרעהטע סטעזשקעס אין דער לענג און אין דער ברייט פון'ם גערטיל. דער אַלטער איז בעגייסטערט פאַר'ן גערטעל און ער פאַרזיכערט, אַז עס וועלען דאָרט אין גיכען וואַקסען שוואַמען. די הויפּטזאַך איז די, אַז נעלי האָט ליעב בעקומען דאָס גערטיל און מען פיהרט זי אָפט אַרויס אין אַ שטוהל אויף דער סטעזשקע אין גאָרטען, און נעלי איז איצטער דער אָבגאָט פון גאַנצען הויז. אָבער אָט איז נאַטאַשאַ: זי בעגעגענט מיך מיט פרייד און שטרעקט מיר אויס אַ האַנט. ווי דאַר זי איז, ווי בלאַס! זי איז אויך קוים געקומען צו זיך פון דער קראַנקהייט.

— האָסטו אינגאַנצען געענדיגט, וואניא? — פרעגט זי מיך.

— אינגאַנצען, אינגאַנצען! און איך בין פאָלשטענדיג פריי אויף אַ גאַנצען אָווענט.

— נו, גאָט צו דאַנקען! האָסט דיך געאיילט? קאַליע געמאַכט?

— וואָס קען מען טהאָן! איבריגענס, דאָס איז גאָרנישט. ביי מיר אַרבייט זיך אויס, אין אַזאַ אָנגעשטרענגטער אַרבייט, אַ מין בעזונדערע צורייצונג פון די נערווען; איך זעה זאַכען קלאָרער, איך פיהל לעבעדיגער און טיעפער און אפילו דער זאַץ גיט זיך מיר אינגאַנצען אונטער, אַזוי אַז ביי אָנגעשטרענגטער אַרבייט קומט עס בעסער אַרויס. אַלץ איז גוט...

— אוי, וואניא, וואניא!

איך באַמערק, אַז נאַטאַשאַ איז פאַר דער לעצטער צייט געוואָ־

רען שרעקליך אייפערזיכטיג צו מיינע ליטעראַרישע ערפאָלגען, צו מיין בעריהמטקייט. זי לעזט איבער אַלץ, וואָס איך האָב פאַר'ן לעצ־טען יאָהר אָבגעדרוקט, פרעגט מיך כסדר אוים וועגען מיינע ווייטער־דיגע פּלענער, אינטערעסירט זיך מיט יעדער קריטיק, וואָס מען שרייבט אויף מיר, אויף טייל איז זי בייז און וויל אומבעדינגט, אַז איך זאָל מיך הויך אוועקשטעלען אין דער ליטעראַטור. איהרע פאַרלאַנגען דריקען זיך אוים אַזוי שטאַרק און פעסט, אַז איך וואונדער מיך אפילו איבער איהר איצטיגער ווענדונג.

— דו וועסט דיך נאָר אויסשרייבען, וואַניאַ, — זאָגט זי מיר:

— וועסט דיך איבעראַרבייטען און אויסשרייבען: און אויסערדעם וועסטו נאָך דעם געזונד פאַרלירען. אַט, נעם ס...., יענער שרייבט צוויי יאָהר איין ערצעהלונג, און... נ...., האָט אין צעהן יאָהר אינגאַנצען איין ראָמאַן אָנגעשריבען. דערפאַר ווי איז עס ביי זיי אָבגעשליפען, אָב־געאַרבייט! קיין איינציגע נאַכלעסיגקייט וועסטו ניט געפינען.

— יאָ, אָבער זיי זיינען פאַרזאָרגט און שרייבען ניט אויף קיין בעשטימטער צייט, און איך בין — אַ פּאָטשטאָווע קליאַטשע! נו, דאָס איז אַלץ נאַרישקייטען! לאָמיר דאָס אָבלאָזען, מיין פריינד! וואָס, איז נישטאָ קיין נייעס?

— אַ סך. ערשטענס, פון אַ י ח ם אַ בריעף.

— נאָך?

— נאָך. — און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ בריעף פון אַליאָשאַ'ן. דאָס איז שוין דער דריטער נאָך דער צושיידונג. דעם ערשטען האָט ער געשריבען נאָך פון מאָסקווע און האָט איהם אָנגעשריבען, אַזוי ווי אין אַ מין אָנפאַל. ער האָט געלאָזט וויסען, אַז די אומשטענדען זענען זיך אַזוי צונויפג...אנגען, אַז ער קען זיך אויף קיין פאַל ניט אומ־קערען פון מאָסקווע קיין פּעטערבורג, ווי מען האָט פּראָיעקטירט ביים געזעגנען זיך. אין צווייטען בריעף האָט ער זיך געאיילט צו לאָזען וויסען, אַז ער קומט צופאָהרען צו אונז די טעג, כדי גיכער צו מאַכען די חתונה מיט נאַטאַשאַ'ן, אַז דאָס איז בעשלאָסען און עס קען מיט קיין קראַפט ניט אָבגעשטעלט ווערען. און דערווייל איז לויט דעם טאָן פון'ם גאַנצען בריעף קלאָר געווען, אַז ער איז פאַרצווייפעלט, אַז פרעמדע איינפלוסען ליגען שוין אויף איהם פאַלשטענדיג, און אַז ער האָט שוין זיך אַליין ניט געגלויבט. ער האָט, איבריגענס, דערמאָנט,

אז קאטיא — איז זיין גייסט און אז זי אליין טרייסט איהם און האלט איהם אויף. איך האָב מיט דורשט געעפענט זיין איצטיגען בריעף, וועלכער איז געווען דער דריטער.

ער איז געווען אויף צוויי בלעטלעך, געשריבען אָבגעהאקט, אין אונאָרדנונג, שנעל און אונקלאָר, פארפלעקט מיט טינט און מיט טרער־רען. עס האָט זיך אָנגעהויבען דערמיט, וואָס אליאָשא האָט זיך אָב־געזאָגט פון נאטאשא׳ן און זי צוגערעדט איהם צו פארגעסען. ער האָט זיך בעמיהט צו בעווייזען, אז זייער שידוך איז אומעגליך. אז די זייטיגע פיינדליכע איינפלוסען זיינען שטארקער פון אלעם, און אז ענד־ליך, דארף אזוי זיין: אי ער, אי נאטאשא וועלען צוזאמען זיין אומ־גליקליך, ווייל זיי זיינען ניט קיין פּאָר. נאָר ער האָט ניט אויסגעהאל־טען און פלוצלונג, אוועקוואַרפענדיג זיינע בעטראכטונגען און בע־ווייזען, האָט ער דאָ גלייך, ניט צורייסענדיג און ניט אוועקוואַרפענדיג די ערשטע העלפט פון׳ם בריעף, זיך מודה געווען, אז ער אנערקענט, אז ער וואָלט נאטאשא׳ן געקענט גליקליך מאכען, האָט אָנגעהויבען פלוצלונג דערווייזען, אז זיי זיינען א גאנץ גלייכע פּאָר; פאר׳עקש׳נט, מיט כעס האָט ער בעקעמפּפט דעם פאָטער׳ס ארגומענטען; אין פער־צווייפלונג האָט ער געמאָלען דאָס בילד פון דעם גליק פון גאנצען לעבען וואָס וואָלט זיי ביידען פארגעשטאנען, איהם און נאטאשא׳ן, אין פאַל ווען זיי וואָלטען חתונה געהאט, האָט זיך פארשאָלטען פאר זיין קליינער נשמה און — האָט זיך געזעגענט אויף אייביג. דער בריעף איז געווען אָנגעשריבען מיט צרות; ער האָט, ווייזט אויס, געשריבען אויסער זיך; מיר האָבען זיך געשטעלט טרערען... נאטאשא האָט מיר דערלאנגט א צווייטען בריעף, פון קאטיא׳ן. דער בריעף איז גע־קומען אין איין קאָנווערט מיט אליאָשא׳ס, נאָר בעזונדער פאר׳חתמ׳עט. קאטיא האָט געגוג קורץ, אין עטליכע שורות געלאָזט וויסען, אז אליאָ־שא בענקט ווירקליך זעהר, ער וויינט א סך און איז אזוי ווי פאר־צווייפעלט, ער איז אפילו קראנק אביסעל, נאָר אז ז י איז מיט איהם, און אז ער וועט זיין גליקליך. אין דער זעלבער צייט האָט זיך קאטיא בעמיהט צו בעווייזען נאטאשא׳ן, אז זי זאָל ניט מיינען, אז אליאָשא האָט זיך אזוי גיך געקענט טרייסטען און אז זיין טרויריגקייט איז ניט קיין ערנסטע. „ער וועט אייך קיינמאָל ניט פארגעסען", האָט קאטיא צוגעגעבען; „און ער קען אייך קיינמאָל ניט פארגעסען, ווייל

פאר וייל ער האט ניט אזא הארץ; ליעב האט ער אייך אהן א גרעניץ, ער וועט אייך שטענדיג ליעב האבען, אזוי אז אויב ער וועט אייך אויפהערען ליעב צו האבען, אפילו אמאל, אויב ער וועט אפילו אמאל אויפהערען צו בענקען ווען ער וועט זיך דערמאנען אן אייך, וועל איך איהם אליין גלייך אויפהערען ליעב צו האבען דערפאר"...

איך האב נאטאשא'ן צוריקגעגעבען ביידע בריעף; מיר האבען זיך ביידע איבערגעקוקט און קיין ווארט ניט געזאגט. אזוי איז אויך געווען ביי די ערשטע צוויי בריעף, און אין אלגעמיין האבען מיר איצטער אויסגעמיעדען צו רעדען וועגען דער פארגאנגענהייט, אזוי ווי מיר וואלטען עס אבגערעדט צווישען זיך. זי האט געליטען אונערטרעגליך, איך האב עס געזעהען, אבער זי האט עס ניט געוואלט ארויסזאגען אפילו פאר מיר. נאך איהר צוריקקומען אין די עלטערענ'ס הויז איז זי דריי וואכען אבגעלעגען אין היץ און איז איצטער קוים געקומען צו זיך. מיר האבען אפילו ווייניג גערעדט וועגען אונזער ענדערונג, וואס איז אונז אין גיכען פארגעשטאנען, כאטש זי האט אפילו געוואוסט, אז דער אלטער בעקומט א שטעלע און אז מיר וועלען זיך דארפען אין גיכען צושיידען. ניט קוקענדיג אויף דעם איז זי אויף אזוי ווייט געווען צו מיר צערטליך, אויפמערקזאם, האט זיך אויף אזוי ווייט אינטערעסירט מיט אלץ, וואס האט מיך אנגעריהרט, דורך דער גאנצער צייט; זי האט מיט אזא פעסטער, פאר'עקשנ'טער אויפמערקזאמקייט אויסגעהערט אלץ, וואס איך האב איהר בעדארפט דערצעהלען וועגען זיך, אז אין אנהייב איז דאס מיר אפילו שווער געווען: מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז זי האט מיך געוואלט בעלוינען פאר דער פארגאנגענהייט. נאר די שווערקייט איז גיך פארשוואונדען: איך האב פארשטאנען, אז עס איז דא אין איהר א גאנץ אנדערער פארלאנג, אז זי האט מיך א י נ פ א ך ליעב, ליעב אהן א סוף, קען אהן מיר ניט לעבען און זארגט זיך ניט וועגען קיין זאך, און וואס אמבעלאנגט מיר, דענק איך אויך, אז קיין שוועסטער האט קיינמאל איהר ברודער ביז אזא שטופע ניט ליעב געהאט, ווי נאטאשא האט מיך ליעב געהאט. איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז אונזער שיידען זיך, וואס איז אונז פארגעשטאנען האט געדריקט איהר הארץ, אז נאטאשא האט זיך געפלאגט: זי האט אויך געוואוסט, אז איך קען אהן איהר אויך ניט לעבען: נאר מיר האבען וועגען דעם ניט גערעדט, כאטש מיר האבען

נענוי געשמועסט וועגן די פאַרשטעהענדע געשעהעניששען...

איך האָב געפרעגט וועגן ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן.

— איך מיין, ער וועט איננגיכען צוריקקומען — האָט נאַטאַשאַ געענטפערט; ער האָט צוגעזאָגט צו זיין צוריק ביי דער טהיי.

— דאָס ארבייט ער אַלץ וועגן אַ שטעלע?

— יאָ; איבריגענס, אַ שטעלע וועט שוין איצטער אומבעדינגט זיין, דאכט זיך, ער האָט אפילו ניט געהאט היינט נאָך וואָס אוועקצוגעהן, — האָט זי צוגעגעבען נאָכדענקענדיג; — ער וואָלט עס מאָרגען אויך געקענט.

— צו וואָס זשע איז ער אוועק?

— דערפאַר, ווייל איך האָב אַ בריעף בעקומען...

— ער איז אויף אזוי ווייט ק ר א נ ק פון מיר, — האָט נאַטאשאַ צוגעגעבען נאָך אַ שווייגען, — אז דאָס איז מיר אפילו צו לאַסט, וואַניאַ. דאכט זיך, אז אין חלום אפילו זעהט ער נאָך מיך אליין. איך בין זיכער, אז אויסער דעם, וואָס מיט מיר איז, ווי איך לעב און וועגען וואָס דענק איך איצט? — טראַכט ער אפילו מעהר וועגען קיין זאך ניט. מיין יעדע בענקשאַפט רופט זיך אָב אין איהם. איך זעה דאָך, ווי פאַרלעגען טיילמאָל ער בעמיהט זיך אליין צו בעצווינגען און צו מאכען אַ פנים, אז עס אַרט איהם ניט וועגען מיר, ער מאַכט זיך פרעהליך, בעמיהט זיך צו לאַכען און אונז צו מאַכען לאַכען. די מאַמע איז אין די מינוטען אויך ניט ביי זיך און זי גלויבט אויך ניט זיין געלעכטער און זיפצט... זי איז אזוי פאַרלעגען... אַ גלייכע נשמה! — האָט זי צוגעגעבען מיט אַ געלעכטער. — אַט ווען איך האָב היינט בעקומען די בריעף, איז איהם געפעלען גלייך צו אנטלויפען, אז ער זאָל זיך מיט מיינע אויגען ניט בעגעגענען... איך האָב איהם ליעב מעהר פון זיך, מעהר פון אַלע אין דער וועלט, וואַניאַ, — האָט זי צוגעגעבען, אַננויגענדיג מיין קאָפּ און דריקענדיג מיין האַנט: — אפילו מעהר פון דיר...

מיר זיינען צוויי מאָל איבערגעגאַנגען דעם גאָרטען, איידער זי האָט אָנגעהויבען צו רעדען.

— ביי אונז איז היינט געוועזען מאַסלאָבאָיעוו און נעכטען איז ער אויך געוועזען, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, ער האָט זיך פאַר דער לעצטער צייט זעהר אָפט געוויזען צו אייך.

— און ווייסטו צוליעב וואָס ער איז דאָ? די מאַמעשי גלויבט אין איהם, אַזוי ווי איך ווייס ניט אין וואָס. זי מיינט, אַז ער ווייסט דאָס אַליץ אויף אַזוי ווייט (די אַלע געזעצען דאָרט אין די אַלע זאַכען, נו) — אַז ער קען יעדע זאַך אַבטהאָן. ווי מיינסטו, וואָס פאַר אַ געדאַנק דרעהט זיך ביי איהם איצטער? פאַר זיך איז איהר זעהר אַ וועהטאָג אין האַרצען, וואָס איך בין ניט געוואָרען קיין קניאַגיניע. דער געדאַנק לאָזט זי ניט לעבען און דאַכט זיך, אַז זי האָט איהר גאַנ־צען סוד ענטדעקט מאַסלאָבאָיעוו'ן. מיט'ן פּאַפּאַ האָט זי מורא צו רע־דען וועגען דעם און זי טראַכט: צי וועט איהר מאַסלאָבאָיעוו ניט העל־פען אין עפּעס, צי קען מען ניט עפּעס לויט די געזעצען? מאַסלאָבאָ־יעוו, דאַכט זיך, זאָגט איהר ניט פאַרקערט, און זי טראַקטירט איהם מיט וויין, — האָט נאַטאַשאַ צוגעגעבען מיט אַ שמייכעלע.

— פון דעם וועט עפּעס ווערען. אָבער פון וואַנען ווייסטו עס?

— די מאַמאַ האָט זיך דאָך אליין אַרויסגערעדט פאַר מיר... מיט אָנצוהערענישען...

— וואָס איז מיט נעלי? וואָס מאַכט זי? — האָב איך געפרעגט.

— עס איז מיר אַפילו אַ וואונדער אויף דיר, וואַניאַ: ביז איצ־טער האָסטו דיך גאָר נישט נאָכגעפרעגט אויף איהר? — האָט מיר נאַטאַשאַ מיט פאַרוואורף געזאָגט.

נעלי איז געווען אַלעמענס אָבגאָט אין דעם הויז. נאַטאַשאַ האָט זי שרעקליך ליעב בעקומען און נעלי האָט זיך איהר צום סוף אָבגע־געבען מיט'ן גאַנצען האַרצען. אָרעם קינד! זי האָט נאָרנישט ער־וואַרט, אַז זי זאָל אַמאָל געפינען אַזעלכע מענשען, אַז זי וועט געפינען אַזוי פיעל ליעבע צו זיך, און איך האָב מיט פרייד געזעהען, ווי דאָס צורייצטע האַרץ איז ווייכער געוואָרען, און די נשמה האָט זיך גע־עפענט פאַר אונז אַלע. זי האָט זיך מיט עפּעס אַ קרענקליכען פייער אָבגערופען אויף דער אַלגעמיינער ליעבע, מיט וועלכער זי איז געווען אַרומגערינגעלט, אין געגענזאַץ צו איהר גאַנצער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט אין איהר ענטוויקעלט אומצוטרוי, בייזקייט און עקשנות. איבערי־געגנס, נעלי פלעגט זיך איצער אויך אייג'עקשנ'ען, האָט פון אונז אַ לאַנגע צייט אומיסטען בעהאַלטען איהרע פריידענס־טרערען, וואָס האַ־

בען זיך אין איהר אָנגעזאַמעלט און צום סוף האָט זי זיך אונז איינגאַנצען אָבגעגעבען. זי האָט שטארק ליעב בעקומען נאטאשאַ'ן, דערנאָך דעם אַלטען. און איך בין פאַר איהר געוואָרען עפּעס אזוי נויטווענדיג, אז איהר קראַנקהייט האָט זיך פאַרשטאַרקט, אויב זי האָט מיך א לאַנגע צייט ניט געזעהען. דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב מיך געזעגענט אויף צוויי טעג, אום ענדליך צו פאַרענדיגען מיין ארבייט, וואָס איך האָב פאַרלאָזט, האָב איך עס איהר לאַנג בעדאַרפט איינרעדען... פאַרשטעהט זיך, מיט זייטיגע ווענגען. נעלי האָט זיך נאָך אַלץ געשעהמט גלייך ארויסצעווייזען איהר געפיהל...

זי האָט אונז אַלע בעאונרוהיגט. שווייגענדיג און אָהן שום רייד איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז זי וועט אויף אייביג בלייבען אין ניקאָלאַי סערגעאיטש'עס הויז, און דערווייל האָט זיך דאָס אָבפּאַהאַלטען דערנעהנטערט און איהר איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. זי איז קראַנק געוואָרען דעם אייגענעם טאָג, ווען איך בין געקומען מיט איהר דאַמאָלס צו די אַלטע, אין דעם טאָג ווען זיי האָבען זיך איבערגעבעטען מיט נאַטאַשאַ'ן. איבריגענס, וואָס רעד איך? זי איז דאָך שטענדיג געווען קראַנק. די קראַנקהייט איז שוין פריהער אין איהר געוואַקסען שטופּענווייז, נאָר איצט האָט זי זיך אָנגעהויבען פאַרשטאַרקען מיט אַן אונגעוועהנליכער שנעלקייט. איך ווייס ניט און איך קען בענוי ניט זאָגען, וואָס איהר קראַנקהייט איז. די אָנפאַלען, אמת, האָבען זיך געטראָפען מיט איהר אביסעל עפטער פון פריהער; נאָר איבערהויפּט א מין אויסמאַטערניש און אַן אָבפאַל פון אַלע כחות, דורכאַנאַנד א פיעבערהאַפטער און אָנגעשטרענגטער צושטאַנד, — דאָס אַלץ האָט זי די לעצטע טעג צוגעפיהרט דערצו, אז זי איז שוין פון בעט ניט אויפגעשטאַנען. און מאָדנע: וואָס מעהר די קראַנקהייט האָט זי בעהערשט, אַלץ ווייכער, אַלץ צערטליכער, אַלץ אָפענער איז נעלי מיט אונז געוואָרען. מיט דריי טעג צוריק האָט זי מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען איהר בעטיל און האָט מיך צוגעצויגען צו זיך. אין צימער איז קיינער ניט געוועזען. איהר פּנים איז געווען אין היץ (זי איז שרעקליך אָבגעצערט געוואָרען), די אויגען האָבען געפינקעלט מיט פייער. זי האָט זיך ציטערדיג־לייידענשאַפטליך א ציה געטהאָן צו מיר, און ווען איך האָב מיך איינגעבויגען צו איהר, האָט זי פעסט ארומגעכאַפּט מיין האַלז מיט איהרע ברוינע,

דארינקע הענטעלעך און האט מיר פעסט א קוש געטהאן, און דערנאך האט זי גלייך געפאדערט צו זיך נאטאשא'ן: איך האב זי ארייגגערופען; נעלי האט אומבעדינגט געוואלט, אז נאטאשא זאל זיך צוזעצען צו איהר אויפ'ן בעט און זאל קוקען אויף איהר...

— מיר ווילט זיך אליין קוקען אויף אייך, — האט זי געזאגט.
— איך האב אייך נעכטען געזעהען אין חלום און היינט ביינאכט וועל איך אייך זעהען... איהר קומט מיר אפט צו חלום... יעדע נאכט...

זי האט, ווייזט אויס, געוואלט עפעס ארויסזאגען, א געפיהל האט זי געדריקט; נאר זי האט אליין ניט פארשטאנען איהרע געפיהלען און האט זיי ניט געוואוסט ווי אויסצודריקען...

ניקאלאי סערגעאיטש'ן האט זי ליעב געהאט כמעט מעהר פון אלע, אויסער מיר. מען מוז זאגען, אז ניקאלאי סערגעאיטש האט זי אויך ליעב געהאט, כמעט אזוי ווי נאטאשא'ן. ער האט געהאט א וואונדערליכע אייגענשאפט פרעהליך צו מאכען נעלי און זי צו מאכען לאכען. אזוי ווי ער פלעגט נאר אריינקומען צו איהר האט זיך באלד אנגעהויבען א געלעכטער און אפילו שטיפערייען. דאס קראנקע מיידעלע איז פרעהליך געווארען, ווי א קינד, האט קאקעטירט מיט דעם אלטען, האט אונטערגעלאכט איבער איהם, האט איהם דערצעהלט איהרע חלומות און האט שטענדיג עפעס אויסגעטראכט, האט איהם אויך געצוואונגען צו דערצעהלען, און דעם אלטען האט עס אויף אזוי ווייט געפרעהט, ער איז געווען אזוי צופריעדען, קוקענדיג אויף זיין קליינינקער טאכטער נעלי", אז מיט יעדען טאג איז ער געווארען אלץ מעהר און מעהר בעגייסטערט פאר איהר.

— גאט אליין האט זי אונז אלעמען צוגעשיקט, אלס א בעלוינונג פאר אונזערע צרות, — האט ער מיר איינמאל געזאגט, אוועקגעהענדיג פון נעלי'ן און בענשענדיג זי, ווי געווענליך, אויף ביינאכט.

יעדען טאג, אין אווענט, ווען מיר האבען זיך אלע צונויפגעקליבען צוזאמען (מאסלאבאיעוו איז אויך געקומען כמעט יעדען אווענט), טיילמאל איז אויך געקומען דער אלטיטשקער דאקטאר, וואס איז מיט דער גאנצער נשמה געווארען צוגעבונדען צו די איכמעניעווס; מען האט אויך ארויסגעפיהרט נעלי'ן אין איהר שטוהל צו אונז ביים קיילעכדיגען טיש. מען האט געפענט די טהיר אויפ'ן באלקאן. דאס גרינע גערטעל, בעלויכטען פון דער אונטערגעהענדיגער זון, האט זיך אנ־

נאַנצען אַרויסגעזעהען. עס האָט פון דאָרט געשמעקט מיט פרישען גרינס און מיט בעז, וואָס האָט זיך נאָרוואָס געעפענט. נעלי איז געזעסען אין איהר שטוהל, האָט צערטליך געקוקט אויף אונז אַלע און זיך צוגעהערט צו אונזער שמועס. טיילמאָל איז זי אַליין אויך לעבעדיגער געוואָרען און האָט אומבעמערקטערהייט אויך אָנגעהויבען עפּעס צו רעדען... נאָר אין אַזעלכע מינוטען האָבען מיר זיך געוועהנליך צוגעהערט צו איהר זאָגאָר מיט אונרוהיגקייט, ווייל אין איהרע ערינערונגען זיינען געווען טהעמען, וועלכע מען האָט ניט געטאָרט אָנריהרען. אי איך, אי נאַטאַשאַ, אי די איכמעניעווס, האָבען געפיהלט און אָנערקענט אונזער גאַנצע שולד געגען איהר, יענעם טאָג, ווען זי האָט אַ ציטערענדיגע און אויסגעמוטשעטע, געמוזט דערצעהלען אונז איהר געשיכטע. בעזונדערס איז דער דאָקטאָר געווען געגען די ערינערונגען און מען האָט זיך געוועהנליך בעמיהט צו ענדערען דעם שמועס. אין אַזעלכע פאַלען האָט זיך נעלי בעמיהט ניט צו ווייזען אונז, אַז זי פאַרשטעהט אונזערע אַנשטרענגונגען, און זי האָט אָנגעהויבען צו לאַכען מיט'ן דאָקטאָר אָדער מיט ניקאָלאַי סערגעאיטש'ן.

און דאָך איז איהר געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. זי איז געוואָרען זעהר עמפּפינדליך. איהר האַרץ האָט געקלאַפּט אונרעגעלמעסיג. דער דאָקטאָר האָט מיר אַפילו געזאָגט, אַז זי קען גאָר אין גיכען שטאַרבען.

איך האָב דאָס די איכמעניעווס ניט געזאָגט, אום זיי ניט אויפצורעגען. ניקאָלאַי סערגעאיטש איז זאָגאָר געווען איבערצייגט, אַז זי וועט געזונט ווערען ביז צו דער רייזע.

— אָט איז דער פּאַפּאַ אויך צוריקגעקומען, — האָט נאַטאַשאַ געזאָגט, דערהערענדיג זיין קול. — קום, וואַניאַ.

---

ניקאָלאַי סערגעאיטש, ווי נאָר ער האָט אַריבערגעטרעטען די שוועל, האָט ער ווי געוועהנליך, גענומען הויך רעדען. אַננאַ אַנדרעיעוונאַ האָט גענומען מאַכען צו איהם מיט די הענט. דער אַלטער האָט זיך באַלד בערוהיגט און דערזעהענדיג מיך מיט נאַטאַשאַ'ן, האָט ער שטילערהייט און שנעל אונז גענומען דערצעהלען וועגען די רעזולטאַטען פון דעם וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט. די שטעלע, וועגען וועלכער ער

האט זיך בעמיהט, איז געווען זיין, און ער איז געווען זעהר צופריעד־דען.

— אין צוויי וואכען ארום קען מען פאהרען, — האט ער גע־זאגט, רייבענדיג די הענט און האט א בעזארגטער, פון דער זייט א קוק געטהאן אויף נאטאשא׳ן. אבער זי האט איהם געענטפערט מיט א שמייכעל און האט איהם ארומגענומען, אזוי אז זיין יעדער צווייפעל איז אין א רגע פארשוואונדען.

— מיר וועלען פאהרען, מיר וועלען פאהרען, מיינע פריינד, מיר וועלען פאהרען! — האט ער גענומען רעדען א דערפרעהטער. — אט נאר דו, וואניא, מיט דיר איז א וועהטאג זיך צו שיידען... — (איך וועל בעמערקען, אז ער האט מיר קיין איינציג מאל ניט פארגעשלאגען צו פאהרען מיט זיי צוזאמען, וואס ער וואלט, משפט׳ענדיג לויט זיין כא־ראקטער, זיכער געטהאן... ביי אנדערע אומשטענדען, דאס הייסט, ווען ער וואלט ניט געוואוסט מיין ליעבע צו נאטאשא׳ן).

— נו, וואס קען מען טהאן, פריינד, וואס קען מען טהאן! עס טהוט מיר לייד, וואניא, אבער דאס וואס מיר וועלען ענדערען דאס ארט וועט אונז אלע אויפלעבען... די ענדערונג פונ׳ם ארט — מיינט די ענדערונג פון א ל ץ! — האט ער צוגעגעבען נאכאמאל א קוק טהוענדיג אויף דער טאכטער.

ער האט דאס געגלויבט און איז געווען צופריעדען מיט זיין גלויבען.

— און נעלי? — האט אננא אנדרעיעוונא געזאגט.

— נעלי? נו, וואס... זי, מיין טייבעלע, איז קראנק אביסעל, נאר ביז יענער צייט וועט זי זיכער געזונט ווערען. עס איז איהר שוין איצ־טער בעסער: ווי מיינסטו, וואניא? — האט ער ארויסגערעדט, ווי ער וואלט זיך דערשראקען, און האט מיט אונרוהיגקייט געקוקט אויף מיר, גלייך איך וואלט עס איהם געמוזט ענטשיידען זיין מיספארשטענדע־ניש.

— וואס מאכט זי? ווי איז זי געשלאפען? צי האט זיך מיט איהר עפעס ניט געטראפען? צי האט זי זיך ניט איבערגעוועקט איצ־טער? ווייסטו וואס, אננא אנדרעיעוונא: מיר וועלען גיכער צורוקען דאס טישעל אויף דער טעראסע, מען וועט ברענגען דעם סאמאוואר, אונזערע וועלען קומען, מיר וועלען זיך אלע ארומזעצען, און נעלי וועט

צו אונז ארויסקומען... דאס איז שעהן. צי האט זי זיך שוין ניט איבער־געוועקט? איך וועל אריינגעהן צו איהר. איך וועל נאר א קוק טהאן אויף איהר... איך וועל זי ניט איבערוועקען, זיי רוהיג! — האט ער צוגעגעבען, זעהענדיג, אז אננא אנדרעיעוונא האט ווידער גענומען מאכען אויף איהם מיט די הענט.

נאר נעלי האט זיך שוין איבערגעוועקט. אין א פערטעל שעה ארום זיינען מיר אלע, ווי געוועהנליך, געזעסען ארום דעם טיש בייםֿ אווענט־סאמאוואר.

נעלי'ן האט מען ארויסגעפיהרט אין דער שטוהל. עס האט זיך בעוויזען דער דאקטאר און מאסלאבאיעוו האט זיך בעוויזען. ער האט געבראכט פאר נעלי'ן א גרויסען בוקעט בעזן; נאר אליין איז ער געווען פארזארגט מיט עפעס און עפעס האט איהם פארדראסען.

יא: מאסלאבאיעוו איז געקומען כמעט יעדען טאג. איך האב שוין געזאגט, אז אלע, און בעזונדערס אננא אנדרעיעוונא האבען זי שטארק ליעב בעקומען, נאר מיר האבען קיינמאל קיין הויך ווארט ניט דער־מאנט וועגען אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא; מאסלאבאיעוו אליין האט זי ניט דערמאנט. אננא אנדרעיעוונא אליין האט זיך דערמיט זעהר פרזים געהאלטען. איבריגענס, ווען זי וואלט ניט געהאט נאטאשא'ן און, די הויפטזאך, ווען עס וואלט ניט געשעהען דאס וואס איז גע־שעהען, וואלט זי אפשר ניט איבערגעקליבען אזוי.

נעלי איז דעם אווענט געווען עפעס בעזונדערס טרויעריג און אפילו פארזארגט מיט עפעס. ווי זי וואלט געזעהען א שלעכטען חלום און וואלט זיך פארטראכט וועגען איהם. אבער מיט מאסלאבאיעוו'ס מתנה האט זי זיך זעהר דערפרעהט און האט א צופריעדענע געקוקט אויף די בלומען, וועלכע מען האט אוועקגעשטעלט פאר איהר אין א גלאז.

— האסטו זעהר ליעב בלימעלעך, נעלי? — האט דער אלטער גע־זאגט — ווארט נאר! — האט ער צוגעגעבען א בעלעבטער: — מאר־גען... נו, וועסט שוין אליין זעהען...

— איך האב ליעב, האט נעלי געענטפערט, — און איך געדענק, ווי מיר האבען די מאמא בעגעגענט מיט בלומען. די מאמא, ווען מיר זיינען נאך געווען ד א ר ט (דארט האט איצטער געהייסען אין אויסלאנד), איז איינמאל א גאנצען חודש געווען זעהר קראנק. איך און העניריך האבען מיר זיך אבגערעדט, אז ווען זי וועט אויפשטעהן און

ווען דאָס ערשטע מאָל ארויסגעהן פון איהר שלאָפצימער, װעלען מיר אַלע צימערען בעפּוצען מיט בלומען. און אַזוי האָבען מיר טאַקע גע־טהאָן. די מאַמא האָט אין אָװענט געזאָגט, אַז מאָרגען װעט זי אומבע־דינגט ארויסגעהן צוזאַמען מיט אונז עסען פרישטיק. מיר זיינען אויפ־געשטאַנען גאַנץ פריה. הענריך האָט געבראַכט אַ סך בלומען, און מיר האָבען דאָס גאַנצע צימער בעפּוצט מיט גרינע בלעטער און גירלאַנדען. מיר האָבען געהאַט פאַרשידענע ברייטע בלעטער, — איך װייס שוין ניט, װי זיי הייסען, און נאָך אַנדערע בלעטער, װאָס פאַרטשעפּען זיך פאַר אַלץ, און גרויסע װייסע בלומען זיינען געװעזען, און נאַרציסען זיי־נען געװעזען, איך האָב זיי ליעבער פון אַלע בלומען, און ראָזאַנען זיי־נען געװעזען, אַזעלכע שעהנע ראָזאַנען, און אַ סך אַ סך בלומען זיינען געװעזען. מיר האָבען זיי אַלע צוהאַנגען אין גירלאַנדען און צושטעלט אין טעפּ, און אַזעלכע בלומען האָבען מיר דאָ געהאַט, אַזוי װי גאַנצע בוימער, אין גרויסע בלומען־טעפּ; די האָבען מיר צושטעלט אין די װינקלען און ביי דער מאַמאס שטוהל, און װען די מאַמא איז ארויסגע־גאַנגען, האָט זי זיך פאַרװאונדערט און האָט זיך זעהר דערפרעהט, און הענריך האָט זיך זעהר דערפרעהט... איך געדענק דאָס איצט....

דעם אָװענט איז נעלי געװען עפּעס בעזונדערס שװאַך און נערװעז. דער דאָקטאָר האָט מיט אונרוהיגקייט געקוקט אויף איהר. נאָר איהר האָט זיך זעהר געװאָלט רעדען. לאַנג, ביז סאַמע פאַרנאַכט האָט זי דער־צעהלט װעגען איהר פריהיג לעבען דאָרט; מיר האָבען איהר ניט איבערגעריסען. דאָרט איז זי מיט דער מאַמען און מיט הענריך׳ן אַ סך ארומגעפאָהרען, און די פריהריגע ג״ינערונגען זיינען קלאָר אויפ־געשטאַנען אין איהר זכרון. זי האָט מיט האַרציגער אויפרעגונג דער־צעהלט װעגען בלאָהע הימלען, װעגען הויכע בערג מיט שניי און אייז, װעלכע זי האָט געזעהען און איז פאַרבייגעפאָהרען, װעגען װאַסערפאַ־לען אין די בערג; דערנאָך װעגען די אָזערעס און די טהאָלען פון אי־טאַליען, װעגען בלומען און בוימער, װעגען דאָרפישע איינװאױנער, װעגען זייער קליידונג און װעגען זייערע ברוינע פּנים׳ער און שװאַרצע אויגען; זי האָט דערצעהלט װעגען פאַרשידענע בעגעגענישען און צו־פאַלען, װאָס זיי האָבען געהאַט. דערנאָך װעגען גרויסע שטעט און הויי־פען, װעגען אַ הויכער קירך מיט אַ קופּאָל, װעלכער האָט זיך פּלוצלונג בעלויכטען מיט פאַרשידענפאַרביגע פייערען; דערנאָך װעגען אַ הייי־

סער, זידליכער שטאָדט מיט א בלאָהען הימעל און מיט א בלאָהען ים... קיינמאָל האָט אונז נאָך נעלי ניט דערצעהלט אזוי גענוי איהרע ערינערונגען. מיר האָבען זי אויסגעהערט מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאמקייט. מיר האָבען ביז איצטער נאָר געקענט אנדערע ערינערונגען איהרע — אין דער פינסטערער, בייזער שטאָדט, מיט א דריקענדער אטמאָספערע וואָס טעמפּט אָב, מיט אַן אנשטעקענדער לופט, מיט טייערע פּאַלאצען, וואָס זיינען שטענדיג געווען פארפּאטשקעט מיט שמוץ; מיט א מאַטער, אָרעמער זון און מיט בייזע, האלב־משוגעגע מענשען, פון וועלכע אי זי, אי איהר מאַמע זיינען אזוי פיעל אויסגעשטאַנען. און מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי זיי ביידע, אין דעם שמוציגען קעלער, אין א פייכטען פינסטערען אָוונט, האָבען זיך ארומגענומען אויף זייער אָרעמען בעט און דערמאָנט זיך וועגען זייער פארגאנגענהייט, וועגען דעם פאַרשטאָרבענעם הענריך און וועגען די וואונדער פון אנדערע לענדער... איך האָב מיר אויך פארגעשטעלט נעלי'ן, וועלכע האָט זיך שוין דאָס אַלץ אליין דערמאָנט, אָהן איהר מאַמא'ן, ווען די בובנאָוואַ האָט מיט קלעפּ און מיט ווילדער גרויזאמקייט זי געוואָלט צוברעכען און צווינגען זי צו שלעכטע זאכען.

אָבער צום סוף, איז נעלי'ן שלעכט געוואָרען און מען האָט זי צוריקגעפיהרט. דער אַלטער האָט זיך זעהר דערשראָקען און עס האָט איהם פארדראָסען, וואָס מען האָט זי געלאָזט אזוי פיעל רעדען. עפּעס האָט זי געהאט אַן אַנפאַל, זי האָט גע'חלש'ט. דער אַנפאַל האָט זיך שוין געטראָפען מיט איהר עטליכע מאָל. ווען ער האָט זיך געענדיגט, האָט נעלי דורכאויס פארלאנגט מיך צו זעהען. עפּעס האָט זי מיר אליין בעדארפט זאָגען. זי האָט עס אזוי שטארק געבעטען, אז דאָס מאָל איז דער דאָקטאר אליין בעשטאַנען דערויף, אז מען זאָל אויספיהרען איהר פארלאנג, און אַלע זיינען ארויס פון צימער.

— אַט וואָס, וואַניא, — האָט נעלי געזאָגט, ווען מיר זיינען געבליבען אליין: איך ווייס, זיי מיינען, אז איך וועל מיט זיי פאָהרען; אָבער איך וועל ניט פאָהרען, דערפאַר ווייל איך קען ניט און איך וועל דערווייל בלייבען ביי דיר, און דאָס האָב איך דיר בעדארפט זאָגען.

איך האָב איהר אָנגעהויבען אויסצורעדען; האָב איהר געזאָגט, אז ביי די איכמעניעווס האָבען זי אַלע אזוי ליעב, אז מען האַלט זי פאַר אַן אייגענע טאָכטער. אז אַלע וועלען זי זעהר בעדויערען. אז ביי מיר,

פארקערט, וועט איהר זיין שווער צו לעבען, און אז כאטש איך האב זי זעהר ליעב, קען מען אבער ניט העלפען און מען מוז זיך צושיידען.

— ניין, מען מוז ניט! — האט נעלי פאר'עקשנ'ט געענטפערט:

— דערפאר ווייל איך זעה אפט די מאמען אין חלום און זי זאגט מיר, אז איך זאל ניט פאהרען מיט זיי און זאל בלייבען דא; זי זאגט מיר, אז איך האב זעהר א סך געזינדיגט, וואס איך האב דעם זיידען אליין איבערגעלאזט, און זי וויינט אלץ, ווען זי זאגט דאס. איך וויל דא בלייבען און געהן צום זיידען, וואניא.

— אבער דיין זיידע איז דאך שוין געשטארבען, נעלי — האב איך געזאגט, נאכדעם ווי איך האב זי אויסגעהערט מיט פארוואונדערונג.

זי האט זיך פארטראכט און פעסט א קוק געטהאן אויף מיר.

— דערצעהל מיר, וואניא, נאכאמאל, — האט זי געזאגט, — ווי אזוי דער זיידע איז געשטארבען. דערצעהל אלץ און לאז גארנישט דורך.

איך בין ערשטוינט געווארען פון איהר פאדערונג, נאר דאך האב איך מיך גענומען איהר דערצעהלען אלץ גענוי. איך האב פארדעכטיגט, אז זי האט היץ, אדער אמוועניגסטענס איז איהר נאך דעם אנפאל נאך דער קאפ ניט איינגאנצען קלאר.

זי האט אויפמערקזאם אויסגעהערט מיין ערצעהלונג און איך געדענק, ווי איהרע שווארצע אויגען, וואס האבען געפינקעלט מיט א קראנקען פיעבערהאפטען גלאנץ, האבען מיר פעסט און פאר'עקשנ'ט נאכגעקוקט די גאנצע צייט פון מיין דערצעהלען. אין שטוב איז שוין געווען פינסטער.

— ניין, וואניא, ער איז ניט געשטארבען! — האט זי ענטשלאסען געזאגט, נאכדעם ווי זי האט אלץ אויסגעהערט און האט זיך נאכאמאל פארטראכט. — די מאמא דערצעהלט מיר אפט וועגען זיידען, און ווען איך האב איהר נעכטען געזאגט: „דער זיידע איז דאך געשטארבען”, האט עס איהר זעהר וועה געטהאן, זי האט זיך צעוויינט און האט מיר געזאגט, אז ניין, אז מען האט מיר אומיסטען אזוי געזאגט און אז ער געהט איצטער ארום און בעטעלט, פונקט אזוי ווי מיר ביידע פלעגען פריהער בעטלען, האט די מאמא געזאגט; און ער געהט אלץ ארום אויפ'ן אייגענעם ארט, וואו מיר האבען איהם ביידע

צום ערשטען מאל בעגעגענט, ווען איך בין אנידערגעפאלען פאר איהם און אזארקא האט מיך דערקענט"...

— דאס איז א חלום, נעלי, א קראנקער חלום, דערפאר ווייל דו ביזט איצטער אליין קראנק, — האב איך איהר געזאגט.

— איך האב אליין אלץ געטראכט, אז דאס איז בלויז א חלום,— האט נעלי געזאגט, — און האב עס קיינעם ניט געזאגט. נאר דיר אליין האב איך געוואלט אלץ דערצעהלען. אבער היינט, ווען איך בין איינגעשלאפען נאכדעם, ווי דו ביזט ניט געקומען, האב איך דערזעהען אין חלום דעם זיידען. ער איז געזעסען ביי זיך אין דער היים און האט צוויי טעג גארנישט געגעסען און אזארקא אויך ניט און איז זעהר ברוגז געוועז אויף מיר און האט מיר פארגעווארפען. ער האט מיר אויך געזאגט, אז ער האט שוין איינגאנצען ניט קיין שמעק טאבאק, און אז אהן דעם טאבאק קען ער ניט לעבען. ער האט מיר דאס ווירקליך, וואַניא, פריהער שוין איינמאל געזאגט, שוין נאכדעם ווי די מאמא איז געשטארבען, ווען איך בין געקומען צו איהם. דאמאלס איז ער געיוען איינגאנצען קראנק און האט שוין כמעט קיין זאך ניט פארשטאנען. און ווען איך האב דאס היינט דערהערט פון איהם, טראכט איך: איך וועל געהן, וועל מיך אנידערשטעלען אויף דער בריק און וועל בעטען א נדבה, איך וועל אנבעטען און וועל איהם קויפען ברויט, געקאכטע קארטאפעל און טאבאק. אט דאכט זיך, שטעה איך, בעט און זעה, אז דער זיידע געהט ארום דערנעבען, געהט אביסעל לאנגזאמער, קומט צו צו מיר און קוקט וויפיעל איך האב אנגעזאמעלט און נעמט עס זיך צו. דאס זאגט ער, איז אויף ברויט, איצטער זאמעל אן אויף טאבאק. איך זאמעל אן און ער געהט צו מיר צו און נעמט עס אב. זאג איך איהם, אז איך וועל איהם אזוי אויך אלץ אוועקגעבען און וועל פאר קיין זאך ניט בעהאלטען. „ניין, זאגט ער, דו גנב'עסט ביי מיר; מיר האט נאך די בובנאווא דערצעהלט, אז דו ביזט א גנב'טע, און דערפאר וועל איך דיך קיינמאל צו זיך ניט נעמען. וואוהין האסטו אהינגעטהאן נאך פינף קאפיקעס?" איך האב מיך צעוויינט, ווייל ער גלויבט מיר ניט, און ער הערט מיך ניט און שרייט אלץ: „דו האסט אוועקגע'גנב'עט פינף קאפיקעס!" און ער האט מיך גענומען שלאגען, גלייך דא אויף דער בריק, און ער האט מיך שטארק געשלאגען. און איך האב זעהר געוויינט... איז מיר

איצטער איינגעפאלען, וואניא, אז ער לעבט אומבעדינגט און געהט ערגיץ ארום אליין אוןווארט, אז איך זאל קומען צו איהם...

איך האב איהר וויעדער אנגעהויבען איינצורעדען און צו איבער־צייגען זי, אז דאס איז ניט אמת און צום סוף, דאכט זיך, האב איך זי איבערצייגט. זי האט געענטפערט, אז זי האט איצטער מורא איינצו־שלאפען, ווייל זי וועט דערזעהען דעם זיידען. ענדליך, האט זי מיך פעסט ארומגענומען....

— און דאך קען איך דיך ניט פארלאזען, וואניא! — האט זי מיר געזאגט, זיך צודריקענדיג צו מיין פנים מיט איהר פנים׳על. — ווען דער זיידע זאל אפילו ניט זיין, וועל איך מיך אלץ מיט דיר ניט צו־שיידען...

אין הויז זיינען אלע געווען דערשראקען מיט דעם אנפאל וואס נעלי האט געהאט. איך האב שטילערהייט איבערדערצעהלט דעם דאק־טאר אלע איהרע חלומות און האב איהם געפרעגט, ער זאל מיר זאגען איינמאל פאר אלע מאל, וואס ער דענקט וועגען איהר קראנקהייט.

— מען ווייסט נאך קיין זאך ניט, — האט ער געענטפערט, טראכטענדיג א וויל: — דערווייל טרעף איך, איך טראכט נאך, בע־אבאכט, — אבער... מען ווייסט קיין זאך ניט. אין אלגעמיין, געזונט ווערען איז אומעגליך. זי וועט שטארבען איך זאג עס זיי ניט, ווייל איהר האט מיך אזוי געבעטען, אבער עס איז מיר א רחמנות און מאר־גען וועל איך פארלעגען א קאנסיליום. אפשר וועט די קראנקהייט נאך דעם קאנסיליום אננעמען אן אנדער ווענדונג. אבער מיר איז זעהר א שאד דאס מיידעלע, אזוי ווי מיינע א טאכטער... א ליעב, א ליעב מיידעלע! און מיט אזא שפיעלעוודיגען קאפ!

ניקאלאי סערגעאיטש איז געווען שטארק גערירט.

— אט וואס איך האב צוגעטראכט, וואניא, — האט ער גע־זאגט — זי האט זעהר ליעב בלומען. ווייסטו וואס? לאמיר איהר מאכען אויף מארגען אין דער פריה, ווען זי וועט אויפשטעהן, אזא אויפנאמע מיט בלומען, ווי זי האט דעם הענריך׳ן געמאכט פאר איהר מאמע׳ן, אזוי ווי זי האט היינט דערצעהלט... זי איז געווען אזוי אויפגערעגט ווען זי האט עס דערצעהלט...

— אויפגערעגט, — האב איך געענטפערט. — די אויפרעגונגען זיינען איהר איצטער שעדליך...

— יאָ, אָבער אַן אָנגענעהמע אויפרעגונג איז אַן'אַנדערע זאַך! גלויב מיר, מיין טייערער, גלויבט מיינע ערפאַרונגען, אַנגענעהמע אויפרעגונגען מאַכט ניט אויס; אָנגענעהמע אויפרעגונגען קענען אפילו אויסהיילען, ווירקען אויפ'ן געזונט...

מיט איין וואָרט, דאָס וואָס דער אַלטער האָט צוגעטראַכט איז איהם אַליין אַזוי געפעלען, אַז ער איז שוין בעגייסטערט געוואָרען דערפון. מען האָט איהם ניט געקענט אַבּרעדען דערפון. איך האָב געפרעגט אַן עצה ביים דאָקטאָר, נאָר איידער יענער האָט בעגריפען די זאַך, האָט דער אַלטער שוין געכאַפּט זיין היטעל און איז געלאָפען אָבּטהאָן די זאַך.

— אַט וואָס, — האָט ער מיר געזאָגט, אַוועקגעהענדיג: — דאָ ניט ווייט איז פאַרהאַן אַן אָראַנזשעריע, אַ רייכע אָראַנזשעריע. געוועהנ־ליך פאַרקויפען בלומען. און מען קען קויפען זעהר ביליג. אַיינפאַך אַ וואונדער ווי ביליג!... דו גיב דאָס צו פאַרשטעהען אַננאַ אַנדרעיעוונאַ'ן, אַז ניט וועט זי בייז ווערען וואָס איך גיב אויס געלט... נו, איז... יאָ! אַט וואָס נאָך, מיין פריינד: וואוהין געהסטו איצטער? ביזט דאָך פאַרטיג, האָסט געענדיגט דיין אַרבייט, וואָס זשע דאַרפסטו דיך איילען אַהיים? נעכטיג ביי אונז, אויבען, אין דעם ליכטיגען דאָך־שטיבעל, אַזוי ווי אַמאָל, געדענקסט. דיין מאַטראַץ, דאָס בעט — אַלץ איז נאָך דאָרט אויפ'ן פריהערדיגען אָרט, ניט גערירט. וועסט דיר איינשלאָפען, ווי אַ פראַנצויזישער קיסר. האַ? בלייב איבער. מאָרגען וועלען מיר אויפשטעהן פריהער, מען וועט ברענגען בלומען און אכט אַזייגער וועלען מיר דאָס גאַנצע צימער בעפּוצען. און נאַטאַשאַ וועט העלפען: זי האָט דאָך מעהר געשמאַק, ווי מיר ביידע... אַלזאָ, אָבגעמאַכט? דו נעכטיגסט?

מען האָט בעשלאָסען, אַז איך זאָל בלייבען נעכטיגען. דער אַלטער האָט געטהאָן וואָס ער האָט בעדאַרפט. דער דאָקטאָר און מאַסלאָבאָיעוו האָבען זיך אָבגעזעגענט און זיינען אַוועקגעגאַנגען. ביי די איכמעניעוום האָט מען זיך געלעגט שלאָפען פריה, עלף אַזייגער. אַוועקגעהענדיג איז מאַסלאָבאָיעוו געווען פאַרטראַכט און האָט מיר געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר ער האָט עס אָבגעלעגט אויף אַ צווייטען מאָל. און ווען איך האָב מיך געזעגענט מיט די אַלטע און בין אַרויף אין מיין צימער, האָב איך צו מיין פאַרוואונדערונג איהם ווידער געזעהען. ער

איז געזעסען ביים טישעל און געווארט אויף מיר און האט געבלעטערט עפעס א בוך.

— איך האב מיך אומגעקערט פון וועג, וואניא, און וועל עס דיר שוין בעסער איצט דערצעהלען. זעץ דיך. זעהסטו, די גאנצע זאך איז אזא נארישע, עס פארדריסט אפילו...

— וואס איז דען?

— דיין קניאז דער פאדלעץ האט מיך בייז געמאכט, נאך מיט צוויי וואכען צוריק; אבער ער האט מיך אזוי בייז געמאכט, אז איך בין נאך איצטער בייז.

— וואס, וואס אזוינס? האסטו דען נאך בעציהונגען מיט'ן קניאז?

— נו, אט קומסטו באלד מיט דעם, וואס, וואס אזוינס?" גלייך נאט ווייסט וואס עס וואלט זיך געטראפען. דו ברודער וואניא, ביזט צוויי טראפען מיט מיין אלעקסאנדרא סעמיאנאוונא, באביצעס... איך קען ניט פארטראגען קיין באביצעס!... א ווארענע גיט א קראקע,— איז באלד „וואס, וואס אזוינס?"

— נו, זיי ניט בייז.

— איך בין ניט בייז, נאר אויף יעדער זאך דארף מען קוקען מיט געוועהנליכע אויגען, ניט פארגרעסערען... אט וואס.

ער האט געשוויגען א ווייל ווי ער וואלט נאך אלץ בייז געוועזן אויף מיר. איך האב איהם ניט איבערגעריסען.

— זעהסטו, ברודער — האט ער ווידער אנגעהויבען: — איך בין ארויפגעפאלען אויף א שפור... דאס הייסט אייגענטליך בין איך ניט ארויפגעפאלען און עס איז ניט געווען קיין שום שפור, נאר אזוי, עס האט זיך מיר אויסגעוויזען... דאס הייסט פון געוויסע זאכען האב איך ארויסגעדרינגען, אז נעלי... קען זיין... אלזא, מיט איין ווארט, אז זי איז דעם קניאז'ס געזעצליכע טאכטער.

— וואס רעדסטו!

— נו, ווי ער האט עס זיך באלד צורעוועט: „וואס רעדסטו!" איינפאך מען קען מיט די מענשען ניט רעדען! — האט ער א געשריי געטהאן און האט בייז א מאך געטהאן מיט דער האנט. — איך האב דיר דען עפעס געזאגט אויף זיכער, דו לייכטזיניגער קאפ? איך האב דיר געזאגט, אז זי איז דעם קניאז'ס א בעוויזענע געזעצליכע טאכטער? איך האב דיר געזאגט צי ניין?...

— הער, מיין ליעבער, — האָב איך איהם איבערגעריסען אין טיעפער אויפרעגונג: — ווי גאָט איז דיר ליעב, שריי ניט און ערקלער אלץ גענוי און קלאָר. ביי מיין וואָרט, איך וועל דיך פאַרשטעהן. פאַר־שטעה, ווי ווייט וויכטיג די זאַך איז און וואָסערע פאָלגען עס קענען זיין...

— אָט האָסטו דיר פאָלגען, פון וואָס? וואו זיינען די בעוויי־זען? ניט אזוי ווערען זאכען געטהאָן און איך רעד עס צו דיר איצטער אלס א סוד, און פאַרוואָס איך האָב מיט דיר גענומען רעדען וועגען דעם, וועל איך דיר שפּעטער ערקלערען. מסתמא האָט אזוי בעדאַרפט זיין. שוויינ און הער, און וויים, אז דאָס אלץ איז א סוד...

„זעהסטו, ווי די זאַך איז געוועזען. ווינטער נאָך, נאָך פריהער, איידער סמיט איז געשטאָרבען, דער קניאז איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון וואַרשע און ער האָט אָנגעהויבען אָט די זאַך. דאָס הייסט אָנגעהוי־בען איז עס שוין געוועזען א סך פריהער, נאָך פאָראיאָהרען. נאָר דאַ־מאָלס האָט ער איינס געזוכט, און איצטער האָט ער עפּעס אנדערש אָנגעהויבען צו זוכען. די הויפּטזאַך איז, אז ער האָט דעם פאָדעם פאַר־לוירען. דרייצעהן יאָהר ווי ער האָט זיך צושיידט אין פאַריז מיט דער פרוי סמיט און האָט זי אוועקגעוואָרפען. נאָר די גאַנצע דרייצעהן יאָהר האָט ער איהר כסדר נאָכגעשפּירט, ער האָט געוואוסט, אז זי לעבט מיט הענריך'ן, וועגען וועלכען מען האָט היינט דערצעהלט, ער האָט געוואוסט, אז זי האָט נעלי'ן, ער האָט געוואוסט, אז אליין איז זי קראַנק; אלזאָ, מיט איין וואָרט, ער האָט אלץ געוואוסט, נאָר ער האָט פּלוצלונג דעם פאָדעם פאַרלוירען. און געשעהען איז עס, דאכט זיך, אין קורצען נאָך הענריך'ס טויט, ווען די פרוי סמיט האָט זיך געקלי־בען קיין פּעטערבורג. אין פּעטערבורג וואָלט ער זי, פאַרשטעהט זיך, גיך געפונען, אונטער וואָס פאַר א נאָמען זי זאָל זיך ניט האָבען אומ־געקערט קיין רוסלאַנד; נאָר די זאַך איז די, אז זיינע אויסלענדישע אגענטען האָבען איהם אָבגענאַרט מיט פאַלשע בעווייזען: זיי האָבען איהם פאַרזיכערט, אז זי וואוינט ערגיץ אין א פאַרוואָרפע שטעדטעל אין זיד־דייטשלאַנד; און אליין האָבען זיי זיך אָבגענאַרט דורך נאכלעס־סיגקייט: זיי האָבען זי גענומען פאַר אַנ'אַנדערע. דאָס האָט געדויערט א יאָהר אָדער מעהר. ווען עס איז פאַרביי א יאָהר האָט דער קניאז אָנ־געהויבען צווייפלען: לויט איינינע פאַקטען האָט זיך איהם נאָך פריהער

בענומען אויסווייזען, אז דאס איז ניט זי. איצט איז די פראגע: וואו איז אהינגעקומען די אמת׳ע פרוי סמיט? און עס איז איהם איינגעפאלען אין קאפ (אזוי, אפילו אהן שום אורזאכען): צי איז זי ניט אין פעטערבורג? דערוויל איז אין אויסלאנד געגאנגען איין אויספארשונג און ער האט שוין דא אנגעהויבען אנ׳אנדערע, נאר ער האט, ווייזט אויס, ניט געוואלט בענוצען קיין צו אפיציעלען וועג און ער האט זיך בעקענט מיט מיר. מען האט מיך איהם רעקאמענדירט: אזוי און אזוי, הייסט עס. פארנעמט זיך מיט געשעפטען, א ליעבהאבער, — נו, און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער...

„אלזא, האט ער מיר ערקלערט די זאך; נאר טונקעל האט ער עס מיר, דער ממזר, ערקלערט, טונקעל און צווויידייטיג. גרייזען האט ער געמאכט א סך, האט זיך איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאל, האט איבערגעגעבען פאקטען אין פארשיעדענע פארמען אין איין און דער זעלבער צייט... מילא, מען ווייסט שוין, ווי דו זאלסט ניט היטערעווען, אלע פעדים וועסטו ניט בעהאלטען. איך, פארשטעהט זיך, האב אנגעהויבען פון גוטברודערשאפט און פון אויפריכטיגקייט, מיט איין ווארט, איך בין איבערגעגעבען ווי א שקלאף; און לויט דער רעגעל, וואס איך האב מיר אליין איינמאל פאר אלעמאל אנגענומען, און אין דער אייגענער צייט אויך לויט׳ן געזעץ פון דער נאטור (ווייל דאס איז א געזעץ פון דער נאטור) האב איך א טראכט געטהאן, ערשטענס: צי האט מיר יענער ארויסגעזאגט טאקע דאס וואס ער דארף? צווייטענס, צו בעהאלט זיך ניט הינטער דער ארויסגעזאגטער בעדערפניש עפעס אן אנדערע, א ניט־דערזאגטע? ווייל אין דעם לעצטען פאל, ווי דו, מיין ליעבער, קענסט ווארשיינליך פארשטעהן מיט דיין פאעטישען קאפ,— האט ער מיך בע׳גנב׳עט: ווייל איין זאך וואס ער דארף, לאמיר זאגען, קאסט א רובעל, און די אנדערע קאסט פיער; וועל איך דאך זיין אן אייזעל אויב איך וועל איהם פערקויפען פאר א רובעל דאס וואס קאסט פיער. האב איך אנגעהויבען אריינגעהן אין דער זאך און זיך אנשטויסען, און ביסלעכווייז האב איך אנגעהויבען ארויפקומען אויף שפורען: איינס האב איך ביי איהם אליין ארויסגעקראגען, דאס אנדערע — ביי דעם אדער ביי יענעם זייטיגען מענשען, צום דריטען בין איך מיט מיין אייגענעם שכל דערגאנגען. וועסט מיך פרעגען: פארוואס איז מיר איינגעפאלען גראד אזוי צו טהאן?

**וועל איך דיר ענטפערען: כאטש דערפאר אליין, ווייל דער קניאז האט** זיך שוין עפעס צופיעל גענומען בעמיהען וועגען דער זאך, ער האט זיך עפעס צו שטארק דערשראקען. דערפאר, ווייל אייגענטליך, וואס איז זיך, דאכט זיך, דא וואס צו שרעקען? האט אוועקגעפיהרט פון'ם טאטען א געליעבטע, זי איז טראגענדיג געווארען און ער האט זי אוועקגעווארפען. אלזא וואס איז דא פארהאן זיך וואס צו וואונדערען? א ליעבע, אנגענעהמע שטיפעריי און ווייטער גארניט. ניט אזא מענש, ווי דער קניאז, דארף פאר דעם מורא האבען! נו, און ער האט מורא געהאט... איז מיר די זאך געווארען אויפפאלענד. איך, ברודער, בין ארויף אויף אייניגע זעהר אינטערעסאנטע שפורען, און דאס גראד דורך העגריך'ן. ער, פארשטעהט זיך, איז געשטארבען. נאר פון איינער פון זיינע קוזינעס (איצטער האט זי חתונה געהאט מיט א געוויסען זעמעל־בעקער דא, אין פעטערבורג), וועלכע איז פריהער געוועזען ליידענשאפטליך פארליעבט אין איהם און וועלכע האט איהם נאך שפעטער ליעב געהאט א יאהר פופצעהן דורכאנאנד, ניט קוקענדיג אויף דעם דיקען זעמעל־בעקער, מיט וועלכען זי האט אומבעמערקטערהייט געהאט אכט קינדער, — פון אט דער קוזינע, זאג איך, איז מיר געלונגען, מיט דער הילף פון פארשיעדענע פארפלאנטערטע מאנעווערען, געוואר צו ווערען א וויכטיגע זאך: העגריך האט איהר געשריבען, לויט דער דייטשער געוואוינהייט, בריעף און טאגעביכער, און פאר'ן טויט האט ער איהר געשיקט געוויסע פאפירען זיינע. זי, דער נאר, האט קיין וויכטיגע זאכען אין די בריעף ניט פארשטאנען, זי האט נאר פארשטאנען אין זיי די ערטער, וואו עס רעדט זיך וועגען דער לבנה, וועגען „מיין ליעבער אוגוסטין" און וועגען וויעלאנד'ען נאך, דאכט זיך. נאר איך האב בעקומען די נויטיגע ידיעות און בין דורך די בריעף אויף א נייע שפור ארויפגעקומען. איך בין געוואר געווארען, צום ביישפיעל, וועגען הערר סמיט, וועגען דעם קאפיטאל, וואס דאס טעכטעריל האט ביי איהם פארכאפט, וועגען דעם קניאז, וואס האט אריינגענומען אין זיינע הענט דעם קאפיטאל: ענדליך, צווישען פארשיעדענע אויסרופען, דרעדלעך און אלעגאריעס האט צו מיר פון דעם בריעף ארויסגעקוקט דער ווירקליכער אינהאלט: דאס הייסט, וואניא, דו פארשטעהסט? קיין בעשטימטעס ניט. — דער נאר העגריך האט דאס אומיסטען בעהאלטען און האט בלויז געגעבען אנצוהערען. נו, און פון אט די אנצו־

הערענישען, פון אט דעם גאנצען צוזאמענגענומען, האט אנגעהויבען ארויסצוקומען פאר מיר די הימלישע הארמאניע: דער קניאז איז דאך געווען פארהייראט מיט דער סמיט! וואו ער האט חתונה געהאט, ווי, ווען אייגענטליך, אין אויסלאנד צי דא, וואו זיינען דאקומענטען? — מען ווייסט קיין זאך ניט. דאס הייסט, ברודער וואניא, איך האב מיר די האר געריסען פון פארדרוס און האב געזוכט און געזוכט, טעג און נעכט האב איך דאך געזוכט!

„איך האב ענדליך אויפגעזוכט סמיט'ן אויך. נעמט ער פלוצלונג און שטארבט. איך האב אפילו ניט בעוויזען א קוק צו טהאן אויף איהם א לעבעדיגען. דא ווער איך פלוצלונג געוואר דורך א צופאל, אז עס איז געשטארבען עפעס א פרוי וואס איז מיר פארדעכטיג אויפ'ן וואַסילעווער אינזעל, איך נעם אויספארשען — און פאל אויף א שפור. איך איל מיך אויפ'ן וואסילעווער און געדענקסט, מיר האבען זיך דאמאלס געטראפען. איך האב דאמאלס א סך אויסגעפונען. מיט איין ווארט, עס האט מיר דא אין א סך געהאלפען נעלי"...

— הער, — האב איך איהם איבערגעריסען: — צי דענקסטו ווירקליך, אז נעלי ווייסט...

— וואס?

— אז זי איז דעם קניאז'ס טאכטער?

— דו ווייסט דאך אליין, אז זי איז דעם קניאז'ס טאכטער, — האט ער געענטפערט מיט עפעס א בייזען פארוואורף: — נו, צו וואס דארף מען שטעלען אזעלכע פוסטע פראגען, דו נארישער מענש? די הויפטזאך איז ניט אין דעם, נאר אין יענעם וואס זי איז ניט גלאט דעם קניאז'ס טאכטער, נאר דעם קניאז'ס א ג ע ז ע צ ל י כ ע טאכטער, — דו פארשטעהסט דאס?

— דאס קען ניט זיין! — האב איך א געשריי געטהאן.

— איך האב צו מיר אין אנהויב אליין אויך געזאגט „דאס קען ניט זיין", אפילו איצטער זאג איך צו מיר טיילמאל „דאס קען ניט זיין!" אבער אין דעם געהט עס טאקע. אז עס ק ע ן י א ז י י ן, און לויט אלע וואַרשיינליכקייטען א י ז ע ס.

— ניין, מאסלאבאיעוו, דאס איז ניט אזוי, דו נארסט דיך אב.— האב איך אויסגעשריגען, — ניט נאר ווייסט זי דאס ניט, נאר זי איז ווירקליך אן אומגעזעצליכע טאכטער. וואלט דען די מוטער, האבענדיג

וואָסערע ס'איז דאָקומענטען אין די הענט, געקענט איבערטראָגען אזא בייז מזל, ווי דאָ אין פעטערבורג, און אויסער דעם האָט ער איבערגע־לאָזט דאָס קינד אַזאַ יתום? ניין! דאָס קען ניט זיין.

— איך האָב עס אליין געטראַכט, דאָס הייסט, די זאַך איז פאַר מיר אפילו איצטער נאָך אַן אומפאַרשטענדליכע. איז דאָך אָבער ווידער די זאַך די, אַז די פרוי סמיט אליין איז דאָך געווען די זינלאָזע־סטע און וואַנזיניגסטע פרוי אין דער וועלט. אַן אומגעוועגליכע פרוי איז זי געווען: דו בעגרייפ נאָר אַלע אומשטענדען: דאָס איז דאָך ראָמאַנטיזם, — דאָס זיינען אַלץ הימלישע נארישקייטען אין דער וויל־דעסטער און וואַנזיניגסטער מאָס. נעם איינס: פון סאַמע אָנהויב האָט זי געחלום'ט בלויז וועגען עפעס אַזוינס ווי דעם הימעל אויף דער ערד און וועגען מלאָכים, זי האָט זיך פאַרליעבט אָהן אַ סוף, האָט גע־גלויבט אָהן אַ גרעניץ און, איך בין איבערצייגט, אַז זי איז שפּעטער פון זינען אַראָפּ ניט דערפאַר וואָס ער האָט זי אויפגעהערט ליעב האָ־בען און זי אָוועקגעוואָרפען, נאָר דעראַפּער, וואָס זי האָט זיך אָפּגע־נאַרט אין איהם, וואָס ער איז פ ע ה י ג ג ע ו ו ע ן זי אָפּצונאַרען און אָוועקצוואַוואַרפען; דערפאַר, וואָס איהר מלאך האָט זיך פאַרוואַנ־דעלט אין בלאָטע, האָט זי בעשפּיגען און ערנידעריגט. איהר ראָמאַנ־טישע און וואַנזיניגע נשמה האָט ניט איבערגעטראָגען די דאָזיגע פאַרוואַנדלונג. און אויסער דעם נאָך די באַליידיגונג: דו פאַר־שטעהסט, וואָס פאַר אַ באַליידיגונג? אין דעם שוידער און איבער־הויפּט אין איהר שטאָלץ, האָט זי זיך דערווייטערט פון איהם מיט אַ גרעניצלאָזער פאַראַכטונג. זי האָט צוריסען אַלע פאַרבינדונגען, אַלע דאָקומענטען; זי האָט אַ שפּיי געטהאָן אויפ'ן געלט, האָט אפילו פאַר־געסען, אַז עס איז ניט איהרס, נאָר דעם פאָטער'ס, און האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון, ווי פון אַ שמוץ, ווי פון שטויב, אום צו דערדריקען איהר אָפּנאַרער מיט דער גרויסקייט פון איהר נשמה, אום צו האַלטען איהם פאַר איהר גנב און צו האָבען אַ רעכט דאָס גאַנצע לעבען איהם צו פאַראַכטען, און דאָ טאַקע האָט זי מסתמא געזאָגט, אַז זי האַלט עס פאַר אַן אומ'כבוד פאַר זיך צו רופען זיך זיין פרוי. ביי אונז איז קיין גט ניט פאַרהאַן, אָבער פאַקטיש האָבען זיי זיך גע'גט. און האָט זי איהם שפּעטער געזאָלט בעטען הילף! דערמאָן דיך, אַז זי, די משוגע'נע האָט געזאָגט נעלי'ן שוין אויפ'ן טויטען־בעט: געה ניט צו זיי, אַר־

בייט, געה פאַרלוירען, נאָר געה ניט צו זיי, ווער עס זאָל דיך גיט רופען (דאָס הייסט, אז אפילו דאָ האָט זי נאָך גע'חלומ'ט, אז מען וועט זי רופען, און פּלוצלינג וועט זיין א געלעגענהייט זיך נאָך אמאָל נוקם צו זיין, צו אונטערדריקען מיט פאַראַכטונג דעם רופער, מיט איין וואָרט, זי האָט זיך געשפּייזט אָנשטאָט מיט ברויט מיט א בייזען חלום). א סך, ברודער, האָב איך אויך ביי נעלי'ן אויס־געפאָרשט; אפילו איצטער פאָרש איך נאָך טיילמאָל אויס. פאַר־שטעהט זיך, איהר מוטער איז געווען קראַנק, האָט געהאַט שווינד־זוכט; די דאָזיגע קראַנקהייט ענטוויקעלט בעזונדערס דעם כעס און די פאַרשיעדענסטע צורייצונגען; נאָר דאָס וויים איך אויף זיכער, דורך א שכנה ביי דער בובנאָווא, אז זי האָט געשריבען צום קניאַז; יאָ, צום קניאַז, צום קניאַז אליין...

— זי האָט געשריבען! און דער בריעף איז דערגאַנגען? — האָב איך א געשריי געטהאָן מיט אומגעדולד.

— אָט דאָס איז עס, איך וויים ניט, צי ער איז דערגאַנגען. די פרוי סמיט האָט זיך צונויפגערעדט מיט דער שכנה (געדענקסט ביי דער בובנאָווא, דאָס אָנגעווייסטע מיידעל? איצטער איז זי אין א צוכט־הויז), און האָט מיט איהר געשיקט אָט דעם בריעף און זי האָט איהם שוין אָנגעשריבען, נאָר זי האָט איהם ניט אָפּגעגעבען, האָט איהם צוריקגענומען; דאָס איז געווען דריי וואָכען פאַר איהר טויט... דער פאַקט איז א באַדייטענדער: אויב זי האָט שוין איינמאָל באַשלאָסען צו שיקען, איז שוין אלצאיינס, כאָטש זי האָט איהם גענומען צוריק: זי האָט איהם געקענט א צווייטען מאָל שיקען. דערפאַר אלזאָ, צי זי האָט געשיקט דעם בריעף, צי זי האָט ניט געשיקט, — וויים איך ניט; נאָר עס איז פאַרהאַן איין גרונד צו רעכענען, אז זי האָט איהם ניט געשיקט, דערפאַר ווייל דער קניאַז איז געוואָר געוואָרען אויף זיכער, אז זי איז אין פּעטערבורג און וואו אייגענטליך, ראַכט זיך, שוין נאָך איהר טויט. האָט ער זיך עס בעדאַרפט דערפרעהען!

— יאָ, איך געדענק, אליאָשא האָט דערצעהלט וועגען עפּעס א בריעף, וואָס האָט איהם זעהר דערפרעהט, אָבער דאָס איז געווען גאַר־נישט לאַנג צוריק, אינגאַנצען אַן ערך צוויי חדשים. נו, וואָס זשע ווייטער: וואו זשע האַלטסטו מיט'ן קניאַז?

— וואו זאָל איך האַלטען מיט'ן קניאַז? פאַרשטעה, א פאָל־

שטענדיגע מאָראַלישע זיכערקייט און קיין איינציגען פאַקטישען באַווייז, — קיין איינציגען, וויפיעל איך האָב ניט געצערט. א קריטישע לאגע! מען האָט באַדאַרפט אין אויסלאַנד מאַכען אויספאָרשונגען, און וואו אין אויסלאַנד? — ווייסט מען ניט. איך, פאַרשטעהט זיך, האָב פאַרשטאַנען, אַז עס שטעהט מיר פאָר אַ קאַמף, אַז איך קען איהם נאָר איבערשרעקען מיט אָנצוהערענישען, מאַכען זיך, אַז איך ווייס מעהר, ווי איך ווייס אין דער אמת'ן...

— נו, און וואָס?

— ער האָט זיך ניט געלאָזט אָפּנאַרען, נאָר איבריגענס, ער האָט זיך דערשראָקען, אַזוי ווייט דערשראָקען, אַז ער שרעקט זיך נאָך איצטער. מיר האָבען זיך עטליכע מאָל באַגעגענט: ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַזאַ נעבעכעל! איינמאָל, אויס גוטפריינדשאַפט, האָט ער אליין גענומען מיר אַלץ דערצעהלען. דאָס איז ווען ער האָט געמיינט, אַז איך ווייס אַלץ. ער האָט גוט דערצעהלט, מיט געפיהל, אָפענהערציג, — פאַרשטעהט זיך, ער האָט ליגען געזאָגט, ווי אָהן אַ געוויסען. אָט דאָ האָב איך אויסגעמאָסטען אויף ווי ווייט ער האָט מורא פאַר מיר. איינמאָל האָב איך מיך געמאַכט פאַר איהם פאַר אַ שרעקליכען נאַר, און האָב אַרויסגעוויזען, אַז איך כיטרעווע. איך האָב איהם פאַרלעגען איבערגעשראָקען, דאָס הייסט אומיסטען געמאַכט, אַז איך בין פאַרלעגען; האָב איהם אומיסטען אָפּגעטהאָן גראָבקייטען, האָב איהם שוין געהאַט אָנגעהויבען צו סטראַשען, — אַלזאָ, אַלץ צוליעב דעם, אַז ער זאָל מיך האַלטען פאַר אַ נאַר און זאָל זיך ווי עס איז יאָ פאַררעדען. האָט ער זיך געכאַפּט, דער פאָדלעץ! אַן אַנדערסמאָל האָב איך מיך געמאַכט שכור, איז אויך קיין זאַך ניט אַרויס: ער איז כיטרע! צי קענסטו דאָס פאַרשטעהן, וואַניאַ: איך האָב אַלץ באַדאַרפט געוואָרען, אויף וויפיעל ער שרעקט זיך פאַר מיר, און צווייטענס: פאַרצושטעלען איהם, אַז איך ווייס מעהר, ווי איך ווייס ווירקליך...

— אַלזאָ, וואָס זשע צום סוף?

— עס איז גאָרנישט אַרויס. מען האָט באַדאַרפט האָבען באַווייזען, פאַקטען, אָנן דאָס האָב איך ניט געהאַט. איינס נאָר האָט ער פאַרשטאַנען, אַז איך קען דאָך מאַכען אַ סקאַנדאַל. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז נאָר פאַר אַ סקאַנדאַל האָט ער טאַקע מורא געהאַט, נאָך דערצו,

אז ער האט דא אנגעהויבען צו פארפיהרען פארבינדונגען, דו ווייסט דאך, אז ער האט חתונה?

— ניין...

— אין קומענדיגען יאהר! א כלה האט ער זיך נאך פאראיאהרען אויסגעזוכט; זי איז דאמאלס אינגאנצען פערצעהן יאהר אלט געוועזען, איצטער איז זי שוין פופצעהן, דאכט זיך, זי געהט נאך אין א פארטוכעל, דאס ארעמע קינד נעבעך! די עלטערען זיינען צופרידען! פארשטעהסט, ווי נויטיג עס איז איהם געווען, אז דאס ווייב זאל שטארבען? א גענעראל'ס א טעכטעריל, א מיידעלע מיט געלט, — א סך געלט! מיר, ברודער וואניא, וועלען קיינמאל אזוי ניט חתונה האבען... נאר איינס וועל איך מיר דאס גאנצע לעבען ניט מוחל זיין! — האט מאסלאבאיעוו אויסגעשריגען, און א פעסטען קלאפ געטהאן מיט דער פויסט אויפ'ן טיש, — דאס, וואס ער האט מיך באשפיגען, צוויי וואכען צוריק... פאדליעץ!

— וואס הייסט?

— אזוי הייסט עס. איך זעה, איך האב פארשטאנען, אז איך האב נימ קיין פ א ק ט י ש ע ס און צום סוף פיהל איך ביי זיך, אז וואס לענגער איך וועל ציהען די זאך, אלץ שנעלער, הייסט עס, וועט ער פארשטעהן מיין מאכטלאזיגקייט. נו, האב איך איינגעשטימט צו נעמען פון איהם צוויי טויזענדער.

— דו האסט גענומען צוויי טויזענד...

— אין זילבער, וואניא; מיט א פארקלעמט הארץ גענומען. האט אזא געשעפט געקענט ווערט זיין צוויי טויזענד! מיט ערנידערונג האב איך עס גענומען. איך שטעה פאר איהם, ווי א באשפיגענער; ער זאגט: איך האב אייך, מאסלאבאיעוו, פאר אייער פריהריגער מיה נאך ניט באצאהלט (און פאר דעם פריהריגען האט ער מיר שוין לאנג באצאהלט הונדערט פופציג רובעל, ווי מיר האבען אפגעמאכט), אלזא, איך פאהר איצטער אוועק; אט האט איהר צוויי טויזענד און דערמיט, האף איך, איז א ו נ ז ע ר ג א נ צ ע זאך איצטער פאלשטענדיג געענדיגט. און איך האב איהם געענטפערט: פאלשטענדיג געענדיגט, קניאז! און האב איהם ניט געוואגט אין פרצוף א קוק צו טהאן; איך טראכט: אזוי דארף איצטער שטעהן אויף איהם אויפגעשריבען: „וואס זשע, האסט א סך גענומען? בלויז אזוי אויס גוט־

האַרציגקייט גיב איך דעם נאַר!" איך געדענק ניט, ווי אַזוי איך בין אַרויס פון איהם!

— אָבער דאָס איז דאָך געמיין, מאַסלאָבאָיעוו! — האָב איך אַ געשריי געטהאָן, — וואָס זשע האָסטו געטהאָן מיט נעלי'ן?

— דאָס איז ניט פּראָסט געמיין, דאָס איז קאַטאָרזשנע, דאָס איז עקעלהאַפט... דאָס איז... דאָס איז... עס זיינען דאָ גאָר קיין ווערטער נישטאָ אויסצודריקען!

— גאָט מיינער! ער האָט דאָך באַדאַרפט וועניגסטענס כאָטש פאַרזאָרגען נעלי'ן!

— וואָס הייסט באַדאַרפט? און מיט וואָס קען מען איהם צווינגען? איבערשרעקען? האָב קיין מורא ניט, ער וועט זיך ניט דערשרעקען: איך האָב דאָך גענומען געלט. איך האָב מיך אליין, אליין פאַר איהם מודה געווען, אַז איך האָב ביי מיר שרעק אינגאַנצען פאַר צוויי טויזענד רובעל אין זילבער, איך האָב מיך אליין אָפּגעשאַצט אויף דעם פּרייז! מיט וואָס וועסטו איהם איצטער איבערשרעקען?

— איז דען ווירקליך, ווירקליך שוין אַלץ פאַרלוירען פאַר נעלי'ן?

— האָב איך אויסגעשריגען כמעט אין פאַרצווייפלונג.

— אויף קיין פאַל ניט פאַרלוירען! — האָט מאַסלאָבאָיעוו מיט היץ אַ געשריי געטהאָן און איז אפילו אינגאַנצען אַזוי ווי אויפגעציטערט געוואָרען. — ניין, איך וועל איהם דאָס ניט אָפּלאָזען! איך וועל ווידער אָנהויבען אַ נייע זאַך, וואַניאַ: איך האָב שוין באַשלאָסען! וואָס איז, אַז איך האָב גענומען צוויי טויזענד? איך שפּיי דערויף. עס קומט אויס, אַז איך האָב גענומען פאַר באַליידיגונג, דערפאַר ווייל ער, דער פּוסטאַונפאַסטניק, האָט מיר אָנגעפייפט, הייסט עס, ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון מיר. אָנגעפייפט, און האָט זיך אויסגעלאַכט! ניין, איך וועל ניט ערלויבען פון מיר צו לאַכען.... איצטער, וואַניאַ, וועל איך שוין מיט נעלי'ן אַליין אָנהויבען. לויט געוויסע בעאָבאַכטונגען בין איך פאָלשטענדיג איבערצייגט, אַז זי ענטהאַלט דעם שליסעל פון דער גאַנצער זאַך. זי ווייסט אַ ל ץ, אַ ל ץ... איהר האָט עס די מוטער אַליין דערצעהלט. אין פיבער, אין בענקשאַפט האָט זי עס געקענט דערצעהלען. עס איז ניט געווען פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגען, האָט זיך אונטערגערוקט נעלי, האָט זי איהר דערצעהלט. אפשר וועלען מיר זיך נאָך אויף וואָסערע ס'איז דאָקומענטלעך אָנשטויסען,

— האט ער צוגעגעבען אין זיסער באגײסטערונג, רײבענדיג די הענט,
— פארשטעהסט איצטער, װאניא, צו װאס איך שלעפ מיך אהער? ערשטענס, אוים פרײנדשאפט צו דיר, דאס פארשטעהט זיך אלײן; נאר די הױפטזאך — איך באטראכט נעלי'ן, און דריטענס, פרײנד װאניא, צי דו װילסט צי דו װילסט ניט, אבער דו מוזט מיר העלפען, װײל דו האסט אן אײנפלוס אויף נעלי'ן!...

— אומבעדינגט, איך שװער עם דיר,—האב איך אויסגעשריגען,
— און איך האף, מאסלאבאיעװ, אז דו װעסט זיך הױפטזעכליך באמיהען צוליעב נעלי'ן, — צוליעב דער ארעמער, באלײדיגטער יתומה, און ניט בלויז צוליעב דײן אײגענער בעקװעמליכקײט...

— װאס געהט עם דיך אן פאר װעמעס בעקװעמליכקײט איך װעל מיך באמיהען, דו געבענשטער מענש מײנער? אבי טהאן, — דאס איז די הױפטזאך! געװיס, די הױפטזאך פאר דער יתומה, דאס הײסט די מענשענליעבע. נאר דו, װאניושא, באשולדיג מיך ניט שרעקליך, אויב איך װעל װעגען מיר אלײן אויך זארגען. איך בין א מענש אן ארעמער, און ער זאל זיך ניט דערװעגען צו באלײדיגען קײן ארעמעלײט. ער נעמט בײ מיר צו מײנס, און האט מיר דערצו נאך אנגעפײפט, דער פאדליעץ. דארף איך, לויט דײן מײנונג, קוקען אזא שװינדלער אין די צײן ארײן? מארגען אין דער פריה!

---

אבער אונזער בלומען־יום־טוב אויף צומארגענס האט זיך ניט אײנגעגעבען. נעלי'ן איז געװארען ערגער און זי האט שוין ניט געקענט ארויסגעהן פון צימער.

און זי איז שוין קײנמאל מעהר פון דעם צימער ניט ארויסגעגאנגען.

זי איז געשטארבען צװײ װאכען שפעטער. אין די צװײ װאכען פון איהר גסיסה האט זי שוין קײן אײנציג מאל ניט געקענט קומען אינגאנצען צו זיך און זיך באפרײען פון איהרע מאדנע פאנטאזיעס. איהר שכל איז אזוי װי צוטומעלט געװארען. זי איז געװען פעסט איבערצײגט ביז'ן סאמע טויט, אז דער זײדע רופט זי צו זיך און איז בײז אויף איהר פארװאס זי קומט ניט, קלאפט אויף איהר מיט'ן שטעקען און הײסט זי געהן בעטען בײ גוטע מענשען אויף ברויט און טאבאק. זי האט אפט אנגעהויבען צו װײנען אין שלאף און װען זי האט

זיך איבערגעוועקט, האָט זי דערצעהלט, אַז זי האָט געזעהען איהר מאַמען.

טיילמאָל נאָר האָט זיך דער שכל אַזוי ווי אײנגאַנצען אומגעקערט צו איהר. אײנמאָל זײנען מיר געבליבען אַליין: זי האָט זיך אויסגע־שטרעקט צו מיר און האָט אָנגעכאַפּט מײן האַנט מיט איהר דאַרען פון פיעבער הייסען הענטעל.

— וואַניאַ, — האָט זי מיר געזאָגט, — ווען איך וועל שטאַרבען, האָב חתונה מיט נאַטאַשאַ'ן!

דאָס, דאַכט זיך, איז געווען איהרע אַ שטענדיגע אידעע פון לאַנג. איך האָב איהר שווייגענדיג צוגעשמייכעלט. דערזעהענדיג מײן שמייכעל, האָט זי זיך אַליין אויך צושמייכעלט, האָט מיר שטיפעריש גע־דראָהט מיט איהר דאַרינקען פינגערעל און האָט מיך גלייך אָנגע־הויבען צו קושען.

דריי טעג פאַר איהר טויט, אין אַ וואונדערשעהנעם זומערדיגען אָווענט, האָט זי געבעטען, אַז מען זאָל אַרויפציהען די ראָלעט און מען זאָל עפענען דאָס פענסטער אין איהר שלאָפצימער. דאָס פענסטער איז אַרויסגעגאַנגען אין גערטיל; זי האָט לאַנג געקוקט אויף דעם געדיכטען גרינס, אויף דער אונטערגעהענדיגער זון און האָט פּלוצלונג געבעטען, אַז מען זאָל אונז לאָזען אַליין.

— וואַניאַ, — האָט זי געזאָגט מיט אַ קוים הערבאַרער שטים, ווייל זי איז געווען זעהר שוואַך, — איך וועל גיך שטאַרבען, זעהר גיך, און איך וויל דיר זאָגען, אַז דו זאָלסט מיך געדענקען. אויף אַן עראינגע־רונג וועל איך דיר איבערלאָזען אָט דאָס (און זי האָט מיר געוויזען אַ גרויס זעקעלע וואָס האָט געהאַנגען ביי איהר אויפ'ן האַלז, צוזאַמען מיט'ן קרייץ). דאָס האָט מיר די מאַמע איבערגעלאָזט, ווען זי איז גע־שטאָרבען. איז, ווען איך וועל שטאַרבען, זאָלסטו דיר אַראָפּנעמען דאָס זעקעלע און לעז דיר איבער, וואָס אינוועניג איז אָנגעשריבען. איך וועל זיי היינט אַלעמען זאָגען, אַז נאָר דיר אַליין זאָלען זיי דאָס אָוועק־געבען. און ווען דו וועסט איבערלעזען, וואָס אינוועניג איז אָנגעשרי־בען, דאַן געה צו א י ה ם און זאָג, אַז איך בין געשטאָרבען, און א י ה ם האָב איך ניט מוחל געווען. זאָג איהם אויך, אַז איך האָב ניט לאַנג צוריק געלעזען דאָס עוואַנגעליום. דאָרטען שטעהט: זייט מוחל אַלע אייערע שונאים. האָב איך דאָס געלעזען, און א י ה ם

האָב איך דאָך ניט מוחל געווען, דערפאַר, ווייל, ווען די מאמע איז גע־שטאָרבען און זי האָט נאָך געקענט רעדען, איז דאָס לעצטע וואָס זי האָט געזאָגט, געווען: „איך פארשעלט איהם", פארשעלט איך א י ה ם אויך, ניט פאר זיך, נאָר פאר דער מאמען פארשעלט איך א י ה ם... און דערצעהל איהם ווי די מאמע איז געשטאָרבען, ווי איך בין געבליבען אליין ביי דער בובנאָווא; דערצעהל, ווי דו האָסט מיך געזעהען ביי דער בובנאָווא, און צו איהם בין איך ניט געגאַנגען...

רעדענדיג דאָס איז נעלי בלייך געוואָרען, איהרע אויגען האָבען געפינקעלט און דאָס הארץ האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען אזוי שטארק, אז זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויפ'ן קישען און האָט צוויי מינוט ניט געקענט קיין וואָרט ארויסרעדען.

— רוף זיי אריין, וואַניא, — האָט זי ענדליך געזאָגט, מיט א שוואכער שטים, — איך וויל מיך מיט זיי אלע געזעגענען. זיי געזונט, וואַניא!...

זי האָט מיך פעסט ארומגענומען צום לעצטען מאָל. אלע אונזערע זיינען אריין. דער אלטער האָט ניט געקענט פארשטעהן, אז זי שטארבט; ער האָט דעם געדאַנק ניט געקענט צולאָזען. ער האָט ביז דער לעצטער צייט מיט אונז אלע זיך געשפּאַרט און האָט פארזיכערט, אז זי וועט אומבאדינגט געזונט ווערען. ער איז אינגאנצען אויסגע־דארט געוואָרען פון זאָרג, ער פלעגט אָפּזיצען ביי נעלי'ס בעט גאַנצע טעג און אפילו נעכט... די לעצטע נעכט איז ער בוכשטעבליך ניט גע־שלאָפען. ער האָט זיך באַמיהט נאָך פריהער אַנטקעגענצוקומען נעלי'ס קלענסטען קאפּריז, איהר קלענסטען פארלאַנג, און ארויסקומענדיג פון אהר צו אונז, האָט ער ביטער געוויינט, נאָר אין א מינוט ארום האָט ער ווידער אָנגעהויבען צו האָפען און צו פארזיכערען אונז, אז זי וועט געזונט ווערען. ער האָט איהר גאַנצען צימער פארשטעלט מיט בלו־מען. איינמאָל האָט ער געקויפט א בוקעט פון די וואונדערשעהנסטע רויזען, ווייסע און רויטע, ער איז געגאַנגען ערגיץ ווייט נאָך זיי און האָט זיי געבראכט פאר זיין נעליטשקע... מיט דעם אלעם האָט ער זי טיעף אויפגערעגט. זי האָט ניט געקענט ניט אָפּרופען זיך מיט איהר גאַנצען הארצען אויף אזא אלגעמיינער ליבע. אין דעם אָוועגט, דעם אָוועגט פון געזעגענען זיך מיט אונז, האָט דער אלטער אויף קיין פאַל ניט געוואָלט געזעגענען זיך מיט איהר אויף אייביג. נעלי האָט געשמייכ־

כעלט צו איהם און האָט זיך אַ גאַנצען אָווענט באַמיהט אויסצוואווייזען פרעהליך, האָט געשטיפט מיט איהם, האָט אפילו געלאכט... מיר זיינען אַלע ארוים פון איהר כמעט מיט אַ האָפנונג, נאָר אויף צומאָרגענס האָט זי שוין ניט געקאָנט רעדען. אין צוויי טעג ארום איז זי געשטאָרבען.

איך געדענק, ווי דער אַלטער האָט באַפּוצט איהר טרונעלע מיט בלומען און האָט מיט פארצווייפלונג געקוקט אויף איהר אויסגעדארט טויט פּנים'על, אויף איהר טויטען שמייכעל, אויף איהרע הענט, פארלעגט ווי אַ קרייץ אויף דער ברוסט. ער האָט געוויינט איבער איהר, ווי איבער זיין אייגען קינד. נאַטאַשאַ, איך, מיר האָבען איהם אַלע געטרייסט, נאָר מען האָט איהם גאָר נישט געקענט טרייסטען און ער איז ערנסט קראַנק געוואָרען נאָך נעלי'ס לויה.

אננאַ אַנדרעיעוונאַ האָט מיר אליין אוועקגעגעבען דאָס זעקעלע, וואָס זי האָט אַראָפּגענומען פון איהר ברוסט. אין דעם זעקעלע איז געווען נעלי'ס מוטער'ס בריעף צום קניאַז. איך האָב איהם איבערגעלעזען אינ'ם טאָג פון נעלי'ס טויט. זי האָט זיך געווענדעט צום קניאַז מיט אַ קללה, זי האָט געזאָגט, אַז זי קען איהם ניט מוחל זיין, באַשרייבענדיג איינגאַנצען דאָס לעצטע לעבען איהרס, אַלע שרעקען, אויף וועלכע זי לאָזט איבער נעלי'ן, און האָט איהם געבעטען צו טהאָן כאָטש עפּעס פאַר'ן קינד. „דאָס איז אייערס, האָט זי געשריבען, דאָס איז א י י ע ר טאָכטער, און א י ה ר ו ו י י ס ט א ל י י ן, אַז זי איז א י י ע ר ו ו י ר ק ל י כ ע טאָכטער. איך האָב זי געהייסען געהן צו אייך, ווען איך וועל שטאַרבען און אייך אָפּגעבען אין די הענט דעם בריעף. אויב איהר וועט ניט אָפּשטויסען נעלי'ן דאַן, קען זיין, וועל איך אייך ד אָ ר ט מוחל זיין, און אין טאָג פונ'ם משפט וועל איך מיך אַליין אוועקשטעלען פאַר גאָט'ס שטוהל און בעטען דעם וואָס משפט, ער זאָל אייך פארגעבען אייערע זינד. נעלי ווייסט דעם אינהאַלט פון מיין בריעף; איך האָב איהם פאַר איהר געלעזען; איך האָב איהר ערקלערט א ל ץ, זי ווייסט א ל ץ, א ל ץ...״

נאָר נעלי האָט ניט אויסגעפילט די צוואה: זי האָט געוואוסט

אַלץ, נאָר זי איז ניט געגאַנגען צום קניאַז און זי איז געשטאָרבען אָהן שלום מיט איהם.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען פון נעלי'ס לויה, בין איך מיט נאַטאַשאַ'ן ארויסגעגאַנגען אין גאָרטען. דער טאָג איז געווען א הייסער און האָט געשיינט מיט ליכטיגקייט. אין א וואָך ארום האָבען זיי באַדאַרפט אוועקפאָהרען. נאַטאַשאַ האָט א קוק געטהאָן אויף מיר מיט א לאַנגען, מאָדנעם בליק.

— וואַניאַ, — האָט זי געזאָגט, — וואַניאַ, דאָס איז דאָך געווען א חלום!

— וואָס איז געווען א חלום? — האָב איך געפרעגט.

— אַלץ, אַלץ, — האָט זי געענטפערט, — אַלץ, פאַר דעם גאַנצען יאָהר. וואַניאַ, פאַרוואָס האָב איך צושטערט דיין גליק?

און אין איהרע אויגען האָב איך איבערגעלעזען:

„מיר וואָלטען געקענט זיין אויף אייביג גליקליך צוזאַמען!“

— ע נ ד ע —

# פארלאג מאקס יאנקאוויטש

**179 EAST BROADWAY, NEW YORK, N. Y.**

---

| | | |
|---|---|---|
| **חיים שווים:** | | |
| די גרויסע אידישע געשיכטע 4 בענדער | | 10.00 |
| ליטעראַרישער דעקלאַמאַטאָר און פּאַרלעזער | .30 | .70 |
| ראָבערט אינגערסאָל: טעות'ן פון משה רבנו | .40 | .75 |
| א. שאָפּענהויער: "די חכמה פון לעבען", און אנדערע עסייען | | 2.00 |
| דר. מוזיקאַנט: דאָס נייע אָפּערא בוך מיט 40 אָפּעראָס | | 2.25 |
| ברוך שפינאזא: טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט | | 2.25 |
| טאָמאס פיין: די צייט פון פארשטאַנד | | 2.00 |
| אנאטאל פראנס: דער אויפשטאנד פון די מלאכים | | 2.00 |
| **מ. ארציבאשעוו:** | | |
| סאנין | | 1.50 |
| מיליאָנען | | 1.20 |
| פרויען | | 1.00 |
| דער לעצטער שטריך (אין 2 בענד.) | | 3.50 |
| אָסקאַר ווײַלד: דאָס בילד פון דאָריאן גרעי | | 1.50 |
| לעאָניד אַנדרעיעוו: דער רויטער געלעכטער | | .70 |
| **ראָמען ראָלאַן:** | | |
| שוועסטער נאָנעט און סילוויא | | 1.75 |
| זומער, ראָמאַן אין 3 טיילען | | 2.25 |
| **פ. דאָסטאָיעווסקי:** | | |
| אָרעמע מענשען | | 1.00 |
| ערנידעריגטע און בעליידיגטע (אין 2 בענד) | | 3.00 |
| פארברעכען און שטראַף (אין 2 בענד) | | 3.50 |
| אידיאָט (אין 2 בענד, 1,000 זייטען) | | 5.00 |
| וויקטאָר הוגאָ: דער מענש, וואָס לאַכט אין 2 ב. | | 3.00 |
| אויגוסט סטרינדבערג: דאָס רויטע צימער | | 1.50 |
| פּראָפ. א. פארעל: געשלעכטספראגע. פולשטענדיג אין 2 בענדער | | 4.00 |
| ס. פּשיבישעווסקי: דעם טייוועל'ס קינדער | | 1.50 |
| ווינטשעווסקי: עהרליך צו זיך אליין | | 2.00 |